# נח פּרילוצקיס כתבים

צום אנדענק פון ברודער, [illegible]

דר. א. שטרויסבערג

## באַנד VII.

„נײַער פערלאַג“.

וואַרשע. — 1917

דרוק א. י. האַלטער, נאַוואָליפּיע 20.

# נח פּרילוצקים כּתבים

פאר אנדענק פון ברודער, הלוי

דר. א. שטרויסבערג

## באַנד VII.

„נײַער פערלאַג“.

וואַרשע. — 1917

דרוק א. י. האלטער, נאוואליפיע 20.

נח פּריִלוצקי.

# יִדיִשע דיִאַלעקטאָלאָגיִשע פאָרשונגען.

מאַטעריִאַלען פֿאַר אַ וויִסענשאַפֿטליִכער גראַמאַטיִק און פֿאַר
אַנ׳עטיִמאָלאָגיִש ווערטערבוך פֿון דער ייִדיִשער שפּראַך.

ערשטער באַנד.

# דער יודישער

# קאָנסאָנאַנטיזם

(אין צוויי בענדער)

באַנד I:

די סאָנאָרליטען.

מיט דעם יידישען וואקאליזם גיב איך מיך אפ אין צווייטען באנד [1]) פון מיינע „זאמעלביכער פאר יידישען פאלקלאר, פילאלאגיע און קולטורגעשיכטע“. דעם יידישען קאנסאנאנטיזם האב איך, צוליב דעם אומפאנג פון מאטעריאל, געפונען פאר צוועקמעסיק אויסצושיילען אין א באזונדער ארבעט.

דאס ווערק איז תחלת בארעכענט געווען אף איין באנד פון א 15--29 דרוקבויגען. אין לויף פון דער ארבעט האט עס זיך, אבער, געמוזט צוואקסען. עס וועלען זיין 2 בענדער, צו 35, מינדסטענס, דרוקבויגען יעדער.

איייניקע סבות האבען גורם געווען אזא צוואקסען־זיך.

די ערשטע און די וויכטיקסטע פון זיי איז — דער מאנגעל אין געהעריקע פאראַרבעטען. די יידישע שפראכוויסענשאפט איז, בידוע, נאך נישט איבעריק רייך. דאס, וואס עס איז ביז יעצט אף דעם געביט אויפגעטון געווארען, איז מער נישט, ווי א שוואכע התחלה. נישט ווילענדיק, האב איך געמוזט מאכען עקסקורסען אף פארשידענע פעלדער, וועלכע ליגען שוין אויסער די גרענעצען פון מיין טעמע. שטרענג גענומען, וואלט איך מיך באדארפט באנוגען מיט ריין פאנעטישע פראגען: איז דאך מיין ווערק, ווי שוין דערמאנט, געווידמעט דעם יידישען קאנסאנאנטיזם. אבער אף שריט און טריט האבען איינצעלהייטען — אין פלוק צופעליקע — זיך גענייטיקט אין גענויער דערקלערונג. נישט האבענדיק די מעגליכקייט אפצושיקען דעם לעזער צו געהעריקע ווערק, וווּ מ׳זאל קענען געפינען די געוואונטשטע אינפארמאציעס, — פשוט מחמת אזעלכע ווערק זענען בא אונז נאך נישט בנמצא, — בין איך געצוואונגען געווען צו איגנארירען די עקאנאמיק פון דער ארבעט, די ארכיטעקטאניק פון גאנצען, און אריינע

[1]) אין דער צווייטער העלפט, וואס דארף איבגעבען ארויס פון דרוק. —

מען אִין מײַן בוּך אַזאַ מאַטעריִאַל, פאַר ויעלכען **עס אִיז אִין אִים** דעם אמת געזאָגט, נִישט דאָס אורט.

דערהויפּט אַ סך אַזעלכע עפּיזודִישע שטעלען פִילען **אָן דעם פּ ע ר ד ע ן** נוטִיץ, וועלכער אִיז דער גרעסטער און אויספִירלִיכסטער אִין ערשטען באַנד. — צום בײַשפִּיל, אִין § 92 קומט מִיר אויס צו דערמאַנען דעם סופִיקס „ִין". מִיט אִים קונקורִירט אִין דער יִידִישער שפּראַך דער סופִיקס „ִקע", — און אִיך הוב געהאַלטען פאַר נוצלִיך דאָס אָנצווײַזען. אויך הוב אִיך געפונען פאַר נִישט אִיבערִיק מִיטצוטײלען דעם לעזער, אַז דער דערמאַנטער סופִיקס „ִין" אִיז, אִין זײַן באַשטִימטער פונקציִע, געווען דער אַלײנהערשער אִין די יִידִישע מונדאַרטען אִין דײַטשלאַנד און אִין דער אַלטער יִידִישער שרִיפטשפּראַך. אִיך אִילוסטרִיר דאָס מִיט בײַשפִּילען אויס אַלטע ספרים און אויס אַנדערע קוועלען. — אַזוי ווי דער העברעִישער עלעמענט אִין דער יִידִישער שפּראַך ווערט פון מִיר כסדר צוגעצויגען צו באַטראַכטונג, לוזט זִיך נִישט אויסמײַדען דער אָנווײַז, אַז דער סופִיקס „ִין" הוט בײַ העברעִישע סובסטאַנטִיווען אַ זײער קנאַפּע אָנווענדונג; אִים פאַרטרעט דער סופִיקס „ִטע". אַזויאַרום קומט עס אויס, אַז דער סופִיקס „ִין", מִיט וועלכען אִיך וואָלט געקענט, אײגענטלִיך, פאַרטִיק ווערען אַף אַ זײַטעל, צוויי, — פאַרנעמט בײַ מִיר 22 ז"ז.

אַ סך פּלאַץ אִיז אָפּגעגעבען, אִין אָנמערקונגען אונטער'ן טעקסט, **די ב ִי כ ע ר**, וועלכע כ'דערמאַן אודער ציטִיר. קײן פולשטענדִיקע יִידִישע בִיבליִוגראַפִיע פאַרמאָגען מִיר נוך נִישט, ווי אויך קײן אָנשטענדִיקע לִיטעראַטורגעשִיכטע אִין דער יִידִישער שפּראַך, — פאַררופענדִיק זִיך אַף אַ ספר, וואָס אִיז דעם יִידִישען פובלִיקום ווײנִיק באַקאַנט, אודער לגמרי פרעמד, געפִין אִיך נִישט פאַר מעגלִיך, נִישט צו ברענגען כאָטש די אַלגעמײנע ידיעות וועגען אִים, דעם גאַנצען טִיטעלבלאַט וכ'. אִין אײנִיקע ערטער זענען די **צ ִי ט אַ ט ע ן** אפשר צו לאַנג: דאָס שטרעב אִיך אַרײַנצופִירען דעם לעזער אִין דעם גײַסט און אִין דעם בוי פון דער אַלטער יִידִישער שפּראַך.

כמעט אַף יעדען זײַטעל קומט מִיר אַזוי אויס צו באַרִירען פאַרשִידענע „זײַטִיקע" פראַגען. — **די ה ו י פ ט ע פ ּ י ו ד ע ן באַהאַנדלען** VI.

פֿונעטישע טעמעס, — זענען, אָבער, דורכגעפֿלאָכטען מיט עפּיזאָדישע
באַמערקונגען, וואָס גייען שוין אַריין אין קרייז פֿון דער יִדישער
וואָרטפֿאָרשונג, וואָרטבילדונג, פֿלעקסיע, סינטאַקס,
א. אַ. וו., אייניקע פֿון די דאָזיקע באַמערקונגען בילדען אַליין־פֿאַר־זיך
קליינע עטיודען. זעי, למשל, די §§ 93 און 94; די אָנמערקונג
אין טעקסט צו § 95; די אָנמערקונגען אין טעקסט צו § 102; די
ז״ז 145 — 149; די אָנמערקונגען אין טעקסט צו §§ 111, 112,
113, 114, 115, א. אַ. וו., א. אַ. וו., — ס'געפֿינען זיך דורט,
ווי אויך אין די אָנמערקונגען אונטער'ן טעקסט, צוואָרפֿען אַ סך
באָבאַכטונגען פֿאַר אַלע טיילען פֿון דער יִדישער גראַמאַטיק, מאַ־
טעריאַלען פֿאַר אַן'עטימאָלאָגיש וועטערבוך פֿון דער יִדישער שפּראַך,
פֿאַר אַ יִדיש דיאַלעקטאָלאָגיש ווערטערבוך, פֿאַר דער יִדישער ביבּ־
ליאָגראַפֿיע וכ׳. אַן'איבּערזיכט פֿון די אַלע מאַטעריאַלען וועט געגעבּען
ווערען אין די אויספֿירליכע רעגיסטערס.

וואָלטען מיר געהאַט, ווי די אומות־העולם, ספּעציעלע
פּעריאָדישע אויסגאַבּען פֿאַר שפּראַכוויסענשאַפֿט און
ליטעראַטורגעשיכטע, וואָלט אַ גרויסער טייל פֿון דעם מאַטע־
ריאַל, וואָס איז אַריינגענומען געוואָרען אין מיין ווערק, געקענט דאָרט
געפֿינען אַן'אָרט אין דער פֿאָרם פֿון זעלבּסטשטענדיקע עטיודען. דאָס
איז דורך דער געוויינליכער וועג אויסצונוצען דעם רייכען מאַטעריאַל,
וואָס זאַמעלט זיך אָן בּאַם פֿאָרשער בשעת דער אַרבּעט איבּער אַ
בּאַשטימטער גרעסערער טעמע. אין צענדליגער גרעסערע און קלע־
נערע עטיודען און נאָטיצען ווערט דער „זייטיקער״ רויער מאַטעריאַל
געריפֿירט, קאָאָרדינירט, סיסטעמאַטיזירט און בּאַלויכטען; אַזוי אַנטשטייען
די פֿאָר־אַרבּעטען, אַף וועלכע די מחברים פֿון אַלגעמיינערע ווערק
קענען זיך בּלויז פֿאַררופֿען, נישט בּרויכענדיק אויספֿירליכער זיך אָפּ־
צושטעלען אַף זיי, נישט זייענדיק געצוואונגען זייערע אייגענע ווערק
איבּערצולאָדען מיט עקסקורסען פֿון ספּעציעלישער נאַטור און מיט
ציפֿיל בּיישפּילען און ציטאַטען. — בּאַ אונז פֿעלט דער וועג, און,
נישט וויסענדיק, ווען אַזאַ מעגליכקייט קען אַמאָל קומען, איז אַבּיסעל
געפֿערליך צו לאָזען די אָנגעזאַמעלטע מאַטעריאַלען ליגען אין שופּ־

לאָד. אַנדערש איז, אַז דו באַאַרבעטסט אַ טעמע — מעג זי זײַן ווי קלײן, ווי ספּעציעליש, ווי עפּיזאָדיש, — ווען עס איז נאָך פריש דער אײַנדרוק פון דער קוועלע, פון וועלכער דער מאַטעריאַל איז גענומען, פון דער באַריהרונג מיט'ן פאָלקסמונד אָדער מיט'ן בוך, ווען ס'איז נאָך פריש די גײַסטיקע אַרבעט, וואָס די אײַנדרוקען האָבען אַרויסגערופען, דער געדאַנקענגאַנג, וואָס האָט געבראַכט צו דער פאַראַלגעמײנערונג פון געוויסע באַאָבאַכטונגען, צו דער אינדוקציע אָדער דעדוקציע, צו דער פעסטשטעלונג פון אַ געוויסען כלל א. אַ. וו. גאָר אַנדערש, ווידער, אַז נעמסט דעמזעלביקען מאַטעריאַל אין האַנט אַרײַן אין אַ צײַט אַרום, ווען די אומיטעלבאַרישקײט פון דער אַנטפינדונג און אויפפאַסונג איז שוין אָפּגעריבען, ווען אַ סך דעטאַלען זענען פאַרגעסען געוואָרען. און בײַ אַרבעט איבער אַ שפּראַך, ווען דו ליבסט די שפּראַך און ליבסט די אַרבעט איבער איר, שטעקט דאָך אַזויפיל — אַזויפיל באַגײַסטערונג, פרייד און שאַפונגספעיקײט — גראָד אין דער לעבעדיקער אַנטפינדונג און אויפפאַסונג, אין דעם אומיטעלבאַרישען אײַנדרוק פון די דעטאַלען און ניואַנסען. — די זאַמלונג פון באַאָבאַכטונגען וואַקסט. קײן אויסזיכט אַף יידישע פילאָלאָגישע צײַטשריפטען איז אַ קנאַפּע, אויף פאַרלעגערס — נאָך אַ קלענערע. דערבײַ איז מען נישט נור פילאָלאָג. מ'האָט גענוג אויסער דעם צו טון. דער מאַטעריאַל קען אַמאָל טאַקי פאַרבלײַבען אין שופלאָד...

איך האָב מיך גרײט געמאַכט אַקעגענצוגײן דעם פאָרוואורף פון צוווורפענקײט, און האָב פון פערדען עטיוד אָן אָנגעהויבען אָפּצוגעבען מער פלאַץ פאַר די פאַרשידענסטע אויבען שוין כאַראַקטעריזירטע „זײַטיקע" מאַטעריאַלען. נאַטירליך, בין איך דערבײַ געווען דוך שטאַרק געבונדען, נישט געקענט דאָס עפּיזאָדישע באַהאַנדלען מיט דער געהעריקער פרײַהײַט און ברײטקײט. אײניקע זאַכען זענען אַרויסגעקומען צו קורץ, אַנדערע — בלויז אָנגעטײַט. אָבער צום אויסדרוק זענען זײ געבראַכט, און ס'איז אָנגעצײכענט געוואָרען אַ גאַנצע רײ טעמעס פאַר זעלבסטשטענדיקע אַרבעטען.

די אַרכיטעקטאָניק פון בוך וואָלט געקענט פאַרהיט ווערען, ווען די אַלע עפּיזאָדישע מאָמענטען וואָלטען איבערגעטראָגען געוואָרען אַלס

הוספות נאָכ'ן גאַנצען הויפּטטעקסט. אָבער דאָס איז אויך אומעגליך געווען, טיילווייז צוליב דיזאַייגענע סבות, צוליב וועלכע ס'איז שווער געווען איבער־צולוזען דעם מאַטעריאַל פאַר באַזונדערע אַרבעטען.

איבערהויפּט וואָלט אפשר ראַטזאַם געווען צו אַרבעטען איבער דעם בוך אַ פּאָר יאָר לענגער, כדי עס זאָל אַרויסקומען טעכניש פּאָלקאָמענער, אַזוי ווי עס ווערען אַרויסגעגעבען וויסענשאַפטליכע ווערק בּאַ די אומות־העולם. אָבער, ווי שוין דערמאָנט, זענען בּאַ אונז די אָביעקטיווע, ווי די סוביעקטיווע פאַרהעלטענישען גאָר אַנדערע. די פילאָלאָגישע פאָרשונגען זענען אַ געליבּט ווינקעל אין מיין אינערליך לעבען, אָבער אויסער דעם בין איך דאָך פאַרנומען מיט פּראָפעסיאָנעלישער טעטיקייט, אַלס אַדוואָקאַט און זשורנאַליסט, ווי אויך מיט דער געזעלשאַפטליכער און פּאָליטישער אַרבעט. אין אַזעלכע אומשטענדען איז אַביסעל שווער אָפּצולייגען אַנ'אַרבעט: קענסט דאָך נישט אין דער נאָנטער צוקונפט רעכענען אַף מער פרייע צייט. דערצו נאָך האָב איך גלאַט גענוג מאַטעריאַל פאַר אַנדערע אַרבעטען אַפ'ן געביט פון דער יידישער שפּראַכוויסענשאַפט.

ס'קומט נאָך צו דער פאָלגענדיקער מאָטיוו: אין מיטען פון פּאָליטישען קאַמפּ פאַר דער יידישער שפּראַך און פאַר אירע רעכט, — אַ קאַמפּ, וואָס מוז געפירט ווערען נישט בלויז אַקעגען דרויסען, נאָר אויך אַקעגען אינווייניק, — מוז מען האָבען אויך וויסענשאַפטליכען מאַטעריאַל, אַף וועלכען מ'זאָל זיך קענען שטיצען. דאָס דערשיינען פון אַ ספּעציעליש ווערק איבער דער יידישער שפּראַך אין אַזאַ מאָמענט קען, מיין איך, האָבען אַ געוויסע פּאָליטיש־פּסיכאָלאָגישע באַטייטונג.

... נאָך אַ שטיקעל התנצלות: אַ ווערק אַפ'ן געביט פון דער יידישער שפּראַכפאָרשונג קען נישט באַטראַכט ווערען פאַר פאָלקאָמען, ווען עס ווערען אין אים נישט צוגעצויגען מיט ברייטער האַנט, צום פאַרגלייך, די מונדאַרטען פון דער דייטשישער שפּראַך. אַזאַ פאַרגלייך קען מיטהעלפען צו דערקלערען אַ סך דערשיינונגען אין דער מאָדערנער יידישער שפּראַך; ער קען אויך געבען דעם שליסעל צו איר היסטאָרישען עבר. ווי ווייט עס האָט זיך געלוזט, האָב איך דעם פאַרגלייך

דורכֿגעפֿירט. אוֹבֿער, צום באַדויערן, הוט מיר געפֿעלט די גערעריקע ליטעראַטור. די וואַרשעווער ביבֿליוטעקען הובֿען גאָרנישט אַפּ'ן געביט פֿון דער גערמאַניסטיק. אַלץ אַראָפּצוברענגען אַפֿ אייגענעם חשבֿון פֿון דייטשלאַנד, איז פֿאַר אַ יחיד נישט פֿון די גרינגע אויפֿגאָבֿען. דערצו זענען אַ סך ווערק אַ ביבֿליוגראַפֿיש זעלטענקייט, און עס איז זיי פֿאַר קיין געלט נישט צו קריגען. אין דער הינזיכֿט וועט מיין בוך מוזען דערגאַנצט ווערען אַפֿ אַנ'אַנדער אורט.

בכלל קוק איך אַפֿ מיין ווערק ווי אַפֿ אַ פֿוֹראַרבעט. איך הוב דעריבער בכיון אויסגעקליבען די פֿרייע פֿורם פֿון זעלבסטשטענדיקע עטיודען וועגען איטליכֿען לויט באַזונדער. אַ סיסטעמאַטישער קורס וואָלט געפֿודערט אַנ'אַלגעמיינעם טייל וועגען ייִדישען קונסונאַנטיזם בכלל, אַלס אַריינפֿיר אין די באַהאַנדלונג פֿון די איינצעלנע לויטען. דאָס עפּיזודישע וואָלט שוין געמוזט אומבאַדינגט באַזייטיגט ווערען. איך הוב מיר געזאָגט: זול דאָס בוך אַרויס פֿון דרוק אין דער פֿורם, וועלכֿע כ'הוב אים געגעבען; זולען אָפּגעדרוקט ווערען אויך די איבעריקע אַרבעטען מיינע איבער'ן ייִדישען ווקאַליזם וכ', — דעמאָלט ערשט וועט זיין די צייט, אַפּ'ן סמך פֿון די אַלע פֿוראַרבעטען, אויפֿצושטעלען אַ קורץ געפאַסטע סכֿעמע פֿון דער ייִדישער פֿונעטיק. די עפּיזודישע עטיודלעך און באַמערקונגען, ווידער, דאַרפֿען געבען אַ אָנהאַנג פֿאַר זעלבסטשטענדיקע אַרבעטען. אפֿשר וועל איך טאַקי אַליין נאָך קענען אַרויסגעבען אַ סיסטעמאַטישען קורס פֿון דער ייִדישער וואָרטבילדונג און פֿלעקסיע...

... דער ייִדישער קונסונאַנטיזם וועט, ווי געזאָגט, פֿאַרנעמען צוויי בענדער: אין ערשטען גיב איך מיך אָפּ מיט די סונאָרלויטען; די גערוישלויטען וועלען זיין טעמע פֿון צווייטען באַנד.

איך הוב אפילו גערעכֿענט צו קענען ביז נייאָר 1917 אַרויסגעבען דעם גאַנצען ערשטען באַנד, נור איבער טעכֿנישע שוועריקייטען איז דאָס זעצען צוגעגאַנגען זייער פּאַמעלעך. יוני 1916 איז עס אינגאַנצען אָפּגעשטעלט געוואָרען צוליב מיין אָנטייל אין וואַלקאַמפּ צום וואַרשעווער שטאָדטראַט. יעצט הוב איך באַשלוסען אַרויסצוגע-

בען לעת־עתה דאָס, וואָס איז שוין אָפּגעזעצט. ס׳איז בלויז אַ העלפֿט פֿון באַנד, נור זאָל זי נישט ליגען אין מאַטריצען — יעצט, אין מיטען קאַמפּ פֿאַר יידיש. — דאָס בוך לויט זיך אויס אָף ז׳ 268, אין מיטען אַ זאַץ. די צווייטע העלפֿט, וועלכע כ׳גיב יעצט איבער צום זעצען, וועט זיך אָנהייבען פֿון ז׳ 269: צונויפֿליינענדיק די צוויי העלפֿטען, וועט מען האָבען איין בוך. די צווייטע העלפֿט וועט דאַ־ בען צים סוף אַ נאָכוואָרט, אויספֿירליכע רעגיסטערס און אַ אינ־ האַלט־ צעטעל צום גאַנצען באַנד.

---

וועגען דער אַלגעמיינער אויסלייגונג אין דעם באַנד, זעה דאָס פֿאָרוואָרט צו דער ערשטער העלפֿט פֿון צווייטען באַנד פֿון מיינע „זאַמעלביכער פֿאַר יידישען פֿאָלקלאָר, פֿילאָלאָגיע און קולטורגעשיכטע״.

צו דער טראַנסקריפּציע פֿון דעם דיאַלעקטאָלאָגישען מאַטעריאַל: אַ = a; אָ = o; אָ (וועגנטוועל ו) = u; ע = e; י = i. וואָקאַללענג ווערט באַצייכענט מיט אַ דעכעל אָדער מיט אַ פּאַסיקעל (איבער דעם אות); איבערלענג ווערט אויסגעדרוקט דורך פֿאַרטאָפּלונג פֿון וואָקאַל, מיט אַ זרקא (איבערין וואָקאַל) באַצייכען איך נאַזאַלירונג. —

---

אַ צעטעל פֿון די ביכער, וועלכע כ׳דערמאַן אָדער ציטיר אין דעם ווערק, וועל איך געבען צווישען די רעגיסטערס. דאָ וועל איך לעת־עתה אָנווייזען בלויז יענע, וועלכע איך רוף אָן נור מיט אַ קירצען נאָמען. אַלזאָ:

1) „ליפשיץ״ באַטייט: „יודעש־רוסישער ווערטער בוך פֿון י. מ. ליפשיץ. בדפוס ה״ר י. מ. באַקשט. זיטאָמיר. 1876״. 222 ז״ז 8°.

ס׳איז דאָס וויכטיקסטע ווערק אַפֿ׳ן געביט פֿון דער יידישער לעקסיקאָגראַפֿיע.

ס׳פֿעלט אין דעם אַ סך. באַ די סובסטאַנטיוועז איז נישט אָנגעוויזען דאָס געשלעכט, די פֿאָרם פֿון פלוראַל; באַ די ווערבען — צו וועלכער קאָניוגאַציע זיי געהערען. ליפשיץ איז קאַרג אָף ברענגען די פֿעמינינא צו נאָמינא אַגענטיס. ער רעגיסטרירט לגמרי נישט קיין אייגען־נעמען.

אָבער אִים אַלגעמײַן אִיז זײַן ווערטערבוּך אַ מערקווירדיקער דיִאַלעקטאָלאָגִישער דענקמאָל: אִין דעם ווערק אִיז כמעט אויסגעשעפּט דער לעקסִישער אוצר פֿוּן דעם דרום-רוּסלענדִישען יִידִיש (אִין וואָלִינער-קִיעווער קאַנט).

ליִפשִיץ הוֹט אָהן אַ ספק פֿאַרמאָגט אַ נִישט מִיטעלמעסִיקען פִילאָלאָגִישען חוש. ער אִיז געבוירען געוואָרען צוּ פֿרִי און הוֹט געלעבט אִין שווערע פערזענלִיכע אוּמשטענדען, אַזוֹי אַז ער הוֹט זײַנע פעִיקײַטען נִישט געקענט ווִי געהערִיק אַנטוויקלען און ברענגען צוּם פֿוּלען אויסדרוּק. אִין אִים אִיז אָפגעשטאָרבען אַ קראַפֿט, וואָס הוֹט געקענט נִישט ווײַנִיק אויפטוּן פֿאַר דער יִידִישער שפּראַכפֿאָרשוּנג.

נוּר אַ וואָלִינער קען אָפשאַצען דאָס גענויִקײַט, מִיט וועלכען ליִפשִיץ הוֹט אִיבערגעגעבען דִי וואָקאַבלען פֿוּן זײַן מוּטערשפּראַך. אִין מײַן ווערק קוּמט מִיר אויס אִים צוּ צִיטִירען כמעט אִין יעדען פּאַראַגראַף. פֿוּן דִי בײַשפִּילען, וואָס כ'נעם בײַ ליִפשִיצען, קען מען זִיך אִיבערצײַגען, ווִי פֿײַן ער הוֹט אוּנטערשײַדט פֿאַרשִידענע פֿאָנעטִישע דערשײַנוּנגען.

ער הוֹט אִין זײַן לעקסִיקאָן אָפגעשײַדט דוּרך באַזוּנדערע צײַכענס דעם דרום-רוּסלענדִישען u (=לִיטווִישען o) פֿוּן אוּנִיווערסאַלִישען קוּרצען o; דעם לאַנגען i פֿוּן קוּרצען. ער הוֹט אוּנטערשײַדט צווִישען דִי סאָנאַנטִישע n, l און דִי קאָנסאָנאַנטִישע, א. אַ. וו..

דערהויפּט אִיז צוּ שעצען דאָס, וואָס ער הוֹט דִי פֿרעמדווערטער פֿוּן דער יִידִישער שפּראַך — דִי סלאַווִישע און אַנדערע — פֿאַרצײַכענט טאַקי אַזוֹי, ווִי מ'רעדט זײ אַרוּם אִין וואָלִינער-קִיעווער קאַנט. אַלע פֿאָלקסעטִימאָלאָגִיעס זענען פֿוּן אִים טרײַ טראַנסקריבִירט. ער הוֹט געקענט רוּסִיש און דײַטש, הוֹט זִיך, אָבער, געהִיטען צוּ ברענגען דִי דערמאַנטע פֿרעמדווערטער אִין זײער אוּרשפּרִינגלִיכער פֿאָרם. ער הוֹט נאָטִירט דאָס יִידִישע געשטאַלט.

דִי עטלִיכע ווערטער פֿוּן אָנערקענוּנג געפִֿין אִיך פאַר נײטִיק צוּ ווִידמען אַף דעם אָרט ליִפשִיצען, וואָס אִיז באַם לעבען נִישט אָפגעשאַצט געוואָרען ווִי ס'דאַרף צוּ זײַן. —

2) „הוּרוויִץ“ = „ספר המלים וְשַׁארְגָאנִי-עִבְרִי. יוּדִישֶׁער לָשׁוֹן-קֹדֶשֶׁער וֶוערְטֶער-בּוּךְ. חֻבַּר ע"י דוד הלוי ברש"ש ז"ל איש הוּרוויץ. הוצאה שלישית. אדעססא. בדפוס אבא דוכנא“. 1903, 112 ז"ז, $8^0$.

דער מחבר הוֹט אִין זײַן ווערק געלײגט אַבט דערעִיקרשט אַף דִי העברעִישע אִיבערזעצוּנג, — ווִי ער אַלײן שרײַבט אִין דער לשון-קודשער הקדמה: „אנכי לא באתי לפרש את השפה הזשארגאנית ע"י העברית, ולא דקדוק השפה הזשארגאנית הוא העיקר אצלי, כי רק לכלי שרת לקחתיה הלום, לתת על ידה מושג נכון ואמתי למלה העברית העומדת נכחה“.

אִין דער יִידִישער „פֿאָרְרֶעדֶע“ לײנען מִיר, צווִישען אַנדערעס: „דער זשארגאָן איז זייער פֿערשידען אין פֿיעל ערטער, אפילו אין רוּסלאַנד אַלליין רעדען ניט אַללע גלייך. אַז ם' קוּמען זיך צוּנויף אַ וואַרשעווער מיט אַ חערסאָנער, אַ קיעווער אָדער פּאָלטאַווער וכדומה, פערשטייען זיי זיך גאָר ניט אייגער דעם אַנדערען, למשל: אַז איינער פֿוּן מאַלאָ-רוּססיע,

אדער אוקריינע קומט קיין ווארשא אונ הערט זאָגען רושאַנצע. סטרוזש,
רעוועראָווע אדער וואַרעט, וכדומה, ווייסט ער ניט צו אין דאס אַזעלבע
מענשען, צו היות, אדער ווארשעווער נאשערייא. דאסגלייכען אַז אַ ווארשעווער קומט אין אוקריינע אונ הערט זאָגען: אָבאָד, האַנטשירקע, האָ-
נימשע קען ער מיינען אַז עס איז אזעלכע מאכלים, איך וואָלט געקאָנט
געבען דא זייער פיהל ביישפיהלען עס וואָלט אפילו זייער ליאָבאָפּיטנע
(ליעב) געווען צו לעזען נאר ניט דא איז דאס ארט דער פון. דער לע-
זער וועט שוין אַליין בעגעגענען אין סלאָוואַר אַזעלכע ווערטער וואס ער
האט ניט געהערט ציוט ער לעבט, ער דאַרף אָבער וויסען אַז אין אַנדערע
ערטער רעדט מען אַזוי אונ מען מוז דאָס וואָרט האָבען אין סלאוואר, כדי
ער זאָל זיין אַ דָּבָר הַשָּׁוֶה לְכָל נֶפֶשׁ, — אין דעם מוזען מיר אָבער מודה
זיין אַז מיר קענען זיך ניט אָבנאַרען אונ מיינען אַז מיר האָבען מאַקע
אַלע ווערטער פון אַלע פערשידנע לענדער געשטעללט, מיר זאָלען אַזוי
ווילען טאָהן וואָלטען מיר גאדארפט אויספאָרען אַלע לענדער, אונ אין
יעדער לאַנד זיך פערזאַמען פיהל צייט אונ זיך בעקענען מיט זייערע אויס-
שראך, זייערע אויסדרוק וכדומה, נאר עס וואלט אָבער משותלח'ס יאָה-
רען אויך וויניג געווען דערויף. לכן מאָמער וועט אימעצער זוכען אַ
וואָרט אונ ווערט ניט געפינען זאָל ער קיין פעראיבעל ניט האָבען, ער זאָל
געדיינקען דיא הייליגע ווערטער: „אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו"...

פאַר'ן יידישען דיאַלעקטפּורשער איז דאָס ווערטערבוך ניט אָהן גע-
וויסע נוצען[1]. —

---

1) וועגען דער אורטוגראַפיע אין דעם ווערטערבוך זאָגט דער מחבר אַליין:
„דאָס אויסלייגען פון זשאַרגאָן איז זייער פערשידען אונ פיהל פערענדערט אין
אַלע לענדער, אונ יוצא זיין נאָך אַלע דעות איז אונמעגליך אַלזאָ האָבען מיר
אָנגענומען דיא קלוגע עצה פון הח' „הנ"ץ" (דער רעדאַקטער פונעם הויזפריינד
אין ווארשא) אַז מיר זאָלען דעם זשארגאָן אַריין נעמען אין ראַמ-
קעס נאָך דיא כללים פון דער דייטשער שפראַכע וועלען שוין
אַלע גרינגער פערשטיין".

די „קלוגע עצה" הוט הירץ נאָמאַנאָוויטץ (המכונה הנ"ץ) געגע-
בען דוד הורוויץ אין אַ בריף, וועלכער איז אָפּגעדרוקט באַלד אין אָנהייב
פון דעם ווערטערבוך. מיר לייענען דורט: ... „השפה הזשארגאנית היא היא השפה
האשכנזית אך באורך הגלות נשחת תוארה, פנה זיוה, פנה הודה, פנה הדרה, עד
כי היתה למשל ולשנינה בפי חכמי הלשון, ורוב משכילי עמנו יבזוה וישליכוה
כנצר נתעב וכבלויי סחבות. אך משום הא לא איריא שאין לנו צורך בה, כי סוף
סוף רבבות אלפי ישראל משתמשים בה, וסופרים רבים כותבים בה ספריהם להמון
העם, א"כ תכון לנו השפה הזאת כבית-יד וכלי-שרת ללמד בה תועים בינה, שפות
אחרות והכמות נחוצות, כי אין להמון העם כלי-שרת אחרים, בהיות כל דבר
הנכתב בשפה אחרת ספר החתום הוא לו. אך יען אשר השפה הזאת יסדה בשפת
אשכנז, ע"כ נחוץ לנקות חלאתה כיד היכולת ולהחזיר עטרה
ליושנה, כלומר: להתאמין להטות כל מלה למקור מחצבתה,
במבטאה וביושר הכתיבה. למשל, ההוספות: „פאר" נשחתה בזשארגאן
תמורת ההברה האשכנזית „פער" ולכן תשיב למלות ההן תפארתן אשר לקחה מהן

3) „האַרקאַווי“ = „יידיש-ענגלישעס ווערטערבוך פון אלכסנדר הארקאווי. זעקסטע אויפלאַגע, פערבעסערט אונד פערגרעסערט. ניו יאָרק: היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני. ה׳ תר״ע“.

האַרקאַווי גיט-אָן דאָס געשלעכט פון די הויפטווערטער און וויַזט-אָן דעם פלוראַל. דאָס איז אַ מעלה.

אובער אים אַלגעמיין דאַרף מען זיך מיט דעם לעקסיקון באַגיין זייער פאָרזיכטיק. די אויסלייגונג איז מער פאַרדײַטשט, ווי אונזער ליטעראַרישע אורטוגראַפיע. גענוג צו זאָגען, אַז האַרקאַווי שרײַבט: „העראָב-, הערויס-, הערויף-, הערום-, הערונטער-, הערײַנ-“, — אָנשטאָט די ריכטיק-יידישע „אַראָפּ-, אַרויס-, אַרויפ-, אַרומ-, אַרונטער-, אַרײַנ-“. אויסער דעם זענען אין ווערטערבוך אַרײַנגענומען צו פיל ריין-דײַטשישע ווערטער 1).

דוך איז עס אויך כולל אַסך דיאַלעקטולוגישען מאַטעריאַל. —

4) „דרייזין“ =

„ПОЛНЫЙ РУССКО-НОВОЕВРЕЙСКІЙ СЛОВАРЬ съ прибавленіемъ иностранныхъ словъ, вошедшихъ въ составъ русской рѣчи, составилъ І. Дрейзинъ. Пятое исправленное и дополненное изданіе. Изданіе и собственность Н. Г. Закса. — Варшава. Въ Типографіи М. Алапинъ, Налевки 47. 1913 г.“ (ז״ז 832, 8⁰).

נאָכ׳ן טיטעלבלאַט, אַף אַ בעזונדער זײַטעל, — „איינע קליינע פאָררעדע“, אונטערגעשריבען: „דער הערויסגעבער“ און דאַטירט: „ווארשא חדש כסליו תרמ״ז“ (ד. ה. 1886). מיר לייענען דורט: „דער מחבר האט

---

ותכתוב „פערגעסען“, „פערברענען“ ולא „פאר געסען“ „פאר ברע ען“ וכדומה“...

די אויסלייגונג איז אין דעם ווערטערבוך טאַקי נישט פויגעלדיק. —

1) אין פאָרוואָרט דערציילט האַרקאַווי, „וויא אַזוי דיא אַרבייט איז צוגעגאַנגען“: „יידיש איז אַ צוזאַמענגעשטעלטע שפראַך; זיא בעשטעהט פון פערשיעדענע יסודות; איהרע הויפט יסודות זיינען גערמאניש (דייטש), סלאַוויש (רוסיש, פויליש) און סעמיטיש (העברעאיש, כאַלדעאיש). אום צו זאַמלען דיא ווערטער פון דער יידישער שפראַך האָט זיך דעריבער דער פערפאַסער געווענדעט צו דיא לעקסיקאָנען פון דיא גערמאַנישע, סלאַווישע און סעמיטישע שפראַכען און האָט פון זיי הערויסגעצויגען יענע ווערטער, וועלכע ווערען אין איהר בענוצט; אַחוץ דעם האָט ער שטענדיג געהאַלטען אין פערצייכענען אונגעוועהנליכע יידישע ווערטער, וועלכע זיינען איהם הערויף אויפ׳ן זכרון, אָדער וועלכע ער האָט געהערט אין געשפרעך און געטראָפען אין שריפטען און ביכער“.

דער ערשטער שריט — דאָס ווענדען זיך צו די לעקסיקאָנען פון די פרעמדע שפראַכען — איז געווען אַ פאַלשער, און, הגם דער מחבר הוט געוווּסט, אַז „ניט אַלע ווערטער האָבען אין יידיש דיא זעלביגע פאָרמען..., וויא זיי האָבען אין דיא שפראַכען, פון וועלכע זיי נעהמען זיך“, — איז ער פורט נכשל געוואָרען — אַרײַנגעפירט אין פרעמדע פאָרמען אין איבעריקע פרעמדווערטער. —

קיין הקדמה געשריבען צו זיין ווערטערבוך, דענן אין אמת ברויכט מען
צו א ווערטערבוך קיין הקדמה, אזוי וויא מען ברויכט ניט א הסכמה, נאר
דער הערויסגעבער האלט עס ניט פאר איבריג צו געבען דעם פובליקום
איינינע אנמערקונגען, וואס אין דיעזעס ווערטערבוך איז פערבעסערט אונ
פערמעהרט געווארען געגען אנדערע ווערטערביכער, אונד אויס דיעזען
אנמערקונגען קאנן מען זעהן, דאס דיעזעס ווערטערבוך איזט פאלשטענ-
דיג". — די דריטע פון די 4 אנמערקונגען: „דיא איבערזעצונג אין
יודישער שפראכע איזט בעצייכענט נאך דעם ליטווי-
שען דיאלעקט (אויסשפראכע) אונד נאך דעם וואהלינער
דיאלעקט, דאמיט עס זאל פערשטענדליך זיין פיר יעדע געגענד, נאך
זייער אויסשפראכע".

דאס ווערטערבוך הוט גישט קיין וויסענשאפטליכע ווערט. אלס
מאטעריאלקוועלע פאר שפראכפארשונג קען עס אובער נוצליך זיין. —

5) „גולומב" — „צבי ניסן גאלאמב. מלים בלשוני
העבּרעאיש-אידישעס ווערטער-בוך פון העברעאישע ווער-
טער, איסדריקע און תורה-ווערטער, וועלכע ווערען בענוצט אין אי-
דישען געשפרעך און אין איהר ליטעראטור, צום סוף קומט גאנצע תלמודישע
זאגען, וועלכע ווערין בענוצט אלס שפריכווערטער, אונטער דעם נאמען:
פתגמי אורייתא אויסגאבע פון א. יאווארקאווסקי. ווילנא — עת"ר,
דרוקעריי פון דער געזעלשאפט „דרוק און פערלאג". זאוואלנע גאס נומר 21"
(ז"ז 400 + 48; $8^{0}$).

אף ז"ז 7 — 13: „הקדמה פארווארט איבער די נוטצליכקייט
און ווי זיך צו בענוטצען מיט דיעזען ווערטער-בוך". מיר לייגען דורט
באלד אין אנהייב: „די נוטצליכקייט פאן אזא ווערק אלס „ווערטער-בוך"
איז גענוג בעוואוסט פיר יעדען איינצעלנעם, דאס עס גיט אין אלע שפרא-
כען און אויך פיר אלע קלאסען און פאר יעדען געגענשטאנד בעזאנדער,
סאי פאר די אייגענע שפראכע, אין וועלכע שפראך עס ווערט פערפאסט,
סאי פרעמדע ווערטער-ביכער, און ווען מען ברויכט דאס פיר אלע אנדערע
שפראכען, ברויכט מען דאס נאך מעהר אין זשארגאן פאר די פיעלע העב-
רעאישע ווערטער איהרע צוליעב זייער דיקטאנט וואס נעהמען ניט אן קיין
ענדערונג און דער צו, צוליעב איהרע קורצקייט וואס זי איז אויסגעקינ-
צעלט דורך די בעדינגונגס בוכשטאבען (ווי עס ווערט ווייטער ערקלערט)
איז זי צוליעב דעם זייער מקפיד אויף איהר בעזאנדערע אויסנאהמע אר-
טאגראפיע (דאס ריכטיגען אויסלייגען אין שרייבען), וואס יעדער קליינע
אומענדערונג אדער פעהלער גיט אריין אין הארט איין אנדער זינן אדער
עס מאכט איהם גאר אונפערשטענדליך און לעכערליך ביי דעם מבין; און
אויסער די פיעלע איינצעלנע העבּרעאישע ווערטער וואס ווערען געברויכט
אין זשארגאנישען געשפרעך — קומען פאר אויך זייער פיעלע גאנצע אויס-
דריקע און פראזען, גאנצע פסוקים פון תנ"ך און תלמודישע שפראך-ווערטער
און ציטאטען וועלכע עס ווערען אויסגעדריקט אין געשפרעך ביי לומדים
„יודעי ספר" — זאגט דאס נאך דער המון מיט פיעלע פעהלערן און ניט צו דער

צײַט וואו עס פּאַסט, אַזוי קאַפּויר דאָס דער „בַּר אוֹרְיָן" ווערט פּשוּט מְבוּלְבָּל הערענדיג, כִּיָדוּעַ. אָבער ווי זיי האָבען דאָס אַלעס דאָ געדרוקט שוואַרץ אויף ווײַס, געפּונקטירט (מיט נקודות) און מיט אַ ריכטיגען איבערזעצונג, וועט שוין יעדערער שרײַבען ריכטיג יעדען וואָרט און נאָך זאָגען אין אַ ריכטיגען זינן און צום געהעריגען אָרט וואו עס פּאַסט, עס זאָל ניט זײַן קײַן הוּכָא וְאִטְלוּלָא, דערצו איז עס נאָך רײַכליך בעזאָרגט מיט דיזע מעלות, אַלע העברעאישע ווערטער, ביבלישע און תלמודישע זײַנען אין איהם צוזאַמענגעשטעלט נאָך דעם סדר פון אַלף־בית; יעדער פון זיי אין וועלכע פאָרמע ער קומט, סײַ אין לשון יחיד סײַ אין לשון רבים, ווען ער איז אַפילו ניט אײַנגעפיהרט אין רײדען, צב"ש: פון שֻׁלְחָן — שֻׁלְחָנוֹת, פון סַכִּין — סַכִּינִים, און דאָס גלײַכען. אַנדערע זײַנען אײַנגעפיהרט צום רײדען אויך אין לשון רבים, ווי בֶּגֶד — בְּגָדִים, בְּהֵמָה — בְּהֵמוֹת א. ד. ג. אויך אײַנגעפיהרטע ווײַבליך אײנצעלנע און מעהר צאָהל, אָבער איבערגעזעצט איז מעהר ניט דער יחיד, דער רבים איז שוין זעלבסט פערשטענדליך, אָבער אָנגעוויזען זײַנען בײדערלײ מיט זײערע קוועלען (מראה מקומות) פון וואַנען זיי שטאַמען אין דער ביבלישע אָדער אין דער תלמודישע ליטעראַטור (אָפט פון בײדע צוזאַמען) אויך פון רבי׳נערשען ליטעראַטור אָדער פיוטים (וואָס דאָס אויפצווײַזען אײנצעלנע ווערטער איז פיעל שווערער פאַר גאַנצע זאַגען), אָדער סתם ווערטער וואָס האָבען קײַן קאָמפּעטענטע קוועלע וואָס דאָס פאָלק האָט אײַנגעפיהרט אין געשפּרעך פון זיך אַלײן, למשל: „בְּלִי אִחוּר", „חָכָם עַתִּיק", „מִילָא בְּבֵן" א. ד. ג. וועלכע האָבען קײַן קוועלע, און אויסדריקע וועלכע עס האָבען אײַנגעפיהרט די מחברים פון מיטעלאַלטער. — דאָ איז כמעט יעדער העברעאיש וואָרט איבערזעצט אין יידיש אין אַלע אַרטען בעדײַטונגען און בעגריפען אין וועלכע זיי ווערען בענוצט. עס גיט אויך ווערטער וואָס זײער ריכטיגער בעדײַטונג ווערט אין פיעל — ווייניג געענדערט, אַרײַן קומענדיג אַלס פרעמדער וואָרט אין אַ אַנדער שפּראַך, אָפט קומט ער ווידערהאָלט מיט פערענדערונגען ווי זיי זײַנען אײַנגעפירט אויך אין רײדען, ווי: לוֹמְדִים — לָמְדִים, טוֹב — טָב, טַלִיתוֹת — טַלֵיתִים א. ד. ג.." —

6) „ספּיוואַק־יהואש"[1] — „אידיש ווערטערבוך" ענטהאַלט אַלע העברעאישע (און כאַלדעאישע) ווערטער, אויסדרוקען און אײגענ־נעמען, וועלכע ווערען געברויכט אין דער אידישער שפּראַך, מיט זײער אויסשפּראַך און אַקצענט, און מיט בײשפּיעלען פון ווערטלעך און שפּריכווערטער אין וועלכע זיי קומען פאָר מיט אַ׳ן אײַנלײטונג פון נעטהיגע כללים און בעמערקונגען, און אַ ביילאַגע פון העברעאישע פערזאָנען־נעמען, פאַמיליען־נעמען און נעמען פון פעראײַנען, חברות, שולען, בית־עולם׳ס א. א. וו. — צוזאַמענגעשטעלט און ערקלעהרט פון דר. חיים ספּיוואַק און יהואש (ש. בלומגאַרטען). — אויסגעגעבען פון פערלאַג יהואש ניו יאָרק" (ז"ז XXXII + 340; 8°).

---

1) אודער: „ספּ׳־יהואש", „ספּ׳־יהו׳". —

אין פֿאָרוואָרט זאָגען די מחברים וועגען „דעם צוועק פֿון דעם ווערטערבוך" (ז' IX) : ... „ערשטענס, איז געוועזן די כונה פון די כערפאַסער צו געבען אַ פולע און גענייע זאַמלונג פון אַלע העברעאישע ווערטער, אויסדרוקען, פראזען, יווערטליך און שפריכווערטער כדי צו געבען מאַטעריאַל פאר געלעהרטע און פילאָלאָגען צו דער פאָרשונג פון דעם וויכטיגען געגענשטאַנד. דאָס שטודיום פון דער פאַרענדערטער געשטאַלט, הן אין אויסלייגונג, הן אין אויסשפראכע, הן אין באדייטונג, וועלכע די העברעאישע ווערטער האָבען אָנגענומען אין זייער פאַרשמעלצונג מיט די אַנדערע עלעמענטען פון אידיש אין דעם טעגליכען געברויך און פארקעהרט, די פאַרענדערונג פון די אויסלייגונג, אויסשפּראכע און באדייטונג פֿון די ווערטער פֿון די אַנדערע שפּראַכען אונטער דער ווירקונג פון די העברעאישע ווערטער, אַ שטודיום וועלכע איז כמעט ניט אָנפאַנגען, וועט איצט מעגליך זיין דורך דעם ווערטער-בוך"...

וואָס שייך דער יידישער אויסשפּראַך פֿון די העברעישע ווערטער, איז זי אין דעם ווערטערבוך באַריקזיכטיקט בלויז פֿאַר איינצעלנע וואָקאַבלען, און נאָר פֿאַר'ן ליטווישען דיאַלעקט. אין דער הינזיכט איז די הילף, וואָס דאָס ווערק קען געבען דעם יידישען שפּראַכפֿאָרשער, אַ מינימאַלע.

צ. ב. באַלד אַפ'ן ערשטען זייטעל געפֿינען מיר: „אֲבֵדָה (אֲבֵדוֹת); אִבּוּד־מָמוֹן; אָבוֹת; אֶבְיוֹן", — ס'איז, אָבער, נישט אָנגעוויזען, אַז אין יידישען רעדען ווערען די וואָקאַבלען אויסגעשפּראָכען: „אַוועידע 1) אַוועידי 1), אַוואַידע 2), אַוואַידי 2), אַוואַידוֹ 2), [אַוועידעס 1), אַוועידיס 1), אַוואַידעס 2), אַוואַידיס 2)]; איבער-מאָמען 3), איביד-מאָמין 3), איבער-מאָמע 2), איביד-מאָמי 2) א. אַ. וו.; אָוועס 4), אָוויס 4), אָוועס 5), אָוויס 5); עוויען 1), עוויין 1), עוויע 2) א. אַ. וו."—

7) „מִלּוֹן שֶׁל כִּיס" 6) = „מִלּוֹן שֶׁל כִּיס מעברית לרוסית ואשכנזית ומרוסית לעברית ואשכנזית. חלק ראשון: עברי-רוסי-אשכנזי, חִבר ע"י יהודה גרזובסקי. בהשתתפות יוסף קלוזנֶר. הוצאת „תושיה". מהדורה רביעית... ורשה תרע"ב", קל' 8⁰. —

8) „גערצאָן" 7) =

„DIE JUEDISCH-DEUTSCHE SPRACHE. Eine grammatisch-lexikalische Untersuchung ihres deutschen Grundbestandes. Von Jacob Gerzon, Dr. phil.—Frankfurt am Main. Verlag von I. Kauffmann. 1902".

דאָס בוך איז וויסענשאַפֿטליך, נאָר ס'איז דאָך מער נישט ווי אַני-

1) אין ליטע אודער אין דרום-רוסלאַנד. — 2) אין פּוילען. —
3) אין דרום-רוסלאַנד. — 4) אין ליטע. —
5) אין דרום-רוסלאַנד און אין פּוילען. — 6) אודער: „מלון". —
7) דורך פֿאַרזעיען אויסגעלייגט אין דעם בוך מיט אַ ז (ועי, צ. ב., ז' 24, אָנמ' 3 אונטער'ן טעקסט). —

עסקין, דער מחבר הוט אַ געווענדט אַ ריכטיקען מעטוד: באַם באַטראַכטען
דאָס מודערנע יידיש, גייט ער אַרוים פון מיטעל־הויכדייטשישען. אובער,
צום באַדויערן, הייבט ער זיך נישט אויף העכער פון ניטירען באַבאַכטונ־
גען, — פּאַראַלגעמיינערן זיי, אויפשטעלען געזעצען איז ער
נישט געווען ביכולת. ער ווייזט אָן, אַז אַקעגען דעם מה״ד קורצען a [1])
הובען די ליטווישע מ״מ: קורצען a און קורצען o; ברענגט 14 ביישפּי־
לען פון ווערטער מיט קורצען a און 24 — מיט קורצען o. אובער וו!
איז דער כלל: ווען הוט אַ ליטוויש ווורט אַלס שטאַמוואָקאַל (אַקעגען
מה״ד קורצען a) a, און ווען o? דערויף געפינט איר באַ גערצינ׳ען
קיין ענטפער נישט. א. א. וו.. — דער אויטור הוט אַליין נישט געקענט
רעדען יידיש, ער הוט געמוזט אָנקומען צו פרעמדער הילף, — איז אים
שווער געווען צו פאַרטיפען זיך אין דער שפראַך, דאָס גרונטגעזעץ
אין דער אַנטוויקלונג פון יידישען וואָקאַליזם אויס דעם מיטעלהויכדייטשי־
שען — דער אונטערשיד צווישען געשלוסענער (עווענטועל
— קוואַזיגעשלוסענער) און אופענער (עווענטועל — קוואַזיאופענער)
זילב — איז פאַר אים געבליבען אַ אומאַנטפּלעקטער סוד. —

9) „מיט״. ==

„Mitteilungen der Gesellschaft für Jüdische Volkskunde, unter Mitwirkung hervorragender Gelehrter herausgegeben von M. Grunwald.“

מיט דעם טעקסט אַפּ׳ן טיטעלבלאַט איז דער אורגאַן אַרויסגעגאַנגען
אין האַמבורג פון 1898 ביז 1904, אין זעלבסטפערלאַג פון דער גע־
זעלשאַפט. — 1905 איז ער איבערגעטראָגען געוואָרען קיין בערלין, און
איז ביז 1907 דערשינען אין פערלאַג „ס. קאַלוואַרי עט קומפּ״. —
איין יאָר מיט דעם טיטעלבלאַט:

„Mitteilungen zur Jüdischen Volkskunde, unter Mitwirkung... Grunwald, Rabbiner der isr. Cultusgemeinde in Wien“.[2])

און צוויי יאָר —

„Mitteilungen zur Jüdischen Volkskunde. Organ der Gesellschaft für jüdische Volkskunde in Hamburg und der Gesellschaft für Sammlung und Conservierung von Kunst- und historischen Denkmälern des Judentums in Wien“.

1908 און 1909 איז די צייטשריפט איבערגעטראָגען געוואָרען קיין
ליפּציג און איז דערשינען אין פערלאַג פון מ. וו. קאַופמאַן.
פון 1910 אָן גייט זי אַרוים אין ווין. 1910—1912 שוין נישט
אַלס אורגאַן פון די צוויי געזעלשאַפטען. 1913 באַווייזט זיך אַפּ׳ן טיטעל־
בלאַט די אויפשריפט:

„Diese Mitteilungen erscheinen zugleich als Organ der Gesellschaft für jüdische Volkskunde in Hamburg“.

---

1) פון דער שמאַמזילב. —

2) אַלזו, שוין נישט אַלס אורגאַן פון דער האַמבורגער געזעלשאַפט. —

1914 איז די צײַטשריפֿט נאָך אַרויסגעגאַנגען. צי גייט זי אויך איצט אַרויס, ווייס איך נישט.

1898—1905 פֿלעגן אַרויסגיין 2 העפֿטן יערלעך, פֿון 1906 אָן גייען אַרויס צו 4 העפֿטן יערלעך.

גענויער וועגן דעם אינטערעסאַנטן אָרגאַן — זע מײַן רעפֿעראַט וועגן „אונזערע אויפֿגאַבן אַקעגן ייִדישן פֿאָלקלאָר" („מאָמענט", 1917, נ"נ 83, 87, 99). —

10) „זאַמעלביכער" I = „נח פּרילוצקיס זאַמלביכער פֿאַר ייִדישן פֿאָלקלאָר, פֿילאָלאָגיע און קולטור־געשיכטע. באַנד I, וואַרשע 1912", 180 ז"ז, $8^0$.

„זאַמעלביכער" II = „... באַנד II" [„ערשטע העלפֿט: ליטעראַטור־געשיכטע און פֿאָלקלאָר" (וואַרשע, 1917; ז"ז XI + 212; $8^0$); „צווייטע העלפֿט: שפּראַכוויסנשאַפֿט" (דרוקט זיך)]. —

11) „ווילמאַננס I" =

„DEUTSCHE GRAMMATIK. Gotisch, Alt-, Mittel- und Neuhochdeutsch. Von W. Wilmanns. Erste Abteilung: Lautlehre. Zweite Auflage. Strassburg. 1897."

„ווילמאַננס II" =

„DEUTSCHE GRAMMATIK... Zweite Abteilung: Wortbildung. Zweite Auflage. Strassburg. 1899"

„ווילמאַננס III (ערשטע העלפֿט)" =

„DEUTSCHE GRAMMATIK.... Dritte Abteilung: Flexion. 1 Hälfte: Verbum Erste und zweite Auflage. Strassburg. 1906".

„ווילמאַננס III (צווייטע העלפֿט)" =

„DEUTSCHE GRAMMATIK.... Dritte Abteilung: Flexion. 2 Hälfte: Nomen und Pronomen. Erste und zweite Auflage. Strassburg 1909."

12) „בעהאַגהעל" =

„GESCHICHTE DER DEUTSCHEN SPRACHE. Von Otto Behaghel. Dritte... Auflage. Strassburg 1911."—

13) „לעקסער" =

„MITTELHOCHDEUTSCHES TASCHENWOERTERBUCH von Matthias Lexer. Neunte Auflage. Leipzig. 1908."—

14) „גוטטמאַנן" =

„DIE GYMNASTIK der STIMME gestützt auf physiologische Gesetze.... von Oskar Guttmann. Sechste... Auflage. Leipzig 1902."

15) „קלוגע" =

XIX. „ETYMOLOGISCHES WOERTERBUCH der deutschen

Sprache von Friedrich Kluge. Achte... Auflage. Strassburg, 1915."

16) „טיאַנדער" =

„DEUTSCH-RUSSISCHES WOERTERBUCH (Enzyklopädie der deutschen Sprache), zusammengestellt unter der Leitung des... K. Tiander. St. Petersburg. 1911."—

17) „אַם־אורקוועל" =

„AMUR-QUELL. Monatschrift für Volkkunde. Herausgegeben von Friedrich S. Krauss."

18) „דער אורקוועל" =

„DER URQUELL. Eine Monatschrift für Volkskunde. Herausgegeben von Friedrich S. Krauss." —

וואַרשע, אפּריל 1917.

נח פּריליצקי.



# באַמערקטע דרוקפעלערן.

ז' 3 (שורה 2 פון אונטען אין טעקסט) — דאַרף זיין: „קאָניוגאַציע".
ז' 16 (שורה 4) — אויסשטרייכען די ווערטער: „גיבאַרניי (ראָדים)".
ז' 25 (אָנמ' 16 אונטער'ן טעקסט) — אָנשטאָט „אדווערב" דאַרף זיין „פּרעפּאָזיציע":
ז' 35 (שורה 2 פון אונטען) — אָנשטאָט werden דאַרף זיין: werden).
ז' 41 (§ 27, שורה 3) — אָנשטאָט „קאָניונקציע" דאַרף זיין: „פּרע-פּאָזיציע".
ז' 56 (שורה 2 פון אונטען אין טעקסט) — אָנשטאָט „ביבו" דאַרף זיין: „ביכו".
ז' 75 (שורה 5 פון אונטען אין טעקסט) — דאַרף זיין: „מיוכומי".
ז' 79 (שורה 1) — דאַרף זיין: „אַהאַין".
ז' 81 (פאָרלעצטע שורה פון § 67) — אָנשטאָט „אסם" דאַרף זיין: „אַסם".
ז' 86 (§ 74, שורה 2) — אָנשטאָט „דער אדוועדב" דאַרף זיין: „די קאָנ-יונקציע".
ז' 89 (שורה 5) — אָנשטאָט „גיגעיבם" דאַרף זיין: „גיגיבם".
ז' 94 (שורה 5) — אָנשטאָט „גייק" דאַרף זיין: „גייט".
ז' 95 (§ 88, שורה 1) — אָנשטאָט „אומבאַטונטע" דאַרף זיין: „נאָכ-הויכטוניקע".
ז' 108 (שורה 15 פון אונטען) — אָנשטאָט "souvill", דאַרף זיין: "souviel".
ז' 132 (שורה 1) — אָנשטאָט „צוויי" דאַרף זיין: „דריי".
ז' 132 (שורה 8) — אין צווייטען ווערב דאַרף צווישען ס און ד זיין נישט ע, נור אַ.
ז' 132 (שורה 10) — אויסשטרייכען דאָס וואָרט „קאַסיין".
ז' 147 (אָנמ' 1 אונטער'ן טעקסט) — אָנשטאָט „28" דאַרף זיין: „82".
ז' 147 (אָנמ' 4 אונטער'ן טעקסט) — אָנשטאָט „27" דאַרף זיין „28".
ז' 163 (אָנמ' 2 אונטער'ן טעקסט) — אָנשטאָט „דעם אַדווערב" דאַרף זיין: „דער פאָרם".
ז' 183 (אָנמ' 3 אין טעקסט, שורה 2) — אָנשטאָט „דעם אדווערב" דאַרף זיין: „די פאָרם". —

# דער ר־לויט און די יידישע מונדאַרטען.

## די r=לויטען.

§ 1 — [דאָס פיזיאָלאָגישע]. — 1) די לופט, שטראָמענדיק פון מוילקאַנאַל, לויזט דעם אונטערגעהויבענעם שפּיץ פון דער צונג וויברירען און אָנרירען דעם האַרטען גימען, — קומט־אַרויס פּאַלאַטאַלער ר, ריינער ר, וואָס איז אידעל און וויכליך. מיר הערען אים כמעט אין אַלע מונדאַרטען פון פּויליש־יידישען דיאַלעקט.

2) וויברירט דער שפּיץ פון דער צונג, אָנרירענדיק די אינווייניקסטע זייט פון די אייבערשטע שניידציין און די יאַסלעס, — אַנטשטייט דענטאַלער ר, וועלכען מיר באַגעגענען באַ יענע, פון וועלכע מ'זאָקט, אַז זיי רעדען מיט'ן „ריש".

3) וויברירט נישט די צונג, נור דער „גימענזעגעל", — נעמט זיך אוווולאַרער ר, אומריינער, געכוירכעלטער r. באַ קרעפטיקער אַרטיקולאַציע קלינגט ער כמעט ווי כ, אָדער אינגאַנצען ווי כ [1]. —

אין אַיִשומער (וואָלין) קען מען הערען: שאָכע, מוכדכי, בכאַינדל, דאַכף [2]; — אַלזאָ, אוווולאַרער r וואָרט־אין. —

אין וואַכנאָווקי (קיעוו. ג., בערדיטש. א.): וואָרט־אין כמעט כ; וואָרט־אויס שוואַכער געכוירכעלט [3]. —

אויך אין סטעפּאַנצי (קיעוו. ג., קאַנעוו. א.) דערגרייכט דער r וואָרט־אין כמעט ביז ch. —

[1] זיי צו דעם פּאַראַגראַף: ווילמאַנס I, 7 און 143; בעהאַגהעל 204; גוטמאַן 110. — [2] שרה, מרדכי, ברײַנדל, דאַרף. — [3] זיי „שמעלבינבער" II ר 257, אַנמ. XV אין טעקסט. —

אין טורטשין (וואלין, לוצק א.) אגוואלאַרער r וואָרט-אין (כּמעט כ) און וואָרט-אויס (שוואַכער געכוירכעלט). —

אויך אין ריזשאַן (לומז. ג., מאָקוו. א.), וואָרט-אין: באָכד, גאָכטן, גוכגל. —

אין וואָלקאָווישקי (סוואַלק. ג.): גוכטן, קוכטן, בוכד. —

ענליך אין זשעטל (גראָדנ. ג., סלונים. א.).

אין מישיניעץ (לומז. ג., אָסטראָלענק. א.) r שטאַרק אגוואלאַריש וואָרט-אייַן און וואָרט-אין (אויסגעשפּראָכען ווי פּאַרטאָפּעלט); פאַר די גימענלויטען ק, ג, כ (ווערען אין מישיניעץ וועלאַריש אַרטיקולירט) הערט זיך כּמעט פולקומענער ווייכגימען-כ [למשל: ווילכקליך (ווידקליך), וואָכגי צאַך (וואַרגט זיך), אַדוכּכגיין (אַרורכגיין)]; — וואָרט-אויס, אין פרייען אויסלויט, r, דאַגעגען, שוואַכער געכוירכעלט. —

אין סטאַוויסק (לומז. ג., קולנ. א.) — ר וואָרט-אויס עטוואָס געכוירבעלט. —

אין בודזאַנאָוו (פּלוצק. ג. און א.) — כּמעט: פעיכד, פעיכדלאַך. —

אין וויערושאָוו (קאַליש. ג., וולוינ א.), אין ווישקעווי (וואַרש. ג., פּולט. א.) ר וואָרט-אויס נאָך הויכבאַטאָנטער זילב שוואַך אַרטיקולירט און דוך געכוירבעלט. —

2 § — [זילבנבילדענדיקער ר]. — 1) אין אייניקע יידישע מונדאַרטען קען דער ר-לויט אַליין, אָהן אַ וואָקאַל פאַר זיך, בילדען (נאַטירליך, וואָרט-אויס) אַ זילב (זעלבסטשטענדליך, אָג׳אַנס באַטאָנטע).

2) פון די דרום-רוסלענדישע מונדאַרטען ווייסען פון אַזאַ ר-לויט: די ווינגערוווער¹) (לומז. ג.), די אָסטרער (וואָלין), די אישומערער (זשיטומיר. א.), די וואַכנאָווקער, די סטעפּאַנצער, די קריוואָזירער (פּאָדאָל. ג., באַלט. א.), די פאַלעשטער²) (בעסאַראַביע); אויך — די ריזשאַנער³) (לומז. ג.).

אין טורטשין עקזיסטירט זילבענבילדענדיקער ר-לויט נור אין די ווערטער: מוור, זוור, טרוורן, באַדוורן, (אַלזו, נאָך וו, וואָס אַנטשפּרעכט ט״ה ûw).—

¹) די ר-מונדאַרט. — ²) און נאָך אַנדערע, ווי ווייטערדיקע פאָרשונגען וועלען באַווייזען פעסטשטעלען. — ³) דער זילבנבילדענדיקער ר: אין ווינגעראָוו, אין קריוואָזיר — זייער שאַרף (דענטאַלער r); אין ריזשאַן — זייער ווייך (פּאַלאַטאַלער r). —

פון די ליטווישע: די וואָלקאָווישקער[1] (סוּוואַלק. ג.), די פּאָלאָנ-קער[2] (גראָדנ. ג., נאָוואָראַדאָמ. א.).

פון די פּוילישע: די זשיכלינער (?) [וואַרש. ג., קוטנ. א.], די אָלעווער[2]) [וואַרש. ג., סאָכאַטש. א.] (אין מויל פון יונגערען דור).

3) נאָך ר קען קיין זילבנבילדנדיקער ר-לויט נישט קומען. — אַזוי: לערער (קריוואָזיר, ריזשאַן, וואָלקאָווישקי, פּילינקע), לעירער (וואָכנאָווקי, זשיכלין, אילייווי), לירער (אישומער), לירער (אוסטרי, סטעפּאַנצי). —

4) דער סאָנאַנטישער טייל פון זילבנבילדנדיקן r-לויט לאָזט זיך אויפפאַסען: אַלס רעדוצירטער ע (אין וואָלקאָווישקי, פּאָלאָנקע), אַלס רעדוצירטער י (אין אוסטרי, אין סטעפּאַנצי), אַלס רעדוצירטער צווישנלויט (צווישן ע און י) [אין קריוואָזיר, אילייווי]. —

5) אין די מונדאַרטען, וואָס האָבן זילבנבילדנדיקן r, דערשיינט ער אויך אין די העברעישע ווערטער. — אַזוי: קעיוור, פּעיגר[3]) וכו׳.

6) פּערזענ. פּראָנאָמען פון 3טער פּ. סינג. מאַסקול. ער (אין די ליטווישע מונדאַרטען; אין דער ריזשאַנער, אין דער קריוואָזירער, אין דער אוסטרער, אין דער אישומערער), עיר (אין וואָכנאָווקי), עיר (אין זשיכלין, אין אילייווי), איר (אין סטעפּאַנצי), אִר (אין ווינגערווי); אויך דאַטיוו פון פּערז. פּראָנ. 3 פּ. סינג. פעמינ. אִר (אין די ליטווישע מ״ט איז עס אויך דער אקוזאַטיוו), ווע-רענדיק געברויכט אין נישטהויפּטטאָניקער שטעלונג (נאָך אַ וואָרט מיט הויפּטאָנטער ענדזילבּ), גייען אין דידויקע מונדאַרטען איבער אין זילבנבילדנדיקן r-לויט. — אַזוי: ווילר, עסטר (= וויל ער, עסט ער). —

אַנמערקונג. — אייגענטליך, קענען אין איטליכער מונדאַרט (אין וועלכער די שלוס-ר-לויטען ווערען נישט פאַרשוואונדען), אין אַ פאַל די אויבענאָנגעוויזענע פּראָנאָמינאַלע פאָרמען פאַרלירען דעם וואָקאַל און בילדען מיט דעם קאָנסאָנאַנטישען אויסלויט פון דעם פריערשטייענדיקן וואָרט אַ זילב.

דאָס געשייט געוויינטליך נאָר אין שנעלען רעדען. —

7) דער ר בלייבט זילבנבילדנדיק אפילו, ווען ס׳קומט צו אים צו: a) ענדונג פון געניטיוו, פון פּליוראַל, דעמינוטיוו-סופיקס (באַם נומען); b) זילבנבילדנדיקער נ-לויט; c) פלעקסיע פון דער קאָניוגאַציע (באַם ווערב).

---

[1]) דער וואָלקאָווישקער זילבנבילדנדיקער ר איז זייער ווייך, און ווערט במעט ווי נישט געהערט. — [2]) און נאָך אַנדערע, ווי ווייטערדיקע פאָרשונגען זעלען גע-וויס פעסטשטעלען. — [3]) קֶבֶר, פֶּגֶר.

אַזוי, אין וואָלקאָווישקי, למשל: a) בּעכר, דעם בּעכֿרס (געניט. סינג.), די בּעכֿרס (פּליור.), בּעכֿרל (דעמינ. סינג.), בּעכֿרלאַך (פּליור. דעמינ.); b) דונרן (אינפיניט. פון ווערב), דונרנדיק (פּאַרטיציפּ); c) דו דונרסט, ער דונרט (2 טע און 3 טע פּערזאָן סינג. פּרעז. אינדיק.). —

3 § — [נישטזילבּנבּילדעדיקער ר-לויט]. — 1) מיר זייען אים:

a) אין גרעסטען טייל פון די ליטווישע מונדאַרטען, — למשל, אין וויטעבסק, פּאָלאָצק (וויטעבסק. ג.); פּינסק; פּאָלאָנקע, סוויסלאָטש (גראָדנ. ג.); כּיסלאַוויטש, טשעריקאָוו, האָראָדעץ [1] (מאָהיל. ג.); לאָמזע, סטאַוויסק (קאָלנ. א.), מישיניעץ (אָסטראָלענק. א.); זאָלאָטאָנאָשי [2] (פּאָלטאַוו. ג.). —

b) אין געוויסע דראָם-רוסלענדישע, — צום בּייַשפּיל: אין בּראָק (לאָמז. ג., אָסטראָוו. א.); סאָקאָלאָווי (ליובּל. ג.); לוצק (וואָלין), און (טעאָרעטיש גענומען) נאָך אין אַנדערע.

c) אין גרעסטען טייל פּוילישע מונדאַרטען (טעאָרעטיש גענומען). —

2) אין די ליטווישע מונדאַרטען און אין בּראָק קומט פאַר דעם ר אין דער אומבּאַטאָנטער ענדזילבּ אַ אופענער ע, וואָס איז כמעט ווי נישט רעדוצירט, — אין מישיניעץ, למשל, זאָגאַר ווי לגמרי נישט רעדוצירט: — קינדער, רעדער א. אַ. וו. —

אין דער זאָלאָטאָנאָשער מונדאַרט — י, — אַזוי: קינדיר, פּאָטיר א. אַ. וו. —

## r אין נישטהויכטאָניקע זילבּען.

4 § — [פאַרלוסט פון נישטזילבּנבּילדעדיקען ר-לויט]. — 1) אין די סיגנעס b און c פון דעם ערשטען פונקט אין פאָריקען פּאַראַגראַף איז געבּרויכֿט דער אויסדרוק „טעאָרעטיש גענומען”, מחמת אין דער ווירקליכקייט עקזיסטירט נישט דער נישטזילבּנבּילדעדיקער ר-לויט אין די מונדאַרטען, אַף וועלכֿע דער אויסדריק בּאַציט זיך: דער נישטזילבּנבּילדעדיקער ר-לויט (הייסט עס, וואָרט-אויס אין אומבּאַטאָנטער זילבּ) פאַרשווינט אין דעם גרעסטען טייל פון די פּוילישע מונדאַרטען און אין אייניקע דראָם-רוסלענדישע. —

---

[1]) ראָהאַטש. א. — [2]) איינער פון די סאַמע דראָמדיקע פונקטען פון ליטווישען שפּראַכגעבּיט. —

2) דער פאַרשווונדענער, דערשײַנט נישט צוריק אפילו פאַר װאָקאַלישען אָנלויט פון פאָלגענדיקען װאָרט. —

3) דער נישטזילבענבילדענדיקער, פון די העברעישע װערטער טײלט אין אַלעם דעם גורל פון ייִדישען נישטזילבענבילדענדיקען ר.

4) דער נישטזילבענבילדענדיקער ר-לויט פאַרשווינט, אפילו װען נאָך אים גײט: a) ענדונג פון געניטיװ, פון פּליוראַל, אודער סופיקס פון דעמינוטיװ־פּליוראַל (באַם נומען); b) דענטאַלער עקספּלאָזיװ־לויט ט (אַלס שטאַם־לויט אודער אַלס עפּיטעזע־לויט); c) פלעקסיע פון דער קאָניוגאַציע (באַם װערב); d) אַ צװײט צוגעזעצט װאָרט (אין קאָמפּאָזיטים). —

§ 5 — [ר־פאַרשווינדונג אָהן װירקונג אַפ'ן װאָקאַל פון דער ענדזילב]. — 1) אָפּ-פאַל אודער אַרויספאַל פון נישטזילבענבילדענדיקען ר-לויט בלײַבט אין גרעסטען טײל פון די פּױלישע מונדאַרטען לגמרי אָהן װירקונג אַפ'ן װאָקאַל פון דער ענדזילב.

2) אין טאַרטשי̂ן (װאַרש. ג., גריצ. א.), לאָמיר אָנכאַפּען, הערען מיר: —

a) ברי̂דע, שראַאַבע, קעילע, פעילע, קינדע, פױע[1]; — העבר.: באָאָכע, זאָאָכע, סױכע[2]; —

געניט. סינג., נאָמינאַט. און געניט. פּליור.: שראַאַבעס, קעילעס, פעילעס; — העבר. (געניט סינג.): באָאָכעס, זאָאָכעס, סױכעס; —

פּליור. דעמינ.: ברי̂דעלעך[3], קינדעלעך; —

b) הינדעט[4]; —

c) 2 טע און 3 טע פּ. סינג פּרעז. אינדיק.: די ציטעסט, די מאַסעסט, אַ' ציטעט, אַ מאַסעט[5]; —

d) קאָמפּאָזיט.: קלאַידעשאַנק, קעילעשטי̂ב. —

נוך: הינדעטע[6] (אַלזו, פאַרלוסט פון 2 נישטזילבענבילדענדיקע ר-לויטען!).

3) דאָסזעלביקע (װי איך קען קאָנסטאַטירען לויט אײגענע באָבאַכטונגען) — אין די מונדאַרטען פון די שטעדט, שטעטלעך און דערפער:

---

[1]) אַדװערב: פױער (== פריער). — [2]) בָּחור, זָכָר, סוחר. — [3]) אויבער: ברי̂דערל, שראַאַבערל, קעילערל, פעילערל. — [4]) הונדערט (100). — [5]) אויבער: ציטערן, מאַסערן (מסר'ן). — [6]) הונדערטער [נומער. אורד. זובסטאַנט. (100-רובלפּאַפּירשטיק)]. —

אין וואַרשעווער ג.: נאָווידוואָר, טשיסטי, פּיאַסעטשני, יעזיאָרני (וואַרש. א.); גריִצי, גער, בלענדאָוו, מאָגילניִצי (גריצ. א.); בלאָני, וויסקיט [1]) (בלוינ. א.); סאָכאַטשאָוו [2]) , איִליווי (אין מויל פון עלטערען דור), סאָוויאַ-וואָליאַ (סוכ. א.); סקערניעוויץ; נאָוואָמיִנסק, קאָליבעל, שיעניִצי, קאָר-טשיוו (נאָוואָמינסק. א.); לאָוויטש; פּילטיסק, סראָצק (פּילט. א.); זאַקראָטשין (פּלינסק. א.);

אין פּלוצקער ג.: גליִנאָוויץ (ציעכאַנ. א.);

אין ראַדימער ג.: ראָדים, פּשיטיק, סטראָמניץ (ראַד. א.); מאַליִץ (צויזמ. א.); קאָזיעניץ, מאַגנישעוו (קאָזיענ. א.); דרילטש, ליִפּסק, קאַזאַנאָוו (דרילזשער א.); אָפּאָטשני; אַפּט, אָסטראָוויעץ, וואָטניוו (אַפּט. א.);

אין קיעלצער ג.: קיעליץ, לאָפּושני; (קיעלצ. א.); כמיעלניק, נייַ-שטאָט [3]) (סטויפּניצ. א.); נייַשטאָט [4]) (פּינטשעוו. א.);

אין פּעטריקווער ג.: טאָמאַשעוו, נייַשטעיטל, קליין-ביאַלי (ראַוו. א.); בערזשין, סטריקאָוו (בערזש. א.);

אין ליובלינער ג.: גאַרוואָלין, ריקי, פּאַריסאָוו (גאַרוו. א.); אָפּאָלי, אַליוואַנגאָראָד (פּילאַוו. א.);

אין כעלמער ג.: קאָמאַראָוו (טאָמאַשעוו. א.). —

4) אין די אַלע מונדאַרטען איז דער וואָקאַל פון דער ענדזילב-אַנ׳ אָפּענער, כמעט נישט רעדוציִרטער ע.

אין סאָכאַטשאָוו, אין נייַשטאָט (קיעלצ. ג., סטויפּנ. א.) איז דער ע אָפּען ביז דער גרענעץ, ווו עס קען זיך שוין אָנהייבען שפּירען די טאָנפאַרב פון דעם אָפּענסטען פון אַלע וואָקאַלען (פון a). —

אין יעזיאָרני, אין זאַקראָטשין איז ער נאָך אָפּענער, און אין זייַן אויסלויט לאָזט זיך שוין טאַקי פאַרנעמען די טאָנפאַרב פון a. — דאָרט הערט מען: בריִדע, שוואָגע, פּעילע.

5) אין לאָוויטש איז דער ע קוים-קוים געשלאָסען (מיט אַ נטיה אין דער זייט פון i).

---

[1]) אַף פּויליש: Wiskitki. — [2]) אין וואַרשי, אין סאָכאַטשאָוו גופא און אין אַ סך אַרומיקע ערטער קלינגט דער נאָמען פון דער שטאָדט: טשאָכיטשאָוו (בייַשפּיל פון רעגרעסיווער אַסימילאַציע: דער אַנלויט-טש פון דער אומבאַטאָנטער ענדזילב האָט צוגעגליכען צו זיך דעם אַנלויט פון דער הויפּבאַטאָנטער ערשטער זילב). — [3]) Nowo-Miasto-Korczyn. — [4]) Nowo-Korczyn. —

אין גליַנאָוויץ איז דער ע געשלאָסען, אַזוי אַז עס הערט זיך כמעט י: — קינדי, ברעיטי, וואַטי.

אויך אין דידזיקע שטעדט איז דער ענדוואָקאַל כמעט ניט רעדוצירט.

6) דאָס אויבענאָנגעוויזענע פאָלקייט, געוויכטיקייט פון אומבאַטאָנטען ענדוואָקאַל לאָזט זיך דערקלערען דערמיט, וואָס נאָך דעם אָפּפאַל פון אויסלויט-ן אין די מונדאַרטען, פון וועלכע ס'איז די רייד אין דעם §, ווערט דאָס געשטערטע פאָנעטישע גלייכגעוויכט פון וואָרט צוריקגעשטעלט דורך דעם בילדען זיך פון אַ שטאַרקען טיפּטאָן אַף דעם וואָקאַל פון דער ענדזילב.

דאָס איז איינע פון די כאַראַקטעריסטישסטע אייגענשאַפטען פון די פּויליש-יידישע מונדאַרטען.

אין אַ טייל פון דידזיקע מונדאַרטען איז דער טיפּטאָן ווייניק מיט וואָס שוואַכער פון הויכטאָן, אַזוי אַז עס אַנטשטייט דער איינדרוק, ווי אין איין וואָרט וואָלטען צוויי זילבען געווען כמעט גלייך באַטאָנט. ווען דאָס וואָרט איז אַ צווייזילביקס, בילדט זיך צוליב אַזאַ באַטאָנונג אַ פּויזע צווישען די זילבען, און זיי ווערען אויסגעשפּראָכען, מען קען זאָגען, ווי צוויי זעלבסטשטענדיקע, קוים-קוים צווישען זיך פאַרבונדענע פאָנעטישע קאָמפּלעקסען.

7) די דערשיינונג פון r-אָפּפאַל אין דער אומבאַטאָנטער ענדונג er- זייען מיר אויך אין די דייטשישע מונדאַרטען, דערהויפּט אין די נידערדייטשישע און באַירישע. — זיי ווילמאַננס I, § 151, אַנמ. 1. —

§ 6 — [ווירקונג פון ר-פאַרשווינדונג אַפ'ן ענדזילבוואָקאַל]. — 1) אין ליובלין שטעלט זיך אָפּ אין דער ענדזילב נאָכ'ן אָפּפאַל צי אַרויספאַל פון r: אַ, — אַזוי: ברידאַ, קינדאַ, אַקאַסט, גיאַקאַטי[1]), קינדאַלאַך, א. אַ. וו. —

דער ליובלינער אַ איז אַ זייער ניט באַשטענדיקער לויט. אַמאָל הערט איר דייטליך: a; אַמאָל — e; אַמאָל, ווידער, קלינגט דער לויט אַזוי אומבאַשטימט, אַז ס'איז שווער צו זאָגען: צי איז עס ע, צי איז עס אַ? — זאָל מען דעם לויט כאַראַקטעריזירען, אַלס צווישענלויט (צווישען e און a)? אודער אפשר וועט ריכטיקער זיין אים צו דעפינירען, אַלס אוסעראורדענטליך אָפענעם e? —

[1]) אַקערסט, געאַקערט. —

ב) אין דער וועגנערוווער[1]) מונדאַרט, אין דער לענטשנער (ליובלין. ג., ליובאַרט. א.), אין דער גראַבוויצער (כעלם. ג., ריפּישוויו. א.), אין דער קרעמעניצער (וואָלין) ווערט דער וואָקאַל פון דער ענד־זילב, נאָכ׳ן פאַרשווינדען פון נישטזילבענבילדעניקען ר, פאַרטונקעלט אין a[2]), — אַזוי: בריִדאַ, קעילאַ; באָכאַ, זאָכאַ; הינדאַט (אין לענטשני א. א. וו.), אינדאַט (אין וועגנרוו, און קרעמעניץ א. אַ. וו.); בריִדאַס, באָכאַס; בריִדאַלאַך, קינדאַלאַך; די ציטאַסט, די מאַסאַסט, אַ׳ ציטאַט, אַ׳ מאַסאַט; פריִראַט (לענטשני), פריִאַט (קרעמעניץ). —

אָנמערקונג. — אויך אין אייניקע דייטשישע מונדאַרטען ווערט דער e פון דער אומבאַטונטער ענדונג ‎-er‎, נאָך אָפּפאַל פון אויסלויט-r, פאַר־טונקעלט אין a — למשל: sauwa, sauba (== sauber)[3]. —

אין גראַבוויץ ווערט דער a שוואַך אַרטיקולירט. אַרויסגערעט אַזוי כאַפּע־דיק, אַז מ׳הערט אים קוים. —

ג) אין וואַרשע ווערט דער ענדזילבוואָקאַל פאַרטונקעלט אין o, — אַזוי: בריִדו, שראַאַבו, קעילו, פעילו, קינדו; — באָאָכו, זאָאָכו, סויכו; — הינדוט, הינדוטו; — בריִדוס, שראַאַבוס, קעילוס, פעילוס, קינדוס; — באָאָכוס, זאָאָבוס, סויכוס; — בריִדולוך, קינדולוך; — די ציטוסט, די מאַסוסט, אַ ציטוט, אַ מאַסוט, וואָס ציטוסטי?, וואָס מאַסוסטי?; — גי־שווינדוט, גישווינדולך, פרינטו, פרינטוטו[4]); — קליאַידושאַנק, קעילו־שטיִב. —

אַנמערקונגען. — a) דעם ו׳ הערען מיר: באַם וואַרשעווער־געבירטיקען המון; באַ די וואַרשעווער־געבירטיקער אינטעליגענץ, וואָס רעט ווייניק יידיש; באַ די וואַרשעווער־געבירטיקע קינדער. —

באַ דעם וואַרשעווער־געבירטיקען מיטעלקלאַס, וואָס רעט שטענדיק יידיש, זענען גלייכבאַרעכטיקט צוויי פורמען: מיט ו׳ און מיט אַ (זוגאַר מיט אַֹ). די ערשטע הערען מיר אין שטאַרק אַקצענטירטען, אין עמפאַטישען געשפּרעך; די צווייטע — אין שנעלען רעדען, אין די לוגיש שוואַכער באַטונטע טיילען פון זאַץ. —

[1]) דער עי־מונדאַרט (זיי „זאַמעלביכער" II, ז׳ 257). — [2]) דער אַ — „רייִנער אודער איטאַלעניִשער a" (גוטמאַן 89). — [3]) „Aus Volkes Herz und Mund". Deutsche Volkslieder.. von Georg Wehr. Leipzig 1910. — s. 238—258. — [4]) אדווערב.: געשווינדערט, געשווינ־דערטער; פרינטער (פריער), פרינטערטער. —

באַ די קרייזן, באַ וועלכע o איז די אייגנציקע נאָרם, שפּירט זיך פאַר אים ווי א שוואַכער הויכלויט; אַזוי: ברייד"ו, שלסט"ו ציק"ו וכ׳.

די „צווייטע" (די יינגערע) וואַרשעווער מונדאַרט (זיי „זאַמעלביכער" II ז׳ 213) הוט בלויז אַ. —

b) אקעגען די מה"ד וואָקאַבלען מיט r- (נעבענפאָרמען: re-, wer-) וואָרט-אויס, אַלס אויסלויט פון הויכבאַטאָנטער זילב מיט û (אַלס שטאַמוואָקאַל), ווייזט די וואַרשעווער מונ־אַרט געשטאַלטען מיט ו֗ו֗ (oo), אַלס שטאַמוואָקאַל און אויסלויט: פו֗, מו֗, זו֗ו [1]). דער r איז פאַרשוואונדען, אָבער קיין וואָקאַל פאַר אים, אויסער דעם שטאַמוואָקאַל (פון דער הויכבאַטאָנטער זילב) איז נישט געווען. הייסט עס, אז די מה"ד נעבענפאָרמען מיט re-, wer-, אַלס ענדזילב, הובען נישט קיין אַנטשפּרעכענדיקע אַקעגענשטעלונג אין דער וואַרשעווער מונדאַרט.

די מה"ד וואָקאַבלען מיט דיזעלביקע ענדונגען, נאָר מיט iu אַלס שטאַמוואָקאַל, הובען אַקעגען זיך אין דער וואַרשעווער מונדאַרט [2]), פּאַראַלעלע פאָרמען: 1) אָהן וואָקאַל צווישען דעם טעאָרעטיש דענקבאַרישען אויסלויט-r און דעם שטאַמוואָקאַל (טאַאַ), 2) מיט וואָקאַל, וואָס ווערט דאַן, צוליב דער פאַרשווינדונג פון ר, פאַר-טונקעלט אין o (טאַיו) —

אַנאַלאָגיש לוזט זיך זאָגען וועגען די איבעריקע פוילישע מונדאַרטען: ווע זייער באַזיצען וואָקאַבלען אין געשטאַלט, וואָס אַנטשפּרעכט דעם מה"ד געשטאַלט מיט re-, wer-, גייט דער וואָקאַל, וואָס צווישען דעם פאַרשוואונדענעם r און דעם שטאַמוואָקאַל, נאָך דעם גורל פון יעדען אומבאַטאָנטען וואָקאַל פון דער ענדזילב, וואָס הוט דעם אויס-לויט-r פאַרלוירען. — די וואָקאַבלען, וואָס אַנטשפּרעכען דער מה"ד פאָרם אף r-, הובען נישט קיין אומבאַטאָנטען וואָקאַל פאַר דעם אויסלויט-ר, וועלכער גייט שוין דאַ-דורך אַרויס פון דער ביז איצט פון אונז באַטראַכטער דערשיינונג, און טיילט דעם שיקזאַל פון אויסלויט-ר אין הויכבאַטאָנטער ענדזילב. —

4) אין ווישקיווי (וואַרש. ג., פּילט. א.) אַקעגען מה"ד אויסלויט-r (re-, wer-) נאָך הויכבאַטאָנטען û — הו; — אַזוי: פו֗הו, זו֗הו.

דער ô — צווישען קרעמעניצער לענג און וואַרשעווער איבערלענג; דער הו קוים-געהערט, מ׳קען אים פאַרנעמען נור באַ גרויסער אָנ-שטרענגונג פון געהער. —

---

[1]) זיי: „זאַמעלביכער" II 214. — [2]) ווי אין „זאַמעלביכער" II ז׳ 310 גענויער אָנגעוויזען. —

5) אין טורטשין (ווֹלין, לוּצק. א.) שטעלט זיך אָפּ נאָכ'ן פאַרשווּנדענעם נישטזילבנבילדענדיקען ר אַ רעדוּצירטער, זייער לייכטער און שוואַכער ווֹקאַל צווישען ע און אַ. ער איז אָבער גענוּג באַשטימט (נישט ווי דער ליובלינער אָ), קען דעפינירט ווערען אַלס אוּמלויט פוּן a, אַלס זייער אָפענער קלאַנג, הייסט עס, און איך באַצייכען אים: אֶ [נוּר ס'איז נישט דער ווישקעווער ä [1]), וואָס גיסט זיך כמעט איינגאַנצען צוּנויף מיט a]. נאָך דעם אֶ, אין עמפאַטישען רעדען און בּאַ אָנשטרענגוּנג פוּן געהער, לאָזט זיך פאַרנעמען אַ שוואַכער, אָבער זייער כאַראַקטעריסטישער נאָכגעראָיש, שפּוּר פוּן פאַרשווּנדענעם אוּוואַלאַרען r.

למשל: בּרידאֶ, טאַיאֶ, לעראֶ, גילעכטאֶ, טעכטאֶ, דערפאֶ. —

ווען נאָך דעם אֶ גייט אַ קאָנסאָנאַנט, הערט זיך שוין דער אוּוואַלאַרישער נאָכגעראָיש לגמרי נישט. אַזוי: לעראֶס (פליור.), אינדאֶט (100) וכ'.

6) ווען דער ר ווערט אין די מוּנדאַרטען, פוּן וועלכע ס'איז די רייד אין דעם פאַראַגראַף, צוּריקגעשטעלט, פאַרבלייבען די ווֹקאַלען פאַר אים דוֹך אין דער געענדערטער טוֹנפאַרב, ד. ה. דיאַייגענע, ווי ווען דער r איז נישטאָ.

אין ליוּבּלין: ציטאֶרן, מאַסאֶרן (אינפיניט.); — אין ווענגערווע, לענטשני, גראַבּווויץ, קרעמעניץ: ציטאַרן, מאַסאַרן; — אין וואַרשע: ציטוֹרן מאַסוֹרן; —

אין טורטשין: ציטאַרן, מאַסאַרן. —

דער צוּריקגעשטעלטער r איז איבעראַל שוואַכליך, ווייכליך [2]). —

§ 7 — [טיילווייזער פאַרלוּסט פוּן r אין דער אוּמבּאַטאָנטער ענדוּנג -er]. — 1) אין פּילִיווּ (ליוּבּל. ג.) פאַלט דער r אָפּ ראַדיקאַל נוּר אין פרייען אויסלויט; — אַזוי: שוועסטע, בּרידע, קינדע, בּיכע, יעך ציטע וכ'.

---

1) זיי „זאַמעלבּיכער" II 272. — 2) דער r פאַרשווינט אויך אין די מוּנדאַרטען פוּן די שטעדט אוֹסיעצק (ליוּבּל. ג., גאַרוואָל. א.), סטוֹצק (ליוּבּל. ג., ליקעוו. א.); גנעוואָשוֹוו, ריטשיוואָל (ראַד. ג., קוֹזיענ. א.); גרויס-בּיאַלי (כעלם. ג.), טישעוויץ (כעלם. ג., טאָמאַש. א.); נאָר מכח דער טוֹנפאַרב פוּן דעם ענדזילבּוּוֹקאַל הוֹב איך צוּפעליקע, אַמאָל אויך ווידערשפּרוּכיקע באַאָבּאַכטוּנגען, אַזוי אַז כ'מוּז די פראַגע לעת-עתה נוֹך לאָזען אָפען. —

גייט נאָך דעם r, אַ קאָנסאָנאַנט, זענען די פּאַרהעלטענישען אַזוי:

a) אין מיטען פון בינדיקען זאַץ (אודער אַזוי אין שנעלען רעדען) פאַלט דער r אַרויס; — צום ביישפּיל: „די ציטעסט אַזוי ווי אַ פיש", „כ'וו כאַלוירן צוואַי הינדעט ריביל", „דים בר?דעס גישעפטן גייען זייַע גיט" וכ'.

b) אין עמפאַטישער אויסשפראַך הערט זיך אַנ'אָפּגעשוואַכטער r-לויט: „הוסט באַ זיך אַהינדעט זעק מעיל?"—„יפל, הינדערט?";— „דאָ' זענען מאַאַן שוועסטעס קינדע" — „דאַאַן שוועסטערס?" —, א. אַ. וו. —

2) אין סומפּולני (קאָליש. ג., קיַל. א.) פאַרשווונט דער r נור, ווען er- גייט דירעקט נאָך אַ שטאַמזילב מיט וואָקאַלישען אויסלויט, — למשל: ס'אויע, ס'טויע, דראַיע. —

דער ע איז זייער אופען און הוט אַף זיך אַ שטאַרקען טיפטון. ס'שפירט זיך אין דער אויסשפראַך פון דעם וואָקאַל, אַז נאָך אים איז אַמאָל געוועזען נוך אַ לויט, וועלכער איז אָפּגעפאַלען.

§ 8 — [אָפּשוואַכונג פון r אין דער אומבאַטונטער ענדונג -er]. — אין די פּוילישע מונדאַרטען, ווו דער נישטזילבענבילדענדיקער r פאַרשווונט נישט, ווערט ער מער אודער ווייניקער אָפּגעשוואַכט.

1) אין קאָליש איז ער ווייכליך און שוואַכליך, נור געגנוק דייטליך, מיט אַ נישט גרויסען פאַרלוסט פון געוויכט. —

2) אין ווישקוו איז דער פאַרלוסט אין געוויכט פון r גרעסער. דער וואָקאַל פון דער ענדזילב — געשלאָסענער e מיט אַ נייג צו i. —

3) אין סומפּולני, אין צווייזילביקע ווערטער (מיט קונסונאַנטיש אויסגייענדיקער שטאַמזילב), איזדער אויסלויט-r ווייך און לייכט, ווי אַף די העלפט אָפּגעשוואַכט. — אין דרייזילביקע, מיט דעם הויכטון אַף דער ערשטער זילב, בלייבט פון r מער נישט ווי אַ שאָטען עפּעס, אַ לינדער הויך, אין וועלכען ס'איז שוין כמעט נישט צו דערקענען די נאַטור פון דעם לויט, וואָס איז דאָ אַמאָל געווען. — אין פירזילביקע פאָרמען, מיט דעם הויכטון אַף דער ערשטער זילב, פאַרנעמט מען שוין דעם r לגמרי נישט: ער ווערט אינגאַנצען אויפגעלייזט: — דוומענפ?נגע (דער גרויסער פינגער). —

4) אין וויערושוו הערט זיך זייער שוואַך נישט בלויז דער r, נור אויך דער ע פאַר אים. דער וואָקאַל איז געשלאָסען און שטאַרק רעדוצירט: — דערפּער, ווערטער, ערטער. —

וואָס ווײַטער פון דער הויכבאַטאָנטער זילב, איז דער r אַלץ שוואַכער. למשל, אין אַיבישטער הערט זיך שוין, קען מען זאָגן, מער נישט ווי אַ גערויש פון אויפגעלייזטען r. —

5) וואַקלונגען איז צו קאָנסטאַטירען אין דער ווישעגראָדער (פּלוצק. ג. און א.) מונדאַרט.

אין מויל פון עלטערן דור איז דער r זייער שוואַך. נור אַמאָל הערט ער זיך געַנוּק דײַטליך, און ס'שפּירט זיך זײַן קאָנסאָנאַנטישע פונקציע; אַמאָל, אָבער, איז אים צו פאַרנעמען בלויז אין עמפאַטישען רעדען, אין קרעפטיק אַרטיקולירטער אויסשפּראַך, דערבײַ בײַ אָנשטרענגונג פון געהער. — דער e — זייער געשלאָסען און רעדוצירט, לײַכט און נאָנט צו i.

נאָך קאַפּריזישער איז דער r אין מונד פון יינגערן דור: דאָ הערט מען אים לגמרי נישט, און דער וואָקאַל אין אויסלויט — זייער אָפענער i; דאָ שפּירט זיך נאָכ'ן i אַ דײַטליכער הויכלויט (אַזוי: קינדיה, שוואָגיה); דאָ (עמפּאַטיש) שווימט-אויף אַ שוואַך אַרטיקולירטער זילבען-בילדענדיקער r (הייסט עס: קינדר, פאָאָטר), און דאָ לאָזט זיך פּלוצים פאַרנעמען די ענדונג -יר (און אַלץ אין מויל פון איינ-און-דעמזעלביקען פּאַרשוין!).—

§ 9 — [ער, איר, מיר, דיר — אין נאָכהויכטאָניקער שטעלונג]. — דידויזיקע פּראָנאָמינאַלע פאָרמען, ווען ס'קומט זיי אויס צו שטיין אין נעבענטאָניקער זילב (ד. ה. באַלד נאָך אַ וואָרט מיט הויכבאַטאָנטער ענדזילב, אָדער זוגאַר אין דער דריטער זילב נאָך דעם הויכטאָן), טיילען געוויינטליך דעם שיקזאַל פון דער ענדונג -er.

1) אין די מונדאַרטען, ווו די ענדזילב -er בלײַבט אָהן שינוי (§ 3), זעען מיר אויך די איבענאָנגעוויזענע פירווערטער אין זייער ליטעראַרישען געשטאַלט.

אין אייניקע מונדאַרטען גייט, אָבער, דער וואָקאַל פון די לעצטע דרײַ פאָרמען איבער אין ע[1]). — למשל, אין וואָלקאָוויסק (גרודנ. ג.) הערען מיר: „מ'לויסט מער (מיר) נישט אופעט”. —

---

[1]) די דערשײַנונג גייט, אייגענטליך, אַרײַן אין אַן אַנדער געביט (געוויער דאַרף זי באַהאַנדעלט ווערען בײַ דער פאָרשונג פון די וואָקאַלען פון דער אומבאַטאָנטער ענדזילב). —

אָנמערקונג. — אזאַ e אַנשטאָט i — אויך אין אייניקע דײַטשישע מ"ם. אין דער שוועבישער[1]: „er nimmt mer“ (ער נעמט מיר); — אין דער אודענוואלדער[2]: „di git mer“ (די־דוזיקע גיט מיר); — אין עלטענראָט[3] (א דורף אין זיגקרײַז): kommen mer (קומען מיר), Schlom-mer (שלאָגען מיר[3]); — אין אימסט[4]: staigmer (שטײַגען מיר); — אין באירישען[4]: mîr hammer (מיר האבען), mîr gemmer (מיר געבען). —

2) אין די מונדאַרטען, וואָס ווערען באַטראַכט אין § 5, פאַרליִרען די דערמאַנטע פּראָנאָמינאַ דעם r. וואָס שייך די וואָקאַלען זייערע, לאָזען זיך אין דער הינזיכט קאָנסטאַטירען דרײַ דערשײַנונגען:

a) אין אייניקע מונדאַרטען בלײַבט דער e (אין ער), און אין e גייט אויך איבער דער i (פון איר, מיר, דיר). — אין אמשינוו: „וויל ע“ (ער); אין נאַדאַרזשין: „זאָאָקט ע (ער), ר'וט ע (איר) גיגעין“; — אין גראָדזיסק: אינץ ווימע (ווינען מיר); אין פּיאַסעטשנע: „גישיקט מע“ (מיר), „ציריגעיבם אינגאַנצן מע“ (מיר); אין יעזיורנע: „אינד' זעמע"“; — אין גער: באַאַ[5]) מע (בא מיר); — אין איוואַנגראָד: אינץ קומע (קונען מיר); — אין פּשיטיק: אוט מי מע (הוט מען מיר), — וכ'. —

אָנמערקונג 1. — אין פּיליוו — אין דעם ווינקעל א נישטזיכערקייט. מ'זאָקט: „וויל ע (ער)“, „גי מע (מיר) געלט“,— און: „ע גיט מי (מיר) געלט“, „נאָ די (דיר) וכ'. —

אָנמערקונג 2. — פאַרלוסט פון r מיט איבערגאַנג פון וואקאַל אין e (אין די פּראָנאָמינאַ) זייען מיר אויך אין די דײַטשישע מ"ם. אין עלבערפעלד[4]: loffe (לויפען מיר). — אין מיטעלנידערדײַטשישען[4]: wi geve (גיבען מיר) [אלזו, r-פאַרלוסט, און דער וואקאַל אָהן קוואַליטאַטיווער ענדערונג]. —

b) אין אַנדערע מונדאַרטען ווערען די וואָקאַלען פון די פיר־ווערטער פאַרטונקעלט אין a. — אין סוכאַטשוו: „וו"ס קימט מאַ (מיר) ד' אַרווס?“, „אינד' זעמאַ“; — אין טאַרטשין: „אינדז אומאַ“, „אינד' זעמאַ“; — אין בערזשין: אומאַ (הובען מיר); — אין קליין-ביאַלי: איזאַ (איז ער); — אין אַפּט: זעמאַ, וכ'. —

[1]) גייזרג וועהל, c. l ז' 240. — [2]) l. c ז' 245. — [3]) „אם אגר-קוועלל“ V ז' 17. — [4]) בעהאַגהעל ז' 270. — [5]) הויכטון אף דער פּרעפּאָזיציע. —

c) אין געוויסע מונדאַרטען, ווידער, זענען די פאַרהעלטעניִשען געמיִשט: אין צווייטער זילב (דירעקט נאָך דער הויכטוניקער) — a; אין דריטער זילב און ווייטער, ווי אויך אין לוגיש ווייניקער וויכטיקע טייִלען פון זאַץ — e. — למשל, אין ריקי: „שראַאַפּטאַמע" (שרייבט ער מיר); — אין ריטשיוול: „מ'וט מאַ (מיר) דורטן גיזאָאָקט מע (מיר)". —

אָנמערקונג. — די באָובאַכטונגען סכח דעם a זענען, אויבער, פאַ מיר צופעליקע, און די דערשיינונג נייטיקט זיך נאָך אין גענויערע פורשונגען. —

3) אין די מ"מ פון § 6, גייען, נאָך דעם פאַרלוסט פון r, די וואָקאַלען פון די פּרונומינאַ אינגאַנצען נאָך דעם e אין דער ענדונג -er. — אזוי: a) אין ליובלין: גיטאַ, איזאַנאַ, אינץ זעמאַ, נאַדאַ [1]). — b) אין ווענגערווי, אין לענטשני, אין קרעמעניץ: נעמטאַ, גיבאַ, אינץ זעמאַ, כ'טידאַ [2]). — c) אין וואַרשע: איזו, איזונו, טיטונו, באַנו, געמו, געטומו, כ'געדו, דאַלאַנקטודו [3]). — d) אין טורטשין: איזאַר, זעני מאַר, נאַ דאַר (עפּטער, אויבער — נאַ דיר). —

4) אין די מ"מ פון § 8, ווערט דער r פון די פּרונומינאַ אָפּגעשוואַכט אין דערזעלביקער מאָס, ווי אין דער ענדונג -er, און דער i (אין איר, מיר, דיר) גייט איבער אין e. — אין ווישעגרוד [דער עלט. דור]: אינץ געמער [4]) (גיבם מיר), געסט מער (גיסט מיר); — [דער יינגער. דור]: זאָאָקטיר (ער), אוף [5]) איר, אוף [5]) מיר, פּאָאָר דיר. — אין וויערושוו: געסער (גיט ער), געמער (גיב מיר), כ'געבער (כ'גיב איר), נאַדער (נא דיר). —

§ 10 — [איינזילביקע אדווערבען אין נאָכהויכטוניקער שטעלונג]. — 1) r אין די אדווערבען גאָר, נור, דורט וכ', ווען זיי קומט-אויס צו שטיין אין נאָכהויכטוניקער זילב, טיילט דעם גורל פון r אין דער ענדזילב -er.

2) די וואָקאַלען זייערע בלייבען מערסטענטיילס באַ דער אור-שפּרינגליכער טונפאַרב,—נאַטירליך, מער אודער ווייניקער רעדוצירט. אין קרעמעניץ, למשל: „אַ (ער) וויל גאָ (גאָר) שפּאַצירן"; „עיאַ נו!" (הער

---

[1]) גיט ער; איז ער איר; אונז זענען מיר; נא דיר. — [2]) נעמט ער; גיב איר; אונץ זענען מיר; כ'טו דיר. — [3]) איז ער; איז ער איר; טוט ער איר; כאַ איר; גיב מיר; גיט ער מיר; כ'גיב דיר; דערלאַנגט ער דיר (דער הויכטון איבעראַל אַף דער ערשטער זילב פון אָנהייב; בלויז אין לעצטען פונעטישען קומפּלעקס -- אַף דער צווייטער). — [4]) דער ענדזילב-ע — געשלוסען (נטיה צו !). — [5]) הויכטון — אַף דער פרעפ. —

נור); „ווער אִז דוֹט?“¹) (זער אִז דורט); — אִין טורטשִין: „ווער אִז דוֹט“²); — אִין פִּילִיוו: „הוֹרך נוֹ“; — א. אַ. וו. —

3) אִין אײנִיקע מ״מ ווערען די שווערערע ווֹקאַלען אָפּגעשוואַכט אִין θ. — אִין נײַשטעטל (פּעטריק. ג., ראַוו. א.): הע נע (הער נור).

§ 11 — [ר אִין אויסלויט פֿון פורהויכטוֹנִיקער זִילב]. — 1) ער גײט-נאָך דעם ך פֿון דער ענדונג ‎-er‎, ד. ה. פֿאַלט-אַרוֹיס אִין אײנִיקע מונדאַרטען [פֿון די פּאַראַגראַפֿען 5, 6; פֿו פונקט 1 אִין פּאַר. 7; און, ווי מִיר וועלען ווײַטער זײן, אִין אײנצעלנע פֿאַלען, זוגאַר אִין מ״מ פֿון פּאַר. 8]; ווערט אָפּגעשוואַכט אִין אַנדערע (§ 8).

2) פֿאַר ווֹקאַלִישען אַנלויט פֿון דער הויכטוֹנִיקער זִילב בלײַבט דער.

3) די דערשײַנונגען לוֹזען זִיך קוֹנסטאַטִירען אִין די גרענעצען פֿון ווֹרט אַלס אַזעלכען, ד. ה. אַלס זעלבסטשטענדִיקער גאַנצקײט. מִיר הּ[illegible]

a) פֿאַשוֹין (וואַרשע, פּילִיוו), פּישוֹין [וואַרשע, נוווִידוור, לאַגוווִיץ³), ביאַלובזשעג, סטרומנִיץ, נײַשטאָט⁴)], פשוֹין⁵) (וואַרשע), פּירשוֹין⁶) (סומפּולני); פּירשו ן (ווישעגרוד), פּערשוֹן (וויערזשווו), א. אַ. וו. —

b) גִיטוֹפלים (מ״צ) [וואַרשע, ברוודי⁷)], קאַטוֹפּלים (מ״צ) [פּילִיוו, ווישעגרוד, קרעמענִיץ, טורטשין]⁸), קִירטוֹפל (וויערזשווו).

אָנמערקונג 1. — זוגאַר אִין ווִישעגרוד (ווו דער ר אִין אויסלויט פֿון נאָכהויכטוֹנִיקער זִילב ווערט, אַלס נורם, בלויז אָפּגעשוואַכט)! — דאָס באַווײַזט, אַז דער קרײַז פֿון r-אַרויספֿאַל אִין אויסלויט פֿון פורהויכטונִיקער זִילב איז ברײַטער, ווי דער קרײַז פֿון ר-פֿאַרשווִינדונג אִין אויסלויט פֿון נאָכהויכטונִיקע זִילבען. —

אָנמערקונג 2. — אִין קאַזאַנוו: קאַרטוֹפלים, אִין ווִישקוו: קאַרטִיפלי (מ״צ קאַרטִיפּלים) (בײַם פֿולען ר), — מחמת דורט פֿאַלט דער הויכטון (ווי נורמאַל אִין יִידִיש אויך אִין דעם פרעמדוואָרט אויף דער ערשטער זִילב). —

---

¹) הויכטון אויף „אִיז“. — ²) פֿאַר דעם ט — שטאַרקער אונוואָלאַרישער גערויש (-עשט פֿון r). — ³) ראַד. ג., אַפּט א., גמינע מאַלקעווִיצע. — ⁴) כטויפּניצ. א.— ⁵) „צוואַי פשוינע“. — ⁶) דעם j קוים-קוים צו הערען; דער r עטוואָס (נִישט קײן סך) אָפּגעשוואַכט. — ⁷) ווי „זאַמעלבִיכער“ I 21. — ⁸) אִין סומפּולנִי: קאַרטִיפּל (מִיט פֿולען r, כוטש הויכטון אויף מִיטעלסטער זִילב). —

c) פאַנוסי (קינצק, פיליוו), פינוסי (וואַרשע);

d) גאַבאַרניִ [1]) (פיליוו), גיבאַרניִ (ראַדזין), גאַבאַרניִק [2]) (ליובלין);

e) גובענאַטע [3]) (טאַרטשין, נײַשטעטל [4]), כמיעלניק, גאַרוואָלין, פיליוו), גובענאַטאַ (קרעמעניץ), גובענאַטאָ (וואַרשע); גיבאַרניִ [5]) (ראָדים);

f) רעזיוואָלסטקי [6]) (וואַרשע). —

אָנמערקונג. — די ווערטער אין דעם געשטאַלט (נאַטירליך, מיט געוויסע פאָלקסעטימאָלאָגישע אונטערשידען) ווערען מערסטענטײַלס געברויכט כמעט אַף דעם גאַנצען געביט פון די מ״ט, וואָס ווערען אַרומגענומען פון די §§ 5—7 (און — זוגאַר 8). אין די קלאַמערן ווײַז איך אָן בלויז די ערטער, אין וועלכע כ'האָב די ווערטער אין די פאָרמען פערזענליך געהערט. —

4) ווײַטער זײַען מיר די דערשײַנונגען באַ די פאָרזילבען פאַר (אין אייניקע מ״ט — פער) און דאַר (אודער דער).

a) אין וואַרשע: פאַברענע, דאַבאַאַ; פאַגעסן, דאַגאַין; פאַדינע, דאַדריקן; פאַהופן, דאַהיצן; פאַוואָלסטן, דאַוואַרמע; פאַזאָרגן, דאַזעין; פאַטאַידיקן, דאַטרינקע; פאַיאָרן, דאַיאָגן; פאַכאַפּם, דאַכאַפּם; פאַלאַנגע, דאַלאַיגן; פאַמישן, דאַמאַנע; פאַנעמע, דאַנעיבם; פאַסאַמע; פאַפאַקן, דאַפּיצן; פאַפּאַלן, דאַפעיו; פאַצאַילן, דאַצאַרנע; פאַקויפן, דאַקוויקן; פאַשידן, דאַשוויצט.

b) ענליך אין אַלע מ״מ, וואָס דערמאַנט אין די §§ 5, 6, 7 (פיליוו [7]).

אָנמערקונג. — די וואָקאַלען אין די אָנגעוויזענע פאָרזילבען ווענען דערבײַ נישטבאַשטענדיק (טאַקי מהמת אין אומבאַטאָנטער זילב!).

ס'קומט־אויס צו הערען e (דערהויפּט אין „דער", און מערסטענטײַלס אין פוילען): דענאָך, דענאָכן (וואָליע [8])], דענאָעך (טאַרטשין), דענאָכדן (גאַרוואָלין), דעכאַפּט (פיאַסעטשני), דעקינדיגן (דרילטש), דעמאַנין (אמאָל אויך: דערמאַנין) [פיליוו].

---

[1]) פוילִיש garnarnia (גאַרבערײַ). — [2]) גאַרבער. — [3]) אין שעפּס (פּלוצק. ג.) די צווייטע זילב מיט י. — [4]) פּעטריק. ג. — [5]) גובערניע. — [6]) רעזערווִיסטקע. — [7]) און נאָך: אין ליקיווי (ליובל. ג.) ביאַלאָבזשעג (ראָד. ג., קוויענ. א.), ראַדושיץ (קינסק א.) גאַדאַרושין (וואַרש. ג.. פּלוינ. א.), אָמשינוו (סקערנ. א.), סובערגיוו (קיעלצ. ג.), קראַסנוסטאַוו, סוקעלווי (ליובל. ג.). — [8]) גמ משיסטע, הינטער וואַרשע. —

לעבען די פורמען מיט a היבען די פוילישע מ"פ (§§ 5 — 6) פאראלעלע געשטאלטען מיט i: פישטאַיסט, פינימע, פישיידן, פימישט [וואַרשע, גוסטינין, גלינוויץ, נײשטאָט[1]), א. א. וו.], דיקענט (גריצע, א. א. וו.).

צווישען פ און ש פארשווינט אמאל דער וואקאל אינגאנצען: פשטאַיסט, פשיידן (ווארשע, א. א. וו.).

דאָס זענען אַלץ דערשיינונגען פון רעדוצירונג, וואָס איר מדרגה אין דעם אור יענעם פאַל הענגט-אָפּ פון דעם טעמפּ, אין וועלכען די רעדע ווערט געהאַלטען.

די גראַדאַציע איז: a (e) — i — ÷ (ד. ה. אָהן וואקאל). —

c) אין סומפּולנו: פערקויפן, פערברענען[2]). —

אין וויערושוו: פערזוּומ (פאר ווערבום — ע), פאַרנאַכט (a — טהמת „פאר" אורשפּרינגליך זעלבסטשטענדיקע פּרעפּאזיציע פאר נומע). פאַיאָרן (פאר, אַלס אַנלויט פון נומען, אַרויספאַל פון r אין אַמאָליקער פּרעפּאזיציע).

אין ווישעגראד: פערלאַנק[3]), דירמאַנס (באַם עלטערען דור); פאַ-טראַכט, דאַלאַנגס (באַם יינגערען).

אָנמערקונג. — זיי אָנמערקונג 1 אין טעקסט אויף ז' 15. —

5) פאַר, אַלס פּרעפּאזיציע, ווערט-אָן דעם r נאָך אין אַ ברייטערען קרייז, ווי אין פאָריקען פונקט אָנגעצייכענט.

אין וואַרשע: פאַ וואָע[4]), פאַ מאַאַנסטאַלבם, פאַ דאַאַנסטאַלבם, פאַ די געסט, פאַ די קינדו, וכ'. —

אין פּיליוו: פאַ מיע, פאַ דיע וכ'. —

אין קרעמעניץ: פאַ מאַניטוועיגן, פאַ דאַניטוועיגן, פאַ זאַניטוועיגן, פאַ זייאַטוועיגן, פאַ וואָע, פאַ די ברידאַ, וכ'. —

אין נרעשין: פאַוואָס? —

אין בערדיטשעוו: פאַ וואָס, „פאַ די גיטי מאַסים טויווים"[5]), וכ'. —

אין סוקעלווע: פאַ זיך, וכ'. —

אין בריסק-דליטא (!): פאַ דעריף[6]), וכ'.

א. א. וו., א. א. וו., א. א. וו. —

אָנמערקונג. — פון דעם סטערעאָטיפען אויסדריק: „פאַר אַכט טאָג" (ד. ה. מיט 8 טאָג צוריק, יענע וואָך, די פארגאַנגענע וואָך) איז אין די מיזרחישע מ"ט, דורך דער דערשיינונג, וועלכע בעהאַגהעל[7]) רופט „באַזייטיגונג פון דער וויד-

[1]) פינטש. א. — [2]) r פאַרליירט קוים-קוים אין געוויכט. — [3]) ע יטוגאַרט פאַ-פען r; זייער שוואַך, ווייך, (פּאַלאַטאַל). — [4]) פאר וואָס. — [5]) מעשים טובים. — [6]) = דערפאַר. — [7]) ז' 200. —

גרענע״, געווארען אַ זעלבסטשטענדיקער וואָקאַבעל מיט אַרויערביַאלער עגרונג: פאַכסטאָגן, [וואַרשע, נאַדאַרזשין, ליובלין, פּילוו, ק־עמעניץ, טורטשין, בערדיטשעוו א. א. ח.].

דער ר (אין פאַר) איז דאָ פאַרשוואונדען, נישט אַפּטענדיק אַף דעם וואָקאַלישען אַנלויט פון נאָכפאָלגענדיקען וואָרט („אַכט״), מחמת, לויט דער אַקצענטירונג פון דעם אויסדריק, איז די אומבאַטאָנטע פּרעפּאָזיציע אָפּגעטיילט פון דעם הויכבאַטאָנטען הויפּטוואָרט מיט דעם ציילוואָרט, וואָס האָט אויך פאַרלוירען דעם הויכטאָן. —

אין וויערושאָוו, אין ווישקאָוו: פאַראַכטאָגן.

6) די דעיקטישע פּירוואָרטער: ער (3 טע פּ.), מיר (מ״צ פון פערז. פּראָנ. 1 טער פּ.), איר (מ״צ פון פערז פּראָנ. 2 טער פּ.), און דער אַרטיקעל דער, פּראָקליטיש, פאַרלירען דעם ר לגמרי, אָדער ער ווערט בלויז אָפּגעשוואַכט אין דער אָדער יענער מאָס. דער ע בלייבט, אָדער ווערט (דערהויפּט אין די מ״ם פון 6 §) פאַרטונקעלט אין a; דער î, ווידער, ווערט פאַרקירצט — אַמאָל קוים־קוים, אַמאָל ביז י, אָדער פאַרטונקעלט אין a [אָפּהענגיק פון די פאַרהעלטענישען פון דער לוגישער באַטאָנונג [1]) אין זאַץ],

אין וואַרשע: אַ (ער) ברעינקט, אַ גיט, אַ דאַרשנט, אַ האַיסט, אַ וויל, אַ זידלט, אַ חזרט, אַ טוט, אַ יאָאָקט, אַ כאַפּט, וכו׳; — דאַ (דער) בוים, דאַ גאָאָטן, דאַ דלות, דאַ הינט, דאַ וואַרעט, דאַ זעלנו, וכו׳. —

אַנמערקונג. — מיר און איר אין וואַרשע נישט געברויכט. מ׳באַנוצט: אינץ און עטץ. — דאָך קומט־אויס צו הערען (פאַרטראָגען פון אַנדערע שטעדט) אויך דאָרט: „ווי ט׳יר [2]) זי געפינע?״. —

אין קאָזיעניץ: אַ (ער) רעט, דאַ (דער) קאָפּ, „אַ (איר) ווילט נישט?״ — אין קאָמאַראָוו: אָן דאַ ביקס (אָנגעשפּאַרט זיך). —

אין קרעמעניץ: אַ (ער) קען, אַ שראַיט; דאַ (דער) זין, דאַ בויגן; אי (איר) ווילט נישט, אי לוסט נישט [2]). — אין ווענגראָוו: אַ (ער) נעמט. —

---

[1]) דאָס נייטיקער דער פּראָנאָמען איז (פאַר׳ן ווערב, געוויינטליך) אין לוגישער באַזיפּט, דאָס ברייטער איז דער i, דערגרייכענדיק די גאַנצע פולקייט, ווען אין אויסדריק איז ער גלייך באַטאָנט מיט דעם ווערב, פאַר וועלכען ער שטייט. — [2]) ווערט איד. — [3]) אין קרעמעניץ, ווידער, נישט מיר, נור אינץ. —

אין פּילוו: **ע** (ער) **גיט, ע שלאָקט, ע ווילי**[4]); **דע** (דער) **קופּ**; **מי** (מיר) **גאַיין**. —

אין **לענטשנע: מי** (מיר) **גאַיימאַ, מי לומאַ.**

אין ליובלין: **„דאַ לילאַס דאַם"** (דער עלילת-דם). —

אין טורטשין: **אַ** (ער) **גיט, דאַ** (דער) **טיש.**

אין וויערזשבוו, אין סומפּולנע: **ער שטאַיט** (נישט זיצט). — אין ווישעגראָד: **עיר געט, דער טיש** (און: **דע טיש!**). —

אָנמערקונג 1. — ווען פֿאַר וואָקאַלישען אָנלויט פֿון נאָכשטייענדיק'ן וואָרט בלײַבט דער r אפילו, דוך די וואָקאַלען פֿון די פּראָנאָמינאַ ווערען געענדערט, גלײַך ווי ווען דער r פֿאַלט יו אָפּ. — אין וואַרשע: **„אַר** (ער) **אי גיזינט", „דאַר** (דער) **אָדלו"**; — אין ריקי: **„... אַז אַר אי קראַנק"**; — אין ליובלין: **„ווי אַר איז"**; — אין קרעמעניץ: **„אַר יסט", „דאַר אָדלאַ"**. —

אָנמערקונג 2. — אין דער נוישטאַטדלער[1]) (אין די איזערגעבירגע) דײַטשישער מונדאַרט: „a sonn" (ער האָט געקלערט), „wie a ihr" (ווי ער איר), „a hotte" (er hatte =) א. אַ. וו. — אין אונטערפֿרענקישען[2]): „ar hat"... (ער האָט). — אין קעלן[2]): „hä ess ..." (ער איז), „hä hät" (ער האָט). — אין דער דירענער מונדאַרט[2]): „ä ess"... (ער איז), „ä hät"... (ער האָט). — פּלאַטדײַטש[3]): „he is"... (ער איז), „he hett"... (ער האָט). — באַ די אופּענער שוואַבען[4]): „mer haben"... (מיר האָבען). — אין מיטעלשלעזיע[5]): „dar (= der) sturch". —

7) איטליכס אײנזילביק וואָרט מיט ר-אויסלויט, פֿאַר אַ לוגיש שטאַרקער אַקצענטירטען זאַצטייל, פֿאַרליערט דעם הויכטון און קומט-אויס אין נעבענטוניקער שטעלונג. דאַן ווערט עס אויך אָן דעם r-לויט (אָדער דער לעצטער ווערט אָפּגעשוואַכט, — אַלץ נאָך דער מונדאַרט נאָך), און דער שטאַמוואָקאַל ווערט רעדוצירט. —

למשל: **אַ פּאָ**[6]) **יאָע** (נישט טעג און נישט הדשים), **אַ פּאָ וואָכן** (נישט טעג), **אַ פּאָ טאָג** (נישט שעה); **אַ יאָ**[7]) **דראַאַסיק** (נישט 20, אָדער נישט 40), **אַ יאָ דאַפּעיו** (נישט אַ יאָר שפּעטער); **דוכ'ן פּענסטו אַדוך** (נישט

1) עמפּאַטיש: עֵ, ער. — 2) „אַם אור-קוועלל" III, 31. — 3) „אַם אור-קוועלל" V 53. — 4) l. c. 52—53. — 5) l. c. 230. — 6) l. c. III 20. — 7) פּאָר. — 8) יאָר. —

דורך דער טיר); פי פישוין[1]. — [אין וואַרשע, — ווי אויך אין כיכאַטשעוו, חיסקיט, קוזיענין, לאַגווין, פיליוו, לופושנו, א. אַ. וו., אין אַלע פוילי: אַ מ״מ פון די פשראַגר. 5 און 6]. —

„אַ וויוֹשטי[2]) עליף" (נישט מער [יוזליוּפּוֹל, סוכאַטש. אַ., גמ. מלידזועשין]. —

„דעך אינץ" (נישט דורך עמיצען אַנדערש) [מוקובודי, גמ. סקיפי, שיעדלעצ. א.]. —

אין קרעמעניץ: „ווע זיצט דוֹט" (ווען מ׳באַראַך שטיין)? „אַ פּאָ חדשים"; „אַ יאָ צוואוֹנציק"; „דעך אַיִם (נישט דורך טיר, נישט דורך דיר, א. אַ. וו.) אי דאָס גישעיין". —

אין טורטשין: דעך (דורך) דאַ שטאָט.

אין ווישקווי, אין סומפּולני: אַ פּאָר קינדער. — אין וויערזשווו: אַ פּאָר וואָכן; אַ וויוֹרשט[3]) צוואוֹנציק; דוֹרך[3]) די שטאָט. —

12 § — [ r-פאַרלוסט אין אָנלויט פון פורהויכטוניקער זילב]. — 1) מערסטענטייִלס זײַען מיר די דערשײַנונג אין פוֹלקסעטימוֹלוֹגיעס, אין פרעמדע ווערטער, וועלכע דער המון גיט-צו אַ געענדערט געשטאַלט, פאַריידיש-ענדיק זיי.

אַזוֹי באַגעגענען מיר: a) מינאַרקי[4]) (אין וואַרשע, ליובלין, פיליוו); מאַנאַרקי (בערזשין); — b) פּוֹטעסט[5]) (וואַרשע, ליובלין), פּאַטעסט (ליובלין), פּיטעסט [מוגילניצי, פּילטיסק, אוסטרווו[6])]; — c) פּעקאָרוֹע[7]) (בערזשין); — d) פּאַטרעט[8]) (וואַרשי); — e) וויִרוֹווי[9]) (וואַרשע); — f) פּערענט (יעזיורני), ווערענט[10]) (גריצע[11]). —

---

[1]) „ווער איז דורט געווען?" — ענטפער: „4 פאַרשוין" (דער עיקר אין דער פראַזע: די פּאַרשוינען). — אודער: „ס׳זענען געקומען 4 פאַרשוין" — דאָס וויכטיקסטע אין דעם זאַץ איז דאָס קומען און די פּאַרשוינען (לוגיש-געוויכטיקער די פּאַרשוינען). — [2]) ווערסט. — [3]) דעם r קוים צו פאַרנעמען. — [4]) פּויליש: marynarka (רעקל, пиджакъ) [אין סומפּולני: מאַרינאַרקי (מיט הויכטון אַף ערשטער זילב)]. — [5]) פּרוטעסט (הויכטון אַף ענדזילב). — [6]) כּעלם. ג., וולודאַוו. א. — [7]) פּרוקורור (הויכטון אַף ענדזילב). — [8]) פּורטרעט (הויכטון אַף ענדזילב) [אין „ליד פון ראַבאָניק" ווי „זאַמעלביכער" II ז׳ 299) אַף ז׳ 28: „פּאַטרעטען"]. — [9]) פּויליש: rewirowy. — [10]) פּויליש: referent (אַף יידיש — הויכטון אַף ענדזילב). — [11]) פון וואַרשעווער יידען, וואָס געברויכען רוסישע ווערטער (למשל, רעדענדיק פון אַ געריכטספּרוצעס) איז מיר אויסגעקומען צו הערען: פּאַרמיעט, פּוראַזשי: (предметъ, продажа). —

g) דאָס ווארט מוראַטאָריום [1], וואָס איז צום סוף פון יאָר 1914 באַקאַנט געווארען אין דער יידישער גאַס, האָט שוין באַוויזען אין פאָלקסמויל צו ענדערן זיין געשטאַלט. אין װאַרשע קען מען הערען [2]: מעראַטאָריּ [בלויז אַפּשוואַכונג פון וואָקאַל אין דער ערשטער (אומבאַטאָנטער) זילב]; אין טאַרטשין האָב איך באַגעגנט [3]: מאַטאָריּע (שוין מיט פאַרלוסט פון ר). —

2) אין די ביישפּילען c — f, אין טאַרטשינער g (און אפשר אויך אין a) קען מען איינזעהן דערשיינונגען פון רעגרעסיווער דיסימילאַציע: r אין הויכבאַטאָנטער זילב [אין איר אויסלויט (a); אין אַנלויט (c — f)] אודער אין נאָכהויכטאָניקער (g) שטופּט-אַרויס דעם r-אַנלויט פון דער פאָרהויכטאָניקער זילב (אין די ביישפּילען e און f פאַרשווינדט אויך דער וואָקאַל אירער; אין טאַרטשינער g — דער שוואַכער וואָקאַל פון דער ערשטער זילב). —

3) אין אַנדערע ערטער ווערט דער r אין צוויי פון די אויבענגעבראַכטע וואָקאַבלען דורך אַזאַ דיסימילאַציע אַרויסגעשטופּט, אָבער נישט אינגאַנצען: ער גייט איבער:

א) אין ד: דעפּערענט [4] (נייטאָט, פלינסק. א. וואַרש. ג.);

ב) אין ל: מאַלינאַרקי [5] (ווישעגראָד); ליפּערענט [4] (סטוצק, ליקעוו א., ליובלין. ג.), ליפּרענט (ווישקאָוו). —

ג) אין נ: נאַפּאַרענט [4] (קאָליבעל), ניפּערענט [4] (ראַדזימין). —

אָנמערקונג. — אייגנאַרטיקע פאָלקסעטימאָלאָגיע אין ווישעגראָד: ליעווערווער [6] (= רעוואָלווער): דער אויסלויט-ל פון דער הויכטאָניקער זילב האָט אַסימילירט דעם אַנלויט-r פון דער פאָרהויכטאָניקער, וועלכער האָט, ווידער, פון זיין זייט אַסימילירט דעם ל. דערפון דאָס בילד פון איבערשפּרינגונג: דער ר מיט דעם ל זיינען געביטען מיט די ערטער. — אין סאָמפּאָלנע: דעיר אַליעווערווער. —

## r אין הויכטאָניקער זילב.

§ 13 — [אַלגעמיינס]. — 1) הויפּטזאַכליך קומט-אויס צו רעדען פון דעם אויסלויט-r אין הויכטאָניקער זילב.

---

[1]) אַקצענט אויף דער דריטער זילב פון אָנהייב. — [2]) אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1915. — [3]) פּסח-צייט 1915. — [4]) רעפּערענט. — [5]) מאַרינאַרקי. — (דער j נאָך דעם ל כמעט לגמרי נישט צו הערען). — [6]) הויכטאָן אויף מיטעלסטער זילב (ווי אין פּויליש). —

2) מ׳דאַרף אונטערשײדען r נאָך קורצען שטאַמוואָקאַל און נאָך לאַנגען.

3) אין אַ גאַנצער רײ פאַלען באַשטימט דער אויסלויט-r אַלײן די קוואַנטיטעט פון דעם שטאַמוואָקאַל פאַר זיך.

a) אַפּ׳ן גאַנצען געביט פון פּוילישיִדישען דיאַלעקט ¹) און אין אײניקע דרום-רוסלענדישע מונדאַרטען ²) א. ו. e אין געשלאָסענער זילב לאַנג, ווען נאָך אים גײט ר, רד, רט, רש.

b) אין אַנדערע מ״מ [ליטווישע ³), דרום-רוסלענדישע ⁴)], אויך אין דער ווישקעווער ⁵)] לײדט, פאַרקערט, דער r נישט פאַר זיך קײן לאַנגען e, אפילו אין אופענער זילב, און פאַרקירצט זוגאַר דעם מה״ד ê, וועלכער גײט אין דידוזיקע מ״מ געווײנטליך שטענדיק איבער אין עי (אַי— אין ווישקוו). —

c) דער יידישער קורצער a (אקעגען מה״דײטשישען) ווערט פאַר r פאַרברײטערט: אין די פּוילישע ⁶) מ״מ, אין די דרום-רוסלענדישע ⁷), אין דער ווישקעווער ⁸), אין די גאַליציִשע ⁹).

א. א. וו. —

4) אויך די קוואַליטעט פון דעם שטאַמוואָקאַל באַשטימט דערבײ דעם r אופטמאָלס:

a) פאַר ר (אויך: רד, רט; אמאָל — רוו) גײט דער מה״ד קורצער a אין געשלאָסענער זילב (אויסער כלל) איבער אין o (אודער u, û) ¹⁰). —

b) אין די דרום-רוסלענדישע מ״מ, וואָס האָבען o אַקעגען קורצען a פון די ליטווישע און פּוילישע מ״מ, בלײבט פאַר r — a ¹¹).

א. א. וו. —

§ 14 — [r נאָך קורצען שטאַמוואָקאַל]. — 1) ער בלײבט על פּי רוב אומבאַריִרט. נאָר זעלטען פאַלט ער אַרויס, ציִ ווערט אָפּגעשוואַכט (בײשפּילען — אין פאָלגענדיקען §).

---

¹) „זאַמעלביכער" II 246. — ²) l. c. 255 — 256. — ³) l. c 241—242, 244. — ⁴) אין ריזשאַן, קריוויזיר (l. c 269 — 270), טירטשין, לוצק. — ⁵) l. c. 273. — ⁶) l. c. 288. — ⁷) l. c. 284, 293, 295. — ⁸) l. c. 283. -- ⁹) l. c. 286. — ¹⁰) l. c. 280 אין חײטער. — ¹¹) l. c. 295. —

2) די קוואַליטעט פון קורצען שטאַמוואָקאַל ווערט שטאַרק פון דעם ר באַאיינפלוסט.

אנמערקונג. — מיר באַטראַכטען דאָ נור די דערשיינונגען, בּאַ וועלכע די קוואַנטיטעט פון דירוזיקע שטאַמוואָקאַלען בּלייבּט אומגעענדערט.

3) קוואַליטאַטיווע ענדערונגען פון די מה"ד קורצע שטאַמוואָקאַלען פאַר ר, וואָס לאָזען זיך קאָנסטאַטירען פאַר אַלע יִידִישׁע דיאַלעקטען, ווי אויך פאַר דער שריפטשפּראַך:

a) ë, e און ä גייען-איבּער אין a. — אַזוי: וואַרפן, שטאַרבּם, האַרץ, בּאַרג, וואַרגן, דאַרבּם, האַר[1], קאַרש, פאַרבּם, שפּאַרן, פּאַרטיק, פּאַרמעט, אַרבּל[2].

אנמערקונג 1. — דער איבּערגאַנג אין a קומט נישט פאָר, ווען נאָך דעם ר גייט איינער פון די דענטאַלע ד, ט, סט, אָדער דער נאַזאַל נ [אויסנאַם: פּאַרטיק]. —

אנמערקונג 2. — דאָס געשטאַלט בּערג איז פאַרבּליבּען אין די בּיינעמען: בּערגאַיזן[3] (הויכּטון אף מיטעלסטער זילבּ), בּערגער[4], גאָלדבּערג, האָכבּערג, ווייַנבּערג, ראָזענבּערג, שטיינבּערג[5] וכ'. — די יִידִישׁע פאַמיליענאַמען צייכענען זיך איבּערהויפּט אויס מיט זייער קאָנסערוואַטיזם. די איינצעלנע גלידער פון די אויבּענגעבּראַכטע קאָמפּאָזיטאַ ווערען אין אַלע יִידִישׁע מונדאַרטען, אַלס זעלבּסטשטענדיקע וואָקאַבּלען, מערסטענטיילס געבּרויכט גאָר אין אַנדערע געשטאַלטען: הויך (העיך), וויַן (וואַן), רויז (רעיז). —

אנמערקונג 3. — אין מיטעלשלעזיע[6]: Barg.

b) i גייט-איבּער אין e: — שטערן[7], הערש[8], ערגיץ[9], אינערגיץ. —

---

[1]) זייער פאַרשפּרייט אין פּוילען: „האַר-לעיבּס" (וואַרשע, גריצע, גער, א. אַ. וו.). — [2]) מה"ד wërfen, stërben, hërze (hërz), bërc,
wërgen, dërben, hërre, kërse (kirse, kriese), verwen (vär-
wen), sperren (spirren), vertec (vertic), pergamënte (per-
mënt, perminte, permint, permit), ermel (ermelinc, erblinc)
[לעק' 375, 247, 99, 16, 375, 34, 98, 122, 337, 240, 334, 185, 153]. —
[3]) אין וואַרשע, נאַלעווקי וכ'. — [4]) קרעמעניץ. — [5]) אין פּוילען, אין דרום-רוסלאַנד, אין ליטע. — [6]) „אַם אור-קוועלל" III 20—21. — [7]) лобъ. — [8]) מה"ד stirne,
hirz (לעק' 249, 102). — [9]) מה"ד iergen (irgen, irgent, ieren)

c) ü — אין e: טערקיש, ווערעמדיק[1]).

c′) אַמאָל — אין a: באַרשט, דאַר, גאַרטל, פאַר, דאַרפן[2]).

d) u — אין o: — גורגל, וואָרם, וואָרצל, וואָרף, שוס, פאַר-דראָס[3]), דאָרשט[4]).

4) אין די מונדאַרטען פאַרכאַפען די דערשיינונגען אַ ברייטערען קרייז, און די קוואַליטעטענדערונגען פון די וואָקאַלען גייען נאָך ווייטער.

a) מיר זייען a (אָנשטאָט e) אין לאַרנען[5]); זוגאַר אין אַזעלכע פאָרמען, ווי אַרטו, וואַרטו, דאַרפו, וואַרעם (מ"צ צו אורט, וורט, דורף, וורים), שטאַרצו (דעמינוט. צו שטאַרץ), אַרגו [קומפּאַר. (דער פּאָזיטיווער גראַד אין יידישען נישט געברויכט)][6]), פאַראַרגורן (ווערבום פון אדיעקטיוו אין קומפּאַראַטיווען גראַד). — [וואַרשע]. —

גובאַרני′ן[7]) (טאַרטשין), גיבאַרני[7]) (ראָדים). —

אין דובנע (קאָליש. ג., טורק. א.): אַרגער[8]). —

אין דער סלוואַקאַי, זוגאַר: וואַר (== ווער)[9]). —

---

לעק' III]. — דאָס געשטאַלט אין אלע יידישע מ"מ. אין ווישעגרוד: ערגיץ, נערגיץ. —

[1]) מה"ד türkisch, würmic (wurmec) [לעק' 276, 395]. — [2]) מה"ד bürste, dürre (durre), gürtel, vür (vüre), dürfen (durfen) [לעק' 32, 39, 87, 360, 39]. — [3]) מה"ד gurgele (gurgel), wurm, wurzel, wurf, schuż, ver-druż (ver-drież, ver-drôż) [לעק' 87, 395, 222, 318]. — זיי צו דעם פונקט: גערזון 21 — 23. — [4]) אין פיליוו: דאָרישט; אין וויערושווו: דאָכשטיק. דורשט — אין אלע ייד. מ"מ [אין וואַרשע א. אַ. וו., אין קרעמעניץ א. אַ. וו., אין סלוואַקאַי („מיט". 1906 58 — 62)]. — מה"ד durst (לעק' 39). ווערבום: דאַרשטן (וואַרשע, ווישעגרוד, יוזעפוו), דאַכשטן (וויערושווו). — [5]) מה"ד lërnen (lirnen, líernen) [לעק' 145] == לערנען (פון די ליטווישע און אלע דרום-רוסלענדישע מ"מ). — [6]) פלוראל פון דעמינוטיוו (פון נומען), קומפּאַראַטיוו (פון אַדיעקט) געבילדעט מיט אומלויט פון שטאַמוואָקאַל, און אויך דער אומגעלויטער וואָקאַל דאָ פאַרטונקעלט אין a! — [7]) גובערניע. על פי טעות איז דאָס ווארט געבראַכט אַף ז' 16 (4 דע שורה פון אויבען). — [8]) אין די ליטווישע מ"מ, אין אלע דרום-רוסלענדישע און אין איינינקע פוילישע (למשל, אין פיליוו, ווישעגרוד, וויערושווו, סומפּאָלני): לערנען, ערטער, ווערטער, דערפער א. אַ. וו. — [אין ווישעגרוד, אין פיליוו: שטאַרץ — שטערצל]. — [9]) „מיט". 1906 58 — 62. —

אין העברעישע ווערטער: טאַריך[1] (ווארשע), טאַרעך [אויבער-אונגארן[2])] [3].

אין סלאַוויש: סציאַרקי, פּיאַרג, צאַריווין[4] (ווארשע). — אויך: קאַרץ[5] (ווארשע). —

אנמערקונג. — אין די דײַטשישע מ"מ: אין גוישטאַדטל[6]: karle (= kerle), dar (= der), haar (= her), har (= her). — אין מיטעלשלעזיע[7]: Baarenführer (= Bärenfürher), Schaaferstiech (= Schäferstiech), war (= wer), warn (= werden), dar (= der). —

b) ע (אָנשטאָט י): פערצן, פערציק, פערטל[8] [אין די דרום-רוסלענד. מ"מ (קרעמעניץ, בערדיטשעוו, טורטשין), אין ווישקוו, אין פּוילישע (איליזשע, ווישעגרוד[9]), קוזיעניץ, פּיליוו, וויערושוו, כומפּולני)]; — ווערט[10], ווערטשאַפט [ראַדזיוויליוו, נאַדאַרושין, יעזיורנע, וואָליע[11], אָפּאָטשנע, בודזאַנוו (פלוצק. ג.), וויערושוו, ווישעגרוד[12])]; — ווערקן[13] [לענטשנע, פּיליוו, וויערושוו], ווערקינג [מאַקוו]; — שפערטיס[14] [וואַרשע, ריטשיוואָל, פּיליוו, וויערושוו[15])]; — צערקל (וואָסליץ); — צערקי[16] (בודזאַנוו). —

אין ביאַלובזשעג הוב איך געהערט: בערנבוים (= דעם פאַמיליענאָמען בירנבוים). —

אין העברעישע ווערטער: בעריע, טערכע[17] (קרעמעניץ), בעריע, טערכע (ווישעגרוד); — גוועער[18] (שפּולי), גוועערטי (קליין-ביאַלע). —

---

[1] תּרוץ. — [2] „דער אורקוועלל" I 49-50. — [3] אין די ליטווישע, דרום-רוסלענדישע און אַ טייל פּוילישע (למשל, אין ווישעגרוד) מ"מ: טערעץ (טערוץ). — [4] פּויליש: ścierka, pierog (pirog), cerować (cyrować). — אין ווישעגרוד: סציערקי! — [5] = קרעמעניץ-בערדיטשעוו-טורטשינער קערץ [פּויליש: korzec (אַ מאָס)]. אין וויערושוו: קעבץ. — [6] „אַם אור-קוועלל" III 31—32. — [7] l. c. 20—21. — [8] מה"ד vier-zëhen, vier-zëc (vier-zic), vier-teil (viertel) [לעק' 341]. — [9] פערצעק (מיט זייער געשלאָסענעם ענדזילבוואָקאַל). — [10] מה"ד wirt (מיטעלדײַטשיש אויך wërt!) [לעק' 341]. — [11] גם. משיסמט, בײַ וואַרשע. — [12] ווערט (אַף אַ ייד; אַף אַ קריסט: באַלבאָס!). — [13] מה"ד wirken, würken (wurken) [לעק' 389]. — [14] דײַטש: spiritus; פּויליש: spirytus; רוסיש: спиртъ. — אין קרעמעניץ: שפּירט. — [15] אין וויערושוו אויך: ברענ-שפּריט (בײַדע גלײַך אַקצענטירט). — [16] פּרחקרב (= לאַטײַנישען circa); איבערגעגאַנגען אין די ייד. שפּראַך פון נה"ד. — [17] בריה, טרחה. — [18] גביר. —

אין סלאַוויש: סעריסט[1]) (בערדיטשעוו). —

דער נאָמען פֿון דער שטאָדט זשיראַרדאָוו ווערט אויסגעשפּראָכן (אין זשיראַרדאָוו, גער, גריצע, וואַרשע א. אַ. וו.): זשעראַרדאָוו (מיט הויכטאָן אַף ערשטער זילב). —

אַנמערקונג. — אין דער ווייבשטאַדטער מונדאַרט[2]) (דייטשלאַנד): k e r ch (= kirche), w e r t (= wirt). —

h[1]) נאָך ווייטער: a אַנשטאָט i. — פּאַרצן, פּאַרציק, פּאַרטל[3]) [וואַרשע, גריצע. קיעלץ, כמיעלניק, סטאָוויבניץ, נײַשטאָט (סטאָוויבניצ. א.), וואָאָסלין[4]) (פּינטשב. א.), לאַגאָוויץ, יוזעפאָוו (לובּ. ג.)[5])]; — וואַרעט, וואַרטשאַפט [וואַרשע, איליוווי], וואַרטהאַנעסטן[6]) [טײַרען[7])]; — וואַרקן, וואַרקל וך (וואַרשע); — אַרגיץ, אינאַרגיץ, (וואַרשע, טאַרטשין); — האַרשקע[8]) [לענטשיץ (קאָליש. ג.)]; — צאַרקל[9]) (וואַרשע); —

העברעיִשע ווערטער: באַריִ, טאַרכיִ (וואַרשע). —

אַנמערקונג. — אין די דײַטשישע מ"מ: אין ברעמען[10]) (פּלאַטדײַטש): k a r k (= k rche); — אין מיטעלשלעזיִע[11]): w a r k l i ch (= wirklich). —

c) ע אַנשטאָט ü [= ü[12])]. — דערך[13]) [קרעמעניץ, בערדיטשעוו, טאָרטשין, האָליסקאָוו[14])]. קערץ[15]) (קרעמעניץ, בערדיטשעוו, טאָרטשין); — דאַצערנען[16]) (קרעמעניץ), דירצערנען (ווישעגראָד), דערצערנען (וויערושאָוו); — געבערטיק[17]) (וואַרשע, קיעלץ); — בערגעקאָמיטעיט[18]) (קאָפּשעוואָניצע). —

---

[1]) רוסיש: сырость. — [2]) „אַם אור־קוועלל" VI 97. — [3]) אין וואַרשע: פּאַרטש; אין יוזעפאָוו: פּאַרטל. — [4]) Wiślica. — [5]) אין מויל פֿון אַלטען דור. די יונגע שפּעטען אָפּ פֿון דער אויסשפּראַך. זיי געברויכען: פּערצן, פּערציק, פּערטל. — [6]) לויט'ן טיפּ: מחותנת'טע. — [7]) „דער אורקוועלל" I 271. — [8]) רעמינוטיוו צום אייגען־נאָמען: הערש. — [9]) מה"ד zirkel (לעק' 405); פּויליש: cyrkuł. — [10]) „אַם אור־קוועלל" V 68. — [11]) l. c. III 20—21. — [12]) אין די מ"מ, וואָס האָבען געוויינטליך ! אַקעגען מה"ד u און ü (אין די ליטווישע מ"מ ? און !). — [13]) מה"ד durch (dür) [לעק' 37]. אין איִשומער: דיִרך. — [14]) דעריך. — [15]) מה"ד kurz (מיטעלדײַטש אויך: korz !) [לעק' 138]. אין איִשומער: קיִרץ. — [16]) מה"ד zürnen (zurnen, zornen) [לעק' 411]. — [17]) מה"ד ge bürtec, ge-bürtet (לעק' 62). — [18]) אַ וואָרט, וואָס איז דערשינען אין דער ייִדישער גאַס אין דער צווייטער העלפט פֿון יאָר 1914. — נה"ד Bür-ger. —

פלאוויש: **טערמי**[1]) (קרעמעניץ, טורטשין, בערדיטשעוו, הוליסקאוו, פאלעשטי). —

c') a **אָנשטאָט י** (== דעם טערעטישן ü). — **דאַצאַרנע** (ווארשע): — **טזריק** (ווארשע), **טאַרק** [קראאַציע-סלאוואניע[2])]. —

d) o **אָנשטאָט י**[3]) [וואָס אקעגען מה"ד u]: — **דורך, דורעך, אַדורעך** [ווארשע, וואלע, טארטשין, מאגילניצי, ראדזימין, נאוואמינסק, גער. גריצי, בלאנע, סאָכאטשעוו, לאוויטש, קיטני, סראצק, וואלין, פשיטיק, פיליוו, יוזעפאוו כמוצק, וואלאטשעוו, סאכאלני, ווישעגראד, א. אַ. וו. (אַלץ **פוילישע** מ"מ); **ווישקאוו**; גאַליציע[4]); סלאוואַקיי[5])]; — **קורץ**[6]), **קוריץ** (אפ'ן גאנצען געביט פון די פוילישע מ"מ). —

**העברעיש** (אַנאַלאגיעבילדונג): **מקוריף**[7]) (סאָכאטשעוו).

**פלאוויש** (אַנאַלאגיעבילדונגען): די **שטשורי**[8]) (איוואַנגאראד, פיליוו); — דער **פורמאַן**[9]) (ווארשע, סראצק, ווישעגראד א. אַ. וו.); — **קוריוו** (יידישער נאָמען פון שטעטעל Kurów, ליובל. ג. פילעוו. א.). —

15 § — [פארשווינדונג אָדער אָפּשוואכונג פון ר נאָך קורצען שטאַמוואָקאַל]. — ווי געזאָגט[10]) געשייט דאָס זעלטען.

1) אָפּפאַל פון ר אין פרייען אויסלויט זייען מיר אין „גע" (== גער) אַזוי רופען זייער שטאָדט די איינוואוינער פון Góra-Kalwaria. אויך אין **ווארשע** און **גריצי** איז מיר אויסגעקומען צו הערען די פורם.

2) אַרויספאַל פון ר פאַר זילבענבילדענדיקען נ איז פאַר אונז אין ווערב „אוכן" (== הורכן), וועלכען מ'קען הערען אין **אוסטרי** (וואלין), אין **ווישקוו** (ווארש. ג.). —

3) אַנטעקאנסאָנאַנטישער ר פאַרשווינדט אין ווערב „**דאַפן**"[11]) (קרעמעניץ, הוליסקאוו, טורטשין). — פרעזענס: כ'דאַף[12]), די דאַפסט א. אַ. וו.; פארטיצ. פערפ.: **באַדאַפט**. —

**אַנמערקונג**. — אַרויספאַל פון אַנטעקאנסאָנאַנטישען ר נאָך קורצען שטאַמוואָקאַל איז אַן אַלטע דערשיינונג אין דער **דייטשישער** (און אין דער **יידישער**) שפראַך.

---

[1]) רוסיש: тюрьма (אַף יידיש, אַלזו, וואלט דאַרפען זיין: טירמי, טורמי). — [2]) „אם אור-קוואל" VI 33 — 34. — [3]) אין די ליטווישע מ"מ: ו (u). — [4]) „דער אורקוואל" I 239 (מזרח-גאַליציע — l. c. 121). — [5]) „מיט" 1910 58 — 62. — [6]) אין ווערגשוו: קוֹבֿץ. — [7]) מקורב. — [8]) אין טײַטש פון מויז. פויליש: szczur. — [9]) פון פוילישען furman (גענומען פון דײַטשישען Fuhrmann). — [10]) אויבען ז' 22, § 14, 1. — [11]) == דאַרפן. — [12]) אין טורטשין פאר'ן פ אוווּלארישער געוויש. —

פון אַלטהויכדײַטשן welt — דאָס מה״ד wëralt, פון מה״ד querder — kërder — דאָס נה״ד köder [1].

לעבען fordern באַװײַזט זיך שוין אין 14 טען יאָרהונדערט: fodern, װאָס האַלט זיך ביז געטע און שילער [2]).—אין דער ייִדישער שריפטשפּראַך: פֿודערן [3]) (ליפשיץ 141, האַרקאַװי 247, הורװיץ 69, ביסקאָ 189); אין די איצטיקע פּויליש מ״מ: פּעדערן [3]) [װאַרשע, גריצי, גוסטינין, קוטנע, לױוויטש, סאָכאַטשאָוו, װישעגראָד, באָדזאַנאָוו, װיערזשבאָוו, סאָמפּאָלנאָ, פּילװ, יוזעפאָוו (פּילעוו. א.), לענטשיצן].

זעלטענער, אין דער מה״ד שפּראַך, די פאָרמען [4]) voder לעבען vorder; föderu און füdern לעבען fürdern [5]). — אַף ייִדיש: פּעדער-חלק, פּעדערשט [6]) (ליפשיץ 164), פּעדערן זיך (ליפשיץ 164, האַרקאַװי 257, הורװיץ 75, ביסקאָ 198) [דרײַזין 415: אַ פּאָדערצאָן, פּאָדערשט].

אין די הײַנטיקע דײַטשישע מ״מ פאַלט ר אַרויס אין אַזעלכע װערטער, װי: dorf, korb [באַזונדערס אין נידערדײַטשישע און בײַערישע [7])]. — אין אַלטנראַט [8]) קען מען הערן: schwaze (== schwarze), װי אויך: wuesch, duesch, kueten (== wurst, durst, kurzen) [אַלזו, מיט „װאָקאַליזירטען״ ר]. —

4) ר-אָפּשװאַכונג: קעכן, קוכץ, דוכשטיק, ס׳דאַכשט מעך (װיערזשבאָוו). —

§ 16 — [ר נאָך לאַנגען שטאַמוואָקאַל]. — מ׳דאַרף אונטערשײַדען ר אין אויס-לויט פון הויכטוניקער זילב װאָרט-אויס און װאָרט-אין.

§ 17 — [ר נאָך לאַנגען שטאַמוואָקאַל װאָרט-אויס]. — 1) צי אין פרײַען אויס-לויט, צי פאַר די דענטאַלע ט, ד (װאָס װערט דערבײַ פאַרשאַרפט אין מילדערן t), טש, זש, ש, פאַרשווינט דער ר — אין די מונדאַרטען פון די §§ 5 און 6 (אויסער דער טורטשינער); װערט אָפּגעשװאַכט—אין די מ״מ פון § 8; פאַלט-אָפּ, אָדער װערט אָפּגעשװאַכט (אין מויל פון אײן פערזון,— לויט דעם טעמפּ פון דער רעדע, װי אויך לויט די אומשטענדען פון זאַצאַקצענט) אין דער סאָמפּאָלנער, אין דער פּילעװער, אין דער יוזעפאָװער (פּילעוו א.) מ״מ. —

---

[1]) װילמאַננס I 141—142. — [2]) Требовать. — [3]) „פּעדערן צין רב״, „פּעדערן געלט״. — [4]) לעק׳ 350. — [5]) לעק׳ 361. — [6]) מה״ד vorderst (לעק׳ 350). — [7]) װילמאַננס I 142. — [8]) „אַם אור-קװעללע״ V 17. —

2) פאַר וואָקאַלישען אַנלויט פון פאָלגענדיקען וואָרט דערשיינט דער ר צוריק — נאַטירליך, נור אין פריען אויסלויט.

3) מיר זעען די דערשיינונגען נאָך: â, ô, (אין oe, ou) ê, ī, û און oj. —

§ 18 — [ר וואָרט־אויס נאָך â]. — היסטאָריש אונטערשיידען זיך אין די מונדאַרטען, פון וועלכע ס'איז די רייד, צוויי ערליי לאַנגע a.

1) איינער אַנטשפּרעכט דעם מה"ד קורצען a, — געוואָרען לאַנג נור אַדאַנק דעם ר, וואָס נאָך אים. — גענויער וועגען דעם וואָקאַל: „זאַמעלביכער" II 288 — 291 (דער aa פון די פּוילישע מ"מ), 292 — 293 (דער aa פון דער ווישקאָווער מ'), 284 — 285, 293 — 294 (דער â פון די דרום־רוס. לענד. מ"מ). —

מיר הערען: באַאַ, דאַאַ, נאַאַ; יאַך נאַאַ, די נאַאַסט, אַ נאַאַט (וואַרשע און די איבעריקע פּוילישע מ"מ פון § 5); — דאַאַר, נאַאַר; יעך נאַאַר, די נאַאַרסט, ער נאַאַרט (ווישעגראָד, וויערושאָוו, ווישקאָוו א. אַ. וו.); — בא̂, דא̂, נא̂; עך (איך) נא̂, די נא̂סט, אַ נא̂ט (קרעמעניץ, לענטשנע, ווענגעראָוו)[1].

2) דער צווייטער לאַנגער a אַנטשפּרעכט די מה"ד î, iu, ie[2]. ר נאָך אים הוט נור דער פּוילישער aa[3]. — אין וואַרשע: טאַאַ, האַאַ; — אין ווישעגראָד, אין סאָמפּאָלנע, אין קאָליש: טאַאַר, פּאַאַר, האַאַר[4]. —

§ 19 — [ר וואָרט־אויס נאָך ô, oe, ou]. — 1, a) דעם ô באַזיצט אַ געוויסער טייל פון די פּוילישע מ"מ (אַקעגען מה"ד û) (זיי „זאַמעלביכער" II 214; אויך אויבען ו' 9, אַנמ. b אין טעקסט).

אין וואַרשע: פוֹו, מוֹו, זוֹו[5]; — יאַך מוֹו, בוֹו, טרוֹו, באַדוֹו, גיטרוֹו; די מוֹוסט, בוֹוסט, טרוֹוסט, באַדוֹוסט, גיטרוֹוסט, אַ מוֹוט, בוֹוט, טרוֹוט, באַדוֹוט, גיטרוֹוט[6]; — „די זאַך גידוֹו'[7] צי לאַנג". — אין פּיליוו, אין איוואַנגראָד: מוֹו, זוֹו, גיטרוֹוסט, גידוֹוט א. אַ. וו. —

---

[1]) אין קרעמעניץ: פאַדאַפאַ́ (פאַרדערפּאַר). — [2]) „זאַמעלביכער" II 306 — 310. — [3]) l. c. 310. — [4]) אין קאָליש פאַרליירט דער ר קוים־קוים אין געוויכט (זיי אויך אויבען § 8, פ. 1), אין סאָמפּאָלנע — מער; אַם־מערסטען אין ווישעגראָד. — [5]) פויער, מויער, זויער. — [6]) איך כויער, פוי, טרויער, באַדויער, גיטרוי; די נ[illegible]רסט א. אַ. וו.; ער מויערט א. אַ. וו. — [7]) גערויערט. —

1) אין ווישקווו ליגט דער ô קוואַנטיטאַטיוו צווישען קרעמע-ניצער לענג און וואַרשעווער איבערלענג. ריכטיק אויסגעדריקט, איז עס: ô.— ר נאָך דער לענג פאַרשווינט, און דער ô גייט-איבער אין ûה (זיי אויבען ז' 9). —

2) סאָמפּאָלני הוט אַקעגען מה"ד û פאַרשידענע וואָקאַלען. די דאָרטיקע מונדאַרט איז, אין דער היינטיקער, אין קרייז פון די פּוילישע ווי אַנ'-איבערגאַנג פון דער oo-גרופּע צו דער ou-גרופּע. פאַר ר ווייזט זי oə (גלייענט ו-ע). — אַזוי: פוער, מוער[1], זוער (דער ר מע נישט ווי א רודימענט; פ'הערט אים, קען מען זאָגען, אין רער אויסשפּראַך לגמרי נישט).

3) די ווישעגראָדער[2]) מונדאַרט (ou אַקעגען מה"ד û) באַזיצט: פוער, מוער. — דאָסאייגענע די קאַלישער (נור דער פאַרלוסט אין געוויכט פון ר איז דורט קלענער).—אין וויערושווו[3]) (אויך ou): פויר, זויר. —

פאָרמעל זענען דאָס צווייזילביקע ווערטער. אָבער איך באַ-האַנדעל זיי צווישען די איינזילביקע, וואָרום דער וואָקאַל פאַרן ר איז באַ זיי נישט קיין אָרגאַנישע דערשיינונג: ס'איז סוואַראַבהאַקטיוואָקאַל, וועלכען די דערמאָנטע מונדאַרטען בילדען-אויס נאָך דעם ou אויך פאַר ב, ל, ס, ט (אַלע דריי שטעט), פּ (ווישעגראָד). —

§ 20 — [ר וורט-אויס נאָך ê). — 1) דער יידישער ê איז כמעט שטענדיק עי[4]). (אויסנאַמען — ווייטער). —

2) אָפּפאַלענדיק, אַרויספאַלענדיק, צי בלויז פאַרלירענדיק אין געוויכט, ציט דער ר אויס דעם ej: a) אין eje (די מ"מ פון די §§ 5, 7 און 8), — b) ejå [ליובלין], — c) eia [קרעמעניץ, לעטשנע, יעזנגערוו], — d) ejo [וואַרשע].

אַזוי: a) לאַמטעיע, מילעיע, עיע, פעיעט, יועיעט, העיעסט, עיעשט (העיעשט), אַהעיע, נאַכהעיע[5]); —

---

[1]) אין דער טייטש: שטיינערנע וואַנט. — [2]) „זאַמעלביכער II 313.— [3]) l. c. 312. — [4]) „זאַמעלביכער" II, 241 און פ"פ. — [5]) לאַמטער, מילער (נומינא), ער (פּרונ.), פערד (נומ.), ווערט (3 טע פּערז. סינג. פּרעז. אינדיק. צו ווערן), הערסט (2 טע פּערז. ס. פּ. א. צו הערן), ערשט (אַדווערב), אַהער (אַדווערב; געשטערט אף די פראַגע: וואוהין?), נאַכהער (== דערנאָך). —

a') לאַמיטעיער, עיער, קעיערסט, קעיערט [1]), נאַכעיער [וישעגראָד]; לאַמ-טעיער, עיער, בעיער, קלעיערסט, קלעיערט [2]), העיערשט [וויערושוו, סאָמפּאָלנע];—

b) מילעיאָֽ, עיאָֽ, פעיאָֽט, ווע‌יאָֽט, העיאָֽסט, עיאַשט, אַהעיאָֽ, נאַכעיאָֽ; —

c) עיאַ, פעיאַט, וועיאַט, (ה)עיאַסט, עיאַשט; —

d) לאַמטעיו, מילעיו, עיו, פעיוט, וועיוט, העיוסט, עיושט, אַהעיו, נאַכעיו. —

אָנמערקונג. — ערשט הוט אין פּינסק די באַטײַטונג פון „אוקורשט", „דאָ נישט לאַנג". דער קרעמענעצער עיאַשט ווערט על פּי רוב געברויכט אין אויסדרוק: „עיאַשט נו וואָס" [ערשט נור וואָס == אוט די מינוט, די רגע (только что)].

אין פּוילען באַנוצט מען דעם אַדווערב אין דער טײַטש פון „איצט",— נור מערסטענטײלס מיט אַ געוויסען ניואַנס. מ'דריקט דערבײַ אויס דעם געדאַנק: „דאָס און דאָס איז פאָרגעקומען. ווײַטער וואָלט דעריבער געדאַרפט זײַן אַזוי און אַזוי. טוט זיך, אָבער, פּונקט פאַרקערט". מיט אַנדערע ווערטער: „ערשט" אַקעגען „איצט" הוט נאָך, אַלס פּליוס, די אידעע פון אומקאָנסעקווענץ. צום בײַשפּיל: „מיר האָבען זיך אויסגעגלײַכט. כ'הוב אים באַצאָלט דאָס גאַנצע געלט, און ער הוט מיר געוואָלט אַרויסגעבען די סחורה. אַריבער אַ פּאָר וואָכען. ערשט זאָגט ער, כ'דאַרף אים נאָך צוצאָלען". —

די פאָרם מיט ה אין אָנלויט איז אין פּוילען פּאָפּולערישער, ווי „עיעשט".— ס'קומט אויך אויס צו הערען אַ פאָרם אָהן דעם אויסלויט-ט: העיעש [אין דער נײַערער וואַרשעווער מונדאַרט, אין בולימוו (וואַרש. ג.), אין קאָזמער (ליובלינ. ג.)]. ווען דער אַדווערב איז שוואַכער באַטאָנט, הערט מען: העישט (וואַרשע), העישט (פּיליוו), הערשט (ליובלין, פּיליוו), הערש (וואַרשע). —

דעם וואָקאַבעל זייען מיר אויך אין דעם אַדווערב: צינ'עיעשט (גריצע, גער, צאַרטשין, בּיאַלאָבּושעג). —

3) אין „זאַמעלביכער" II (ז"ו 246, 256) באַטראַכט איך דאָס דער-שײַנען פון e, ȃ, a, o נאָך דעם ej, אַלס וואָקאַליזירונג פון r, אַזוי דעפינירט אויך בעהאַגהעל [3]) דעם צוגעקומענעם וואָקאַל אין weə (wer ==) פון דער אַפּענצעלער און עמסער (דײַטשישע) מ"מ.

מיר זעען, אָבער, די צוגאָבוואָקאַלען אפילו אין די יידישע מ"מ, וואָס בלײַבען באַם ר, וועלכער ווערט בלויז אָפּגעשוואַכט. מיר דאַכט

[1]) קעיערסט, קעערט (ווערב).— [2]) קלערסט, קלערט (ווערב).— [3]) l. c. 205.—

זײַ, דערײַבער, ס'איז שווער צו קוקן אַף די דערמאַנטע ווקאַלען, אַלס אַף פונעטישע עקוויוואַלענט פאַר דעם בלויזן פאַרלוסט אין געוויכט פון ר.

ריכטיקער וועט אפשר זײַן צו פורמולירן: דער שוואַכער ר (אַזוי, דער לגמרי-פאַרשווינדענדיקער, אודער דער אין-געוויכט אָנווערענדיקער) הוט די אײַגענשאַפט אויסצוציען דעם יידישען e₁ אין eje, e̥ja̐, eja, ejo [1].

ווערט דוך פון דעם מה"ד ê (וואָס שטאַמט פון אורדײַטשען דיפטונג ai), אין אײַנצילנע ווערטער, לויטגעזעצליך êe (אָהן ר!): מה"ד ê, êr — נה"ד ehe, eher [2]. —

§ 21 — [ר ווערט-אויס נאָך î]. — דער î, נאָכ'ן פאַרשווינדען צי אָפּשוואַכען פון ר, ווערט אויסגעצויגען: a) אין îe, îi [3] [די מ"מ פון §§ 5, 7, 8], — b) îa̐ [ליובלין], — c) îa [קרעמעניץ, ווענגערווו, לענטשיצי], — d) îo [וואַרשע].

אַזוי: a) בִּיע, טִיע, פּאַפּיע [4], מִיע, דִּיע [5], פִּיע [6], פִּיעסט, שפּאַצִיעסט, פִּיעט, שפּאַצִיעט [7], הִיעזש [8].

a′) בִּיער, טִיער, מִיער, דִּיער [9], פִּיער, פִּיערסט, פִּיערט [ווײַטשעגרוד, סומפולני]; בִּיער, טִיער, מִיער, דִּיער [10], פִּיערסט, פִּיערט [וויערושוו].

אָנמערקונג. — אין סומפולנער: פאַנִיער [די שמחת-תורה-פאָן פון די ייִדישע קינדער] איז îe — דער אַלטער מה"ד דיפטונג [panier (לעק' 184)]. —

b) בִּיאַ̊, טִיאַ̊, ביפּיאַ̊, מִיאַ̊, דִּיאַ̊, פִּיאַ̊, פִּיאַ̊סט, שפּאַציאַ̊סט, פִּיאַ̊ט, שפּאַציאַ̊ט, הִיאַ̊זש.

---

[1]) אין אײניקע פּוילישע מ"מ ציט אויך דער מ (אין פּרײַען אויסלויט) אויס דעם ei אין eje. ווײַטשעגרוד: באַנ'עיעם (כּאַ אים). — [2]) פעהאַגהעל 150. — [3]) געלײַיענט, אַלס דיפטונגען: ִי-ע, ִי-ִי. — [4]) נומינאַ: ציר, טיר, פּאַפּיר. — [5]) דאַט. פון פערז. פּרונ.: מיר, דיר. — [6]) נומער: 4. — [7]) ווערב.: די פירסט, שפּאַצירסט; ער פירט, שפּאַצירט. — [8]) נומען: הירזש. — [9]) דאַט. פון פערז. פּרונ. פון 3 טער פּ. פּעמינ.: איער; נערז. פּרונ. פון 2 טער פּ. פּליור.: איר (עפּטער: עטץ). — [10]) איער (דאַטיוו צו זי), איר (פערז. פּרונ. 2 טער פּ. פּליור. (זעלטען געברויכט)). —

c) בּיִ̂אַ, טיִ̂אַ, פּאַפּיִ̂אַ, מיִ̂אַ, דיִ̂אַ, פּיִ̂אַ, פיִ̂אַסט, שפּאַציִ̂אַסט, פּיִ̂אַט, שפּאַציִ̂אַט, היִ̂אַזש [1]). —

d) בּיִ̂וֹ, טיִ̂וֹ, פּאַפּיִ̂וֹ, מיִ̂וֹ, דיִ̂וֹ, פּיִ̂וֹ, פּיִ̂וֹסט, שפּאַציִ̂וֹסט, פּיִ̂וֹט, שפּאַציִ̂וֹט, היִ̂וֹוש. —

§ 22 — [ר ווי־ט-אויס נאָך û]. — 1) דער וואָקאַל, נאָך דער פאַרשווינדונג צי אָפּשוואַכונג פון ר, ווערט דיפטאָנגירט: אין ue, ui [2]) [די מ"מ פון די פּאַראַגראַפן 5, 7, 8, און די וואַרשעווער], — b) uå [ליובלין], — c) ua [3]) [קרעמעניץ, לענטשני, ווענגעראָוו].

אַזוי: a) יאָע, מ'טאָע, גאָע, באָעט, פאָעסט, פאָעט [4]).

a′) יאָער, באָערד, קאָערט, פאָערסט, פאָערט [ווישעגראָד]; טאָיר, גאָיר, באָערט, קאָערט, פאָערכט, פאָערט [5]) [וויערושאָוו]. —

אָנמערקונג. — פון קורצען הויכבאַטאָנטען o ווערט אין די פּוילישע מ"מ אַמאָל [6]) קורצער u [7]). דער ר נאָך אים פאַרברייטערט און דיפטאָנגירט אים, אַליין

---

[1]) אין טורטשין בלייבט נאָך ? דער r אָהן ענדערונג (ער איז בלויז קוים-קוים ווייַבליך): בּיִ̂ר, טיִ̂ר, פּאַפּיִ̂ר, מיִ̂ר, דיִ̂ר, גביִ̂ר וכו' [אין אומבּאַטאָנ-טער ענדונג פאַרשווינט דער r יו (זיי אויבען ז' 10)]. — [2]) „זאַמעלביכער" II 289 — 291. — [3]) l. c. 294. בּנוגע צו דער קרעמעניצער מונדאַרט וואָלט אפשר לייכטער געווען צו זיין אין a וואָקאַליזירונג פון ר, וואָרום דער קרעמעניצער û איז אַ מעסיקע לענג (קוואַנטיטאַטיוו גלייך דער פּוילישער קורץ). דאָך איז נישט אויס-געשלאָסען, אַז דער ua איז דיפטאָנגירטער û (טאַקי אונטער דער ווירקונג פון ר). — [4]) יאָר (נומען). טאָר (ווערב; 3 טע פּ. סינג. פּרעז.), גאָר (אַדוועבּ), באָרד (נומ.), פאָרסט, פאָרט (ווערב, 2 טע און 3 טע פּ. סינג. פּרעז.). — [5]) r דאָך שטאַרקער ווי אין דער אומבּאַטאָנטער ענדונג -er. — [6]) דערהויפּט פאַר די סאָנאָרלויטען און פאַר דענטאַלע. — [7]) למשל: מאָנאַט (נה"ד monat) [וואַרשע, יוזעפאָוו], מאָנהאַיט (וואָרקי); — מאָדי (ה"וו), מאָזיש (אַדוועבּ) [דאָס אוניווערסאַלע מוֹדע] (וואַרשע, וויערו-שאָוו); — זאָדי (נה"ד soda, רוסיש: сода, פּוילִיש: soda) [וואַרשע, ווישעגראָד, סומפּאָלני]; — טאָן (טאָן אין דער מוזיק) [וואַרשע]; — לאָזן (מ"צ) [נה"ד los גורל, לאָטעריע-בּילעט), פּוילִיש los] (וואַרשע, קוטנע); — דראָין (נה"ד drohen) [וואַרשע, נאָווידוואָר]; — פּראָטאָקאָיל (דער u אויסגעצויגען און דיפטאָנגירט אדאַנק דעם ל) [זשעלעכאָוו]; — מאָמענט (אַזוי רופט מען די ייִדישע צייטונג „מאָמענט" אין וואַרשע און אין דער גאַנצער כמעט פּוילישער פּראָווינץ); — מוראַפאָרי (מאָראַטאָריום) [וואַרשע]. —

פאַרשוויִנדענדיִק (אוֹדער בלויז אָנוועַנדיק אין געוויִכּט). — די מה״ד פרעפּוזיציִע און פורזילב vor (vore) [1]) וויִט-אויס אין פוילישן יידיש: פּאָ, (פּאָאָר) (פור-זילביק), פּאָע (פּאָער) (אדווערביאַלפּרעפּוזיִציִנעל). „פּאָשטעלן״ [2]), „יאך שטעל פּאָע״, „שטעל דו פּאָע״ (וואַרשע). — דאָסאייגענע וואָרט איז אַדווערביאַ-לער פונקציע: „פּאָע [3]) גוט און דאַנאָך די הוסט כוך גיראַטיוויט״ (וואַרשע); „אוּ וואַ! פּאָר קלוטץ, אין דאַנאָך ער אוטט מיר געהולפן״! [מזרח-גאַליציע [4])] [5]). — אין וואַרשע, אין שיעניצע: רעוויזאָע [6]); אין וויערושוו: רעוויזאָיר; — אין וואַרשע: טאָעט [7]) [אין וויערושוו: טאָערט], קאַנכאָע [8]). —

b) יאָאַ, מ׳טאָאַ, גאָאַ, באָאַט, פּאָאַסט, פּאָאַט.
c) יאָאַ, מ׳טאָאַ, גאָאַ, באָאַט, פּאָאַסט, פּאָאַט.

אָנמערקונג. — אין טולקעמיט [9]) (פלאַטדײַטש): Bua [10]), Natua [11]) א. אַ. וו. [12]). —

§ 23 — [ר ווי ט אוים נאָך oj]. — צוויי וואָקאַבלען פון די פוילישע מ״מ גייען דאָ אַריין אין חשבון.

1) מה״ד vor, אַלס פורזילב, הוט אין די פוילישע מ״מ û [13]); אַלס אַדווערב, דאַגעגען, קומט ער שטענדיק פור מיט oj [14]), נאָך וועלכען דער ר פאַרשווינט, אודער ווערט אָפּגעשוואַכט, און ס׳דער-שיינט אַנ׳ e.

אין סוכּאַטשעוו, בלוני, גער, טאַרטשין, אַמשינוּוו, אין ראָדים, קוזיע-ניץ, בערזשין איז „פויע״, אין דער טײַטש „פריער״ [15]) (אין זין פון צײַט-באַשטימונג), איינער פון די פּופּולעריסטע אַדווערבען.

אין וויערושוו, אין יאַנוּוו (בעלמ. ג., קונסטאַנט. א.): פּויער. —

[1]) לעק׳ 350. אין נה״ד, אַלס אַדווערב, אָפּגעשטורבען. — [2]) פורשטעלען. — [3]) פריער. — [4]) „דער אור-קוועלל״ I 279. — [5]) אים אַלגעמיין. הוט דער אַדווערב אין די פוילישע מ״מ גאָר אַנ׳אַנדער געשטאַלט (זיי ווייטער, פּאַראַגראַף 23 פּ. 1). — [6]) רעוויזור. — [7]) טורט (פויליש: tort). — [8]) נה״ד kontor; פויליש: kan-tor. — [9]) ערמלאַנד. — [10]) Bûr (Bauer). — [11]) = Natur. — [12]) „אַם אור-קוועלל״ VI 99. — [13]) זיי שורה 2 פון אויבען. — [14]) מיט û — נור אין דעם רעדענסאַרטליכען אויסדרוק, וואָס איז געבראַכט אויבען (שורה 5). — [15]) „יעך בין פויע גיקימען״. —

גאַנץ אופט ווערט דאָס וואָרט געברויכט מִיט דער עפּיטעזע פון t: פּויעט [וואַרשע, פּשיטיק, נײַשטאָט (פּינטש. א.)].

אויך אין קאָמפּאָזיטיס: צִיפּויע[1]) (נײַשטעיטל); — דנִפּויע[2]) (גער), דאַפּויע[3]) (וויערושוו). —

אַדווערביאַלער אַדיעקט: פּויעדיק[4]) (וויסקיט). —

אַנמערקונג 1. — איבען, אין פּאַראַגראַף 5 (ס. 2, סיגנע a), איז דער אדווערב שוין געבראַכט צווישען די ווערטער מיט דער אומבאַטאָנטער ענדזילב -ər. פאָרמעל איז דאָס ריכטיק: איז אפילו e נאָך די סוואַראַבהאַקטיוואָקאַל — אַ זילב בילדט ער דוך. נור טעורעטיש די זאַך גענומען, איז דאָס געשטאַלט פון דעם וואָרט איינזילביק: פּויר.

אַ ראיה: מיר איז באַקאַנט איין בײַשפּיל, ווען מה״ד פורזילב vor קומט פור אין וואַרשע נישט מיט û, נור מיט o‎ן: פּויראַנג; און אָט, אַ דאַנק דעם ארויספאַל פון ן‎ן, בלײַבט דער ‎י פאַר דעם וואָקאַלישען אָנלויט פון דער ענדזילב אומגעענדערט, — און מיר הובען די געלעגענהייט זיך צו איבערצײַגען, אַז דאָס אָרגאַנישע בילד פון וואָרט איז טאַקי איינזילביק. —

אין אָפּאָטשני הוב איך געהערט: פּויעזאָגן (== פּורזאָגען), — דאַרף, ווי דאָס וואַרשעווער „פּויראַנג", באַטראַכט ווערען, אלס אַנאַלאָגיעבילדונג [דאָס נאָרמאַלע געשטאַלט פון דער פורזילב איז אין די פּוילישע מ״ם, ווי געזאָגט: „פּאָר"[5])]. —

אַנמערקונג 2. — אין וואַרשע: דאַפּעיר; אין גריצי, נאַדאַרושין, סוויעוואָליע, ליקיווי, יאַניוו (לובל. ג.): דאַפּע־ע; אין טשעביוו[6]) (לובלין. ג. און א., גם. קאָנופּניצע): דאַפּעיר. [אַלזאָ, מיט ej, נישט מיט ij, אלס שטאַמוואָקאַל]. —

2) אַקעגען מה״ד אַדיעקט ge-war[7]) (ווייער אופט אין פאַרבינדונג מיט werden הובען איניקע יידישע מ״מ, ווי די קרעמעניצער, די וואָלאָצלאַוועקער (וואַרשעוו. ג.), די יאָניווער (לובלין. ג.):

---

[1]) „יעך בין גיקומי מיט אַ שעה צִיפּויע" (איידער דאָס און דאָס איז געשייען). — [2]) אין זין: איידער איין זאַך זול געטון ווערען, מוז פריער (״דאַפּויע״) עפּעס אַנדערש פורקומען. — „איך בין גרייט דיך צוצונעמען אף די שטעלע, נור פריער („דאַפּויע") מוזטו איבערערען מיט מײַן פאָטער". —[3]) הגם ווייניק געברויכט. — [4]) למשל: „פּויעדיקע וואָך". — [5]) אובער „פּויר" איז לויטגעזעצליך ריכטיקער פון „פּאָר". דער u (אַקעגען o) איז אין די פּוילישע מ״ם איינע פון די דערשײַנונגען, וועלכע ווילמאַננס (I 285) רופט: „איינצעלנע שטערונגען פון וואָקאַליזם". — [6]) ייִדישער נאָמען פון שטעטעל Wieniawa. — [7]) לעק' 78. —

„געוואָרע", — שטענדיק מיט דעם הילפווערב „ווערן": „געוואָרע־ווערן"[1]), — אַלזו: מיט לאַנגען u [לוויטגעזעצליך ריכטיק[2])] און מיט זומבאַטאָנטער ענדזילב θr-.

אין קיערנאָזיע (וואַרש. ג.) קען מען הערען: „גיוואָרוועירן"[3]); אין וויערושאָוו: „גיוואָרוועירן" (אובער: „וועיר גיוואָער"); אין זשוראָמין (פלוצק. ג.): „געוואָרוועירן"; אין ראָדים, אין פרושקאָוו, נאַשעלסק, סאָכאַטשאָוו: „גיוואָוועירן"; —אַלזו, מיט „געוואר"[4]), אַלס ערשט קאָמפּאָזיציעגליד. —

פּאַראַלעל עקזיסטירט אַ געשטאַלט מיט oj אַלס שטאַמוואָקאַל. אין קרעמעניץ, אין בערדיטשעוו: „גיוויירעוועירן" (ענדזילב: re-!). — אין פּוילען: „גיוויעוועירן" [באַנוצירט פאַר וואַרשע, מאָגילניצי, פּיאַסעטשני, אַפּט, קיניצק, גוואָיטשאָוו[5]) (ראָד. ג., קינסק. א), ביאַלאָבזשעג, קיעלץ, כמיעלניק, ניישטעטל (פּעטריק. ג.) א. א. וו.].

אין פּיליוו: געווייעוועירן. — אין לובלין: „גיוויאָוועירן".

די טעאָרעטישע פאָרם: „געוואָיר". מ'קען אובער אויך אָנעמען „געוואָיער", אַזוי ווי אַקעגען די מה"ד ôr, tor האָבען די יידישע מ"מ: אויער, טויער[6]) [אודער איער, טייער[7])]. —

אַנמערקונג. — אין דער נה"ד שריפטשפּראַך אַנטוויקעלט זיך פון אויסלויט-r נאָך די דיפטאָנגען au, eu, ei — די ענדונג er-. (מה"ד bûr, fiur, lîr א. אַ. וו. — נה"ד Bauer, Feuer, Leier א. אַ. וו.). אין די דייטשישע מונדאַרטען געשייט דאָס אויך נאָך איינפאַכיקע וואָקאַלען. — ווילמאַננס[8]) דערקלערט: „דער שוואַכאַרטיקולירטער קאָנסאָנאַנט הייבט-אָן איבערצוגיין אין אַ וואָקאַל, וועלכער דערשיינט נאָך די דיפטאָנגען אַלס זעלבסטשטענדיקע זילב". —

ער קוק פון באַקאַנטען דייטשישען בילוליג געפינט זיך אַ געוויסע באַשטעטיגונג אין דער פאָלגענדיקער דערשיינונג, וועלכע מיר קאָנסטאַטירען פאַר די יידישע מונדאַרטען. אין קרעמעניץ: אויאַ (טעאָרעטיש: אויער), מ"צ — אוירן; מיט דער פאַרפעסטיגונג פון r (אַראָנק דער פליוראַלענדונג) פאַרשווינט דער סוואַראַבהאַקטיוואָקאַל ! —

---

[1]) ליפשיץ 69: געוואָרעווערען. — [2]) „זאַמעלביכער" II 277 און ווייטער. — [3]) האַרקאַווי 106, ביסקאָ 108: געוואָהר; הורוויץ 33: געוואָרווערען; דרייזין 762: גיוואָרווערין. — [4]) אָפּגעטיילט פון הילפווערב: „גיוואָער". — [5]) ייד. נאָמען פון שטעטל Gawarczów. — [6]) „זאַמעלביכער" II 214, 216, 235. — [7]) l. c. 217, 219, 220, 237, 238. — [8]) I 358. —

אובער דערזעלביקער סוואַראַבהאַקטיוווקאַל דערשיינט דאָך אין דער יידישער שפּראַך נאָך איייניקע דיפּהונגען (זייִ אויבען ז׳ 30, פּאַראַגראַף 19) אויך פאַר אַנדערע, שטאַרקער אַרטיקולירטע און קיינמאָל נישט פאַרשווינדענדיקע קאָנסאָנאַנטען, ווי למשל, פאַר כ. דעריבער בין איך נוטה צו געוויסער פאָרזיכטיקייט אין געברויך פון דעם טערמין „וואָקאַליזירונג פון ר״. —

§ 24 — [אָפּשוואַכונג און פאַרשווינדונג פון סוואַראַבהאַקטיוווקאַל]. — 1) אין לאָגיש שוואַכער באַטאָנטע טיילען פון זאַץ, און איבערהויפּט אין שנעלען רע-דען, ווערט דער סוואַראַבהאַקטיוווקאַל, פון וועלכען ס׳איז די רייד אין די §§ 20 און 21, שטאַרק רעדוצירט, אודער פאַרשווינט אינגאַנצען.

אין נאַדאַרזשין: ע׳ע (ער). — אין לוּוויטש: הע׳ (ער). —

אין קרעמעניץ: גיפ̂ט. — אין פּיליווו: טיס (געניטיוו פון טיר). — אין ליובלין: ציגיפּלט. —

2) ווען די פּרעפּאָזיציע שטייט אַדווערביאַל, נאָך דער ווערבאַלער פאָרם מיט r אין אויסלויט פון דער הויכבאַטאָנטער ענדזילב, בלייבען ביידע טיילען באַם הויכטאָן: „מ׳פיר ט-צי״.

דער לאָגישער אַקצענט ברייִנגט-אַריין אַ אומגלייכקייט.

a) איז דער עיקר אין זאַץ די אידייע פון ווערב, — ווערט דאָס צייטוואָרט לאָגיש שטאַרקער באַטאָנט און דערגרייכט דאַדורך די פולסטע פאָנעטישע אַנטוויקלונג: מ׳פיעט-צי[1] (סאָכאַטשעוו וכו׳), מ׳פיאַט-צי (לובלין), מ׳פיוט-צי (וואַרשע), מ׳פיאַט-צי (קרעמעניץ וכ׳).

b) ליגט, אובער, דאָס געוויכט אין דער פראַזע אַף דער אידייע, וואָס שטעקט אין דער אַדווערביאַלפּרעפּאָזיציע, פאַלט אַף די לעצטע אויך דער זאַצאַקצענט. דער ווערב ווערט נישט אָן זיין הויכ-טאָן, נור קומט אויס אין אַ געוויסער מאָס ווי אין שאָטען, — און זיין שטעלונג רופט זיך אָפּ אַף דעם פאָנעטישען בילד זיינעם: דער סוואַ-ראַבהאַקטיוווקאַל פאַרשווינדט. „מ׳פלט-צי״ (נישט אַרויס, נישט אַהעק). —

3) אין דעם פּראָנום. דעמאָנסטראַט. פון אייניקע פוילישע מ״מ: „דער-דאָ״ (די-דאָ, דאָס-דאָ), האָט יעדעס גליד זיין הויכטאָן. הגם „דער״ ווערט בדרך הטבע[2] שטאַרקער אַקצענטירט, אַלס „דאָ״, דאָך

[1]) מ׳פירט, נישט מ׳טראָגט. — [2]) מהמת אין „דער״ אליין שטעקט שוין, אייגענטליך, דער גאַנצער אינהאַלט פון דעם פּראָנומען. —

דאָס דאַנעבענשטיין פון צוויי הויכטוניקע זילבען איז גורם, אַז דאָס ערשטע גליד פון דעם פירוואָרט דערגייט זעלטען ווען ביז צו פולקו-מענער אַנטוויקלונג פון זיין פונעטיש בילד. מערסטענטיילס קען מען הערען: „דעי-דאָ" (נייַשטעטל), „דעיר-דאָ"[1] (וויערושווו).

§ 25 — [ר נאָך לאַנגען שטאַמוואָקאַל אין קאָמפּאָזיטים]. — די רייד איז פון אַזעלכע קאָמפּאָזיטאַ, וואָס האָבען אַלס ערשט גליד איינס פון די ווערטער, וועלכע גייען-אַריין אין גדר: a) פון די §§ 20 און 21, b) פון § 22.

1) אַ וואָרט פון § 20 אָדער 21, אַלס ערשטער טייל פון אַ צוזאַמענגעזעצטען וואָקאַבעל, פאַרלירט דעם r (אָדער דער לויט ווערט בלויז אָן אַ טייל פון זיין געוויכט), אָבער דער סוואַראַבהאַקטיוואָקאַל, ווען מ'הערט אים אפילו (לויט אַנאַלאָגיע מיט די זעלבסטשטענדיקע פאָרמען), איז זייער שוואַך. על פי רוב איז ער אינגאַנצען נישטאָ. אַמאָל קומט דערביי זוגאַר פאָר קוואַנטיטאַטיווע איינשרימפונג פון שטאַמוואָקאַל גופא.

עטליכע צופעליקע ביישפילען: אַהעירגעשיקט (פלוצק); אַהעיגי-קימען (קערנוויע); אַהעגיקימע (נייַשטעטל); אַפעגילייַנט (קוזיעניץ).

אנמערקונג. — אין די לעצטע צוויי ביישפילען — קורצער e אונטער'ן הויכטאָן! — אָדער ס'שנעלע טעמפּאָ פון דער רעדע איז דאָס גורם; אָדער ס'הויש פון פּולק פאַסט-אויף די ווערטער, אַלס סימפּלעקסען, און שטעלט-אַוועק קורצען וואָקאַל אין אַ זילבע, וואָס איז געשלאָסען מיט r, נאָך וועלכען עס גייט נאָך אַ קאָנסאָנאַנט — נישט קיין דענטאַלער (דער ר פאַלט, אָבער, דאָך אַרויס! די קראַפט פון אַנאַלאָגיע בנוגע צו אים שטאַרקער, ווי בנוגע צום שטאַמוואָקאַל). —

2) אַ פאָרם אויס דעם § 22, אַלס ערשטער טייל פון קאָמפּאָזיטום, פאַרלירט דעם r (אָדער אַ שטיק געוויכט פון דעם לויט).

א) אונטערן זאַצאַקצענט ווערט דער שטאַמוואָקאַל אויסגעשפּראָכען: a) אַלס אויסדריקליכע פוילישע לענג, אַלזו מער-ווייניקער פאַרטאָפּעלט (נור נישט דיפטאָנגירט!), — אין די מ"מ פון די §§ 5, 7, 8, און אין דער וואַרשעווער; b) דיפטאָנגירט, אָבער מיט זייער שוואַכען צווייטען גליד — אין קרעמעניץ, לענטשנ, ווענגראָוו.

---

[1]) אַלזו, אָהן דעם סוואַראַבהאַקטיוואָקאַל. —

הייסט עס: a) גאָאָניש[1], גאָאָרנישט[2], — b) גאָאניש.

ב) אין לאָגיש שוואַכער באַטאָנטע טיילען פון דער פראַזע ווערט דער לאַנגער u, אין אַלע דערמאַנטע מ״מ, פאַרקירצט: — גאָניש גאָרנישט. —

§ 26 — [ר נאָך לאַנגען שטאַמוואָקאַל וואָרט-אין]. — 1) די רייד איז דאָ פון סימפלעקסען.

2) זיי פאַרלירען דעם r (אָדער ער ווערט אָפגעשוואַכט) צווישען û, î, ê און ט, סט, ל אַלס אַנלויט פון דער נאָכפאָלגענדיקער זילב:

a) û ווערט דערביי אויסגעשפּראָכען: א) אַלס פּוילישע לענג — אין די מ״מ פון די §§ 5, 7, 8 און אין דער וואַרשעווער; — ב) מיט שוואַכען צוגאָב-a — אין קרעמעניץ, לענטשני, ווענגעראָווי.

א) גאָאָטן, קאָאָטן, פּאָאָסטי, פּאַשפּאָאָסטי, איבעגיפּאָאָטן, פּאָאָלעך[3];

א׳) גאָאָרטן, קאָאָרטן, פּאָאָרסטי, פּאַרשפּאָאָרסטי, איבערגיפּאָאָרטן, פּאָאָרלעך (ווישעגראָד, וויערזשבּוו);

ב) גאָªטן, קאָªטן, פּאָªסטי, פּאַשפּאָªסטי, איבאַגיפּאָªטן, פּאָªלאַך.— [אין שנעלען רעדען פאַרשווינדט דער סוואַראַבהאַקטי-a].

b) î — דיפטאָנגירט אין: א) îe, îi — אין די מ״מ פון די §§ 5, 7, 8; — ב) îo — אין דער וואַרשעווער מ׳; — ג) îa — אין קרעמעניץ, לענטשני, ווענגעראָווי.

אַזוי: א) וואָס פּאָטעסטיעסטי?, וואָס ראַביעסטי?, דאַ ציגיפּיעטע, טיעלעך[4]; —

[1]) פאַרנאָטירט פאַר: וואַרשע, שיעניצע, כענדריקאָוו (גמ׳ יאַבלאָנע, אונטער וואַרשע), גער, איליווי, פּילטוסק, סאָכאַטשאָוו, וויסקיט, טאַרטשין, נייצמעטל (פּעטריק. ג.), בערזשין, קליין-ביאַלי, נײַשטאָט (פּינטש. א.), כמעלניק, פּשיטיק, ראַדושיק, אָפּאָטשני, ד. לאַגאָוויץ, מאַגנישעוו, ביאַלאָבזשעג, פּיליוו, יוזעפּאָוו (פּילעוו. א), קראַגנאָסטאַוו, גמ. טראַאַניוו (גאַ־וואָלינ. א.), א. אַ. וו. א. אַ. זו. — [2]) ווישעגראָד (לעבען גאָאָנישט!) ראַצאָינזש (פּלוצק. ג, שעפּס. א.). — [3]) גאָרטען, קאָרטען (פּל. פון קאָרט), פּאָרכטע, פּאַרשפּאָרסטע, איבערגיפּאָרטען (וואַרשע: איבו-), פּאָרלעך (וואַרשע: -לוך). —

[4]) וואָס פּרוטעסטירסטו?, וואָס ראַבירסטו?, דער צוגעפּירטער, טירלעך. —

א׳) וואָס פּוטעסטיְעָרסטי ?, וואָס ראַביְעָרסטי ? — א. אַ. וו. (ווישני־גרוד); — וואָס פּוטעסטליְ־סטי ?, וואָס ראַבליְרסטי ?, א. אַ. וו. (וויערזשווו); —

ב) וואָס פּוטעסטליְוסטי ?, וואָס ראַבליְוסטי ? — א. אַ. וו.; —

ג) וואָס ראַבלְאַסטי ?, דאַ ציְגיפּלְאַטאַ, טיאַלאַך. —

אָנמערקונג. — אין שנעלען רעדען פאַרשווינדען די צוגאָבווֹקאַלען e, i, o, a. —

c) ê — אויסגעצויגען אין: א׳ eje, ej (אין שנעלען רעדען) — די מ״מ פון §§ 5, 7; — ב) ej — די מ״מ פון § 8; — ג) ejo (זעלטען), ej (עפּ־טער) — אין וואַרשע; — ד) eja (אין שטאַרק עמפאַטישען רעדען), עיאַ, עאַ, עאַ, עע, עע (אין בינדיקען זאַץ) — אין קרעמעניץ, לענטשני, ווענגערווי.

א) ווי: עיעשטע, עיעשטי, געיעשטן, בעיעדל, גיפעיעלעך[1] [און עישטע, עישטי, געישטן, א. אַ. וו.];

ב) עירשטער, עירשטי, געירשטן, בעירדל, גיפעירלעך; —

ג) עיוֹשטו, עיוֹשטי, געיוֹשטן, בעיוֹדל, גיפעיוֹלוֹך; —

ג׳) עישטוֹ, עישטי, געישטן, בעידל, גיפעילוֹך; —

ג״) עעשטוֹ, עעשטי, געעשטן, בעעדל, גיפעעלוֹך (אין שנעלען רע־דען)[2]; —

ד) עיאַשטאַ, עאַשטאַ, עיאַשטאַ, עאַשטאַ, עעשטאַ, עעשטאַ (זוגאַר: עירשטאַ!) א. אַ. וו.[3]. —

אָנמערקונג 1. — לאַנגען e אין געשלאָסענער זילב (פאַר רט, רשט, רל) ווערט־אין זייען מיר (אין די ייד. מ״מ, וועלכע ווערען דאָ באַהאַנדעלט) אין אַ באַשטימטער גרופּע ווערטער, וועלכע מ׳קען איינטיילען אין דריי קאַטעגאָריעס:

א) פלעקטירטע פאָרמען, וואָס הובען ê לויט אַנאַלאָגיע מיט די נישטפלעקטירטע (אין וועלכע די ענדזילב איז אונטער׳ן הויכטאָן). — אַזוי: „עיעשטע" (עיוֹשטו, עיאַשטאַ) — נאָך „עיעשט" (עיוֹשט, עיאַשט) וכ׳;

ב) פאָרמען מיט e אַקעגען שטאַמפאָרמען מיט אַנ׳אַנדער וואָקאַל (דערביי אַ לאַנ־גען). — ווי: „געיעטל", („געיאַטל") — נאָך „גאָאָטן" („גאָאַטן"), וכ׳;

ג) קוואַזיסימפּלעקסען, ד. ה. קאָמפּאָזיטאַ, אין וועלכע דאָס צווייטע גליד איז אָפּגעשוואַכט געוואָרען, אַזוי אַז מיט דער צייט איז פאַרלוירען געגאַנגען די ריכטיקע

---

[1]) ערשטער, ערשטע, גערשטען, בערדל, געפערלעך. — [2]) „זיי אויך „זאַמעל־ביכער" II 246 — 247. — [3]) l. c. 256. —

פאָרשטעלונג פון זייער נאַטור [1]. — פונוואַנען די הויפּטוניקע זילב אין אָזעלכע ווערטער הוט ê (פאַר r מיט דענטאַל), דאַרף דערקלערען דאָס ערשטע [2] גליד (אין זיין זעלבסטשטענדיקען געשטאַלט) פון קאָמפּאָזיטום [3]. —

אָנמערקונג 2. — די §§ 13 — 26 זענען גילטיק אויך פאַר די מ״מ פון די שטעדט: אַמשינאָוו, נאַדאַרזשין, יאַבלאָנע (אונטער וואַרשע), ביאַלאָ-בזשעג, טאַרלאָוו, ראַדושיץ, סקאַרישעוו, סוכעדניוו, ליקיוו, קראַסנאָ-סטאַוו [באַלאַנגען אַלע צו דער גרופּע פון § 5]. — [4]

## Varia.

§ 27 — [r אַלס היאַטוסבאַזײַטיקער]. — 1) אין די יידישע מ״מ איז באַקאַנט איין פאַל, ווען דער ר-לויט טרעט-אויף אין דער רולע: נאָך דער קאָניונקציע „בּאַ“.

מיר הערען אין וואַרשע: באַר אינין, באַר עים [5], באַר עינק, וכו׳.

ענליך — אין גראָכאָוו (אונטער וואַרשע), וואָליע, אילאָוו, גריצי, גער, ליובלין, פּיליוו, יוזעפאָוו, ווישעגראָד, וויערושאָוו, א. אַ. וו. (אַפּ׳ן גאַנצען געביט פון די פּוילישע מ״מ). —

אין קרעמעניץ: באַר אים, באַר אַזאַ, באַר אינין, באַר אַך, וכו׳. —

---

[1]) למשל, ווער פון בריטען פּובליקום ווייסט היינט, אַז אין אַזעלכע אַדיעקטיוען, ווי (ליטעראַריש אויסגעלייגט): גליקליך, שרעקליך, פריינטליך, געפערליך, זודגליך וכו׳, איז דער -ליך (מ׳רופט די זילב „סופיקס“) — דער אַלטער מה״ד סובסטאַנטיוו lîch (= דאָס לייב, דער גוף) [בעהאַגהעל 173; II 149]? —

[2]) אויב רעדוצירט איז דאָס צווייטע. — [3]) ווערטער, וואָס גייען נישט אַריין אין איינע פון די 3 קאַטעגאָריעס, הובען אין די בעהאַנדעלטע מ״מ (פאַר רט, רד א. אַ. וו.) קורצען e: — פערדער (נאָמ. אורדינ.), פערטל, וכ׳. — [4]) די §§ 13 — 26 זענען חל אויך אף די מ״מ פון אוסיעצק, סטוצק, טישעווין, גרוים-ביאַלי, זשעלעכאָוו, גניעווישאָוו, ריטשיוואָל. דער ר אין די מ״מ פון די אויסגערעכענטע שטעדט פאַרשווינט אין אַלע פאַלען, וואָס זענען באַשפּראָכען אין די דערמאַנטע §§. מכח דער טונפאַרב פון די צוקומענדיקע וואָקאַלען דאַרפען נאָך געמאַכט ווערען גענויערע פאָרשונגען. — [5]) אויבער: באַנים. —

2) r, אין די אָנגעוויזענע מ"מ, קומט אויך צווישען „באַ" און דעם זילבענבילדענדיקען נ, וואָס שטעלט זיך אין זיי אָפּ פון דעם וואָרט „דעים" (דאַטיוו פון באַשטימטען אַרטיקעל מאַסקולינו און נעווטרו).—אַזוי: „באַרן טיש"[1] (== באַ דעם טיש).

דאָ פאַרמייט r דעם hiatus צווישען a (אין „באַ") און דעם סאָנאַנטישען טייל פון זילבענבילדענדיקען n.

אויסער דעם: אָהן דעם r וואָלט דער n אָנגעווירען זיין זילבענבילדענדיקען כאַראַקטער.

אָנמערקונג. — די מה"ר שפּראַך וויזט עטליכע ביישפּילען, ווי r ווערט באַנוצט אַלס הילפסמיטעל נישט צו דערלאָזען צו קיין היאַטוס[2].

זייער ברייט איז דער געברויך פון ר צו דעם צוועק אין די באַירישע מ"מ[3]. דאָרט איז r אַלס היאַטוספאַרמיידער אַזוי פאַרשפּרייט, ווי אין אַנדערע דייטשישע מ"מ (און ווי אין די פּויליש-יידישע) דער n. —

§ 28 — [ניטאָרגאַנישער r]. — מונדאַרטליך דערשיינט אַמאָל r אין וואָרט אָהן היסטאָרישער רעכטפערטיגונג.

1) אַזוי, זאָגט מען אין ווישעגראָד: יאָרנקיפּער (יום-כפור), — ווי ס'זייט-אויס לויט, אַנאַלאָגיע מיט „יאָרן" [מ"צ פון יאָער (יאָר)].

2) אין ווישעגראָד קען מען אויך הערען: פּאַרטשוילי[4] (== פּאַטשעילע).

אָנמערקונג. — גערזון (87) ברענגט (אויס הומעל): פּאַטשעלע, און וויזט-אָן, אַז דאָס וואָרט געפינט זיך אין „דייטשען ווערטערבוך"[5] אין אַזעלכע געשטאַלטען: facenetlein (== sudarium, נאָזטיכעל), facilet, fatzenet, fatzilet — א. בערנשטיין אין זיין „גלאָסאַר"[6] ציט-צו דאָס איטאַליענישע facciola. — קיינער פון די חוקאבלען הוט נישט קיין r. —

3) אין קרעמעניץ זאָגט מען: איבאַיפּאַרן (אַ בלעטעל אין בוך, אַ וואָרט אין דאַווענען); אין וויערושוו: פערהיפּערן; אין סאָמפּאָלני: איבערהיפּערן[7]. —

---

[1]) געהערט: אין וואַרשע (און אין דער געגענד); אין לובלין, פּיליוו, יאַנוו, א. אַ. וו.; אין ווישעגראָד; אין ראָדים, ביאַלאָבזשעג א. אַ. וו.; אין קרעמעניץ, אין ווישקווו. — [2]) בעהאַגהעל 205. — [3]) ווילמאַננס I 203. — [4]) דעמינוטיוו: פּאַרטשאַילאַכל, פּאַרטשאַילכע. — [5]) פון יאַקוב א. ווילהעלם גרים, שטראַסבורג 1899. III 1218, 1226, 1365. — [6]) ז' 20. — [7]) אין פּינסק: איבערהיפּם!—

דער ווערב לוזט זיך צוריקפירען צום מה"ד [1]) hupfen, hüpfen (hopfen, hoppen). אָבער אויך נה"ד איז פאַראַן אַ פאָרם מיט r: hüpfern (טיאַנדער 656).

אָנמערקונג. — אין אַנדערע יידישע מ"ם, ווידער, טרעט דאָס צ"וו אויף מיט ניטאָרגאַניצען | . אין ווישקוּת: איבעריפּלען; אין מישיניעץ: אַריבעריפּלען. — אויך נה"ד: hüpfeln (טיאַנדער 655). —

§ 29 — [מעטאַטעזיס]. — 1) די דערשיינונג, וועלכע איז באַקאַנט אויך אין דער דייטשישער שפּראַך, איז צו זיין על פּי רוב באַ פרעמדע ווערטער. ווען אַ וואָרט הוט אַ „אומבאַקוועמע לויטגרופּע”, ווי בעהאַגעל [2]) רופט עס, ד. ה. עטליכע לויטען אין אַזאַ אָרדנונג, צו וועלכער דאָס פאָלקסמויל איז נישט געוויינט, קומט-פאָר אַן איבערשטעלונג, — „אין דעם זין, אַז די אַרטיקולאַציעשטעלען לייגען זיך אויס אין איין שורה, וואָס גייט אין מונדקאַנאַל פון אונטען צום פאָרנט צו” [3]). —

2) איבערשפּרינגונג פון r איז פאַר אונז: a) אין נאָמען „בערזשין” [אַזוי רופען זייער שטאָדט די יידישע איינוווינער פון Brzeziny (פּעטריק. ג.), און אַזוי הייסט זי באַ אַלע פּוילישע יידען]; b) אין סובסטאַנטיוו „גראַניטור” [וואַרשעווער געשטאַלט פון פּוילישען garnitur (נה"ד Garnitur)]; c) אין ווערב „גראַניטירן” [וואַרשעווער פאָרם פון נה"ד garantiren]. —

3) אין די אַלע ביישפּילען שפּרינגט דער r איבער פאַר אָדער נאָך קורצען וואָקאַל (אין ערשטען — פאַר e, אין די איבעריקע — נאָך a); דער נאָנטסטער קאָנסאָנאַנט נאָכ'ן r איז אַ דענטאַלער לויט (אין ערשטען וואָקאַבעל — זש, אין די לעצטע צוויי — נ). —

אָנמערקונג. — ענליך אין מיטעלרוסישען, נידערדייטשישען און עלזעסישען [4]). —

---

[1]) לעק' 109. — [2]) 196. — [3]) בעהאַגעל l. c. — [4]) ווילמאַננס I 208, בעהאַגעל 206. —

# II.

## דער ליקוויד ל אין די ייִדישע מונדאַרטען.

### 1. רײנער און פּאַלאַטאַליזירטער

§ 30 — [רײנער l]. — 1) דער ייִדישער l-לויט ווערט אַרויסגעבראַכט אַזוי: דער שפּיץ-צונג לײגט זיך אָן אָן די וואָרצלען פון די אײבערשטע שנײַדצײן, די לופט ברײנגט אין באַוועגונג די שטימבענדער און גײט דערנאָך אַרויס דורך די צוויי שפּאַרעס, וואָס צווישען די צונגרענדער און די באַקצײן.

2) אין די פּויליש ע און אײניקע דרום-רוסלענדיש ע מונדאַרטען (אין דער קרעמעניצער, בערדיטשעווער וכ׳) איז דער ל זאַפטיקער און ווײכער ווי אין די ליטוויש ע. דער שפּיץ פון דער צונג רירט אָן אָהן אָנשטרענגונג דעם סאַמע וואָרצעל פון די פעדערשטע צײן און דאָס שמאָלע פּאַסיקעל פון האַרטען גימען איבער אים.

3) דער ליטווישער ל איז מערסטענטײלס טרוקענער און האַר-טער. דער שפּיץ-צונג דריקט זיך פעסטער צו צו די צײנוואָרצלען, נישט אָנרירענדיק דעם גימען, און די צונג ווערט מער אויסגעוועלבט אַראָפּ-צו-צו צו די אונטערשטע שנײַדצײן.

דער ליטווישער ל איז גלײַך דעם רוסישען אין СТОЛЪ, דעם פּוילישען אין wół. —

§ 31 — [פּאַלאַטאַליזירטער ל]. — 1) איך באַצײכען אים: לׅ (אודער לְ, לי), ער איז גלײַך דעם רוסישען ль, דעם פּוילישען l.

2) אַלס צופעליקע דערשײַנונג אין דעם אודער יענעם אײנ-צעלנעם וואָרט, באַגעגענען מיר פּאַלאַטאַליזירטען ל אין אַלע, קען מען זאָגען, אָהן אויסנאַם ייִדישע מ״מ.

3) אַלס אָרגאַנִישע (אַלס געזעצמעסִיקע) דערשײַנונג זײַען מיר אים נאָר אין געוויסע מ"מ, על פּי רוֹב בלויז נאָך די פּאַלאַטאַלע עקספּלאָזיוולויטען.

## ספּאָראַדִישע פּאַלאַטאַלִיזִירונג.

§ 32 — [אַרטיִקולאַציִע]. — באַ דער ספּאָראַדִישער פּאַלאַטאַלִיזִירונג פון ל ענדערט זיך זײַן אַרטיִקולאַציִעשטעלע: דער שפּיִץ פון דער צונג דריִקט זיך צו צו די אײבערשטע שנײַדצײן — פון זײער שפּיִץ ביִז צו די וואָרצלען — און צום האַרטען גיִמען איִבער זײ. —

§ 33 — [סלאַוויִשער אײַנפלוס]. — 1) על פּי רוֹב איִז לי מיִטגעבראַכט אין די יִדִישע שפּראַך מיִט סלאַוויִשע ווערטער, אָדער מיִט אַנדערע פרעמד-ווערטער, וואָס זענען אַריִבערגעגאַנגען אין די יִדִישע גאַס דורך די סלאַוויִשע לשונות.

2) ליִפּשיִץ 113 ברײַנגט: ליאַדע [1]), ליאָכטע [2]), ליאַלקע [3]), ליאַמיִווקע [4]), ליאַמיִוועןְ [5]), ליוֹן [6]), ליאַפּ, ליאַפּען [7]), ליאַרעם [8]), ליאַרעמען.

האַרקאַוויִ 184 — 185: ליוֹד [9]), ליאַדע, ליאַליע [10]), ליאַלקע, ליאַמעווען, ליאַמקע [11]), ליאַפּען [12]), ליוֹקאַי [13]), ליאַרווע [14]). —

3) אין די יִדִישע מונדאַרטען קען מען הערען:

ריִבלי [גריִצי, איִליִווי, מאַרטשיִן, נײַשטאָדט (פּיִגטש. א.), ביאַלובושעג,

---

[1]) פּויליש lada. — [2]) פּ' luft (=נה"ד luftloch) [מה"ד (דהײַנו ניִדערריינִיש) איִז פאַראַן אויך די פאָרם lucht (לעק' 151)]. אין דרום-רוסלענדִישען ווֹקאַבעל איִז דער ch וואָרשײַנליִך קלײנרוסיִשער אײַנפלוס. — [3]) פּ' lalka. — [4]) אויך אין וואַרשע. פּ' lamòwka. — [5]) פּ' lamować. — [6]) רוסיִש: лепъ (אויך קלײנרוסיִש). — [7]) רוסיש: ляпъ, ляпать. — [8]) פּ' larmo, larum, larma (נה"ד lärm, allarm). — [9]) רוס' ледъ. — [10]) אין אויסדריִק: „ער איִז אַ שטומע ליאַליע" (פּ' lala). — [11]) == ליאַמיִווקע. — [12]) האַרקאַווי: זעצט-איִבער: to botch (ד. ה. לאַטען, פאַריִבלטען ווי אַ פאַרטאַטש), to smear (ד. ה. באַשמיִרען, באַשמוצען). — [13]) פּ' lokaj (נה"ד lakai). — [14]) פּ' larwa (נה"ד larve). —

ווישעגרוד, ליקווו), ריבילי (לושיץ [1]), טראַניוו [2]), פּאַרצעוו [3])), ריבעלי
(קוויעניץ), ריבבעלי (פּולטוסק) == פּויליש rubel;

פּוליצי [4]) (נאָוידוואָר) == פּויל׳ polica;

בראַנזילעט (סומפּאָלנ) == פּויל׳ bransoletka;

בילאָן, באַלאָן („אַ באַלאָן זאָדיוואַסער״) (וואַרשע) -- פון פּויל׳ balon;

קאַנצעלאַריאַ (בערזשין), קאַנצעלאַר (מאָגילניצע, נאַראָרושין)
== פּויל׳ kancelarya;

„מ׳ ליקעווצע״ (מ׳היילט זיך) (בערזשין) — פון פּויל׳ lekarzyć;

קאַטאָפלי (קאַטאָפליס), קאַרטאָפליי [5]) (ס׳), גיטאָפליי [6]) (זייך אויבען ז׳ 15) — פון פּויליש kartofel;

קלאַפּ (סומפּאָלנ) (איז פּאָפּעלער טייטש: א) לאַץ פאַ אַ מלבוש), ב) פּאָדריי מיט וועלכע מ׳פאַרמאַכט דעם קיימען) — אַקעגען פּויליש klapa (איך אין צווייערלייקער באַטייטונג);

גאַלער: (ווישעגרוד) — „אַ געמיינערע בערלינקע. אַ פּראָסטע אַ קליינע, צוזאַמענגעקלאַפּט אַזוי ווי אַ פּרים״ == פּויל׳ galera (נה״ד galeere);

פּאַטליקי (ווישעגרוד) — „זייער פלאַכע בערלינקע, וועלכע מ׳לאָדנט מיט אויבס״, — ווי ס׳שיינט פון פּויליש patela (וואָס הייסט די טייטש: „אַ פלאַכע קיכענפאַן״);

שאַנעל (פּיליוו) == רוס׳ шинель;

ליעכטיי (ווישעגרוד) == פּויל׳ lechtować [7]);

---

[1]) Łosice (קוגסט. א., בעלם. ג.). — [2]) Trojanów (גאַרוואָלין. א.). —
[3]) בעלם. ג., וולודאַוו. א. — [4]) אין קרעמיניץ: פּאָליצע (מיט טרוקענע ן). —
[5]) אפילו אין ווישקאָוו קומט דער וואָקאַל מיט באַלאַט. (הגם קוים-קוים). —
[6]) אויך אין יוזעפאָוו (לובל. ג.): גיטאָפליס. — [7]) אַ ווישעגרודער שיפער האָט מיר אַמאָל דערציילט: ...„יעך האָב געליעכטיעט״...; באַמערקענדיק, אַז איך פאַרשטיי נישט, האָט ער מיר איבערזעצט אַף פּויליש: „lechtowałem“. מיט מאַטערן נישט בין איך דערגאַנגען, אַז דער ווערב באַטייט: איבערלייגן משא פון איין בערלינקע אַף אַן אַנדערע. ווי ס׳שיינט, איז דאָס פּויליש צייטוואָרט אַ טעכנישער אויסדרוק, גענומען פון דייטשישען ווערבום טראַנז׳ leichten (גרינגער מאַכן). —

קאָל׳עיִו, קאַוואַל׳עיוֹ [1]) (וואַרשע) — אַקעגען פּויל׳ kolor, kawaler [1]);
קאָנטוראָל׳יִ [2]) [פּשיסכע (ראָד. ג., אופּאָטשנ. א.)] == פּויל׳ kontro'la;
סאַל׳יִ [3]) (וואַרשע) — „א) גרויס צימער; ב) לאָקאַל, וווּ מ׳אָרדנעט אײַן שמחות (דערהויפּט חתונות)" == פּויל׳ sala;
קרעל׳ [4]) (וויערזשבאָוו) — נאָכ׳ן פּוילישען koral;
ליאַמקיִ (מישיניעץ) — „ווײַנגלעזעל" == פּויל׳ lampka;
מענדאַל׳ (קרעמעניץ, ווישקאָוו) == רוס׳ медаль (פּויל׳ medal). —
אָנמערקונג. — ל׳ (נאָכ׳ן סלאַווישען) הערען מיר אין נעמען פון שטעדט: נאַשעל׳סק, מאָגיל׳ניִצי, קאָלביעל׳, קעל׳ץ, כמעל׳ניק, אול׳קיש, קאָל׳ני (לאָמז. ג.) א. אַ. וו.; אויך אין די נעמען פון וואַרשעווער גאַסען: נאַל׳עווקים (Nalewki), של׳יִסקי (Slizka) וכ׳. —

§ 34 — [שפּונטאַנע פּאַלאַטאַליזירונג]. — 1) פאַראַן, אָבער, אַזעלכע פאַלען, וווּ ס׳איז שווער צו געפינען די אָנזייעוודיקע סבה פון דער פּאַלאַטאַליזירונג.
2) ליפשיץ ברײַנגט [5]): „ליאַשטשען זעך", „ליאַג" [6]) — אַקעגען די פּוילישע: łaszczyć się, lug!
האַרקאַווי: „ליאָכענע" [7]) (גרויסע שיסעל) — ווי ס׳שײַנט אַקעגען лохань.
אַלזוי, אין יידישען פּאַלאַטאַליזירטער ל — אַקעגען סלאַווישען ריינעם! —
3) אין קרעמעניץ, טורטשין, פּאָלאָנקע, בריסק-דליטא זאָגט מען: אָנל׳י [8]) — דאָ קען מען אײַנזעהן דעם אײַנפלוס פון רוסישען нуль.

---

[1]) די באַטאָנונג פון די ווערטער אין יידישען איז אפילו נישט ווי אין פּוילישען, נור ווי אין פראַנצויזישען (couleur, kavalier). — [2]) וועגען u זיי אויבען ז׳ 33 (אָנמ. אין טעקסט). — [3]) „דאָס ליד פון ראַבאָניק" 22: „פון דיא פײַנסקע גאַס די סאַליע" ... [4]) אײַן פורם פאַר סינגולאַר און פּלוראַל. „אײַן קרעל׳" און „אַ שנייער קרעל׳". — [5]) ז׳ 113. — [6]) מה״ר louge (לעק׳ 151), נה״ר lauge. — [7]) 184. —

אוֹבער פוּנוואַנען נעמט זיך די אוֹיסשפּראַך אין ביאַלוֹבזשעג, פּיליִו,
לענטשני, וויערושוֹוו, וויִשקוֹוו, מישיניעץ, ווּ מ׳רעדט קיין רוסיש
נישט?

אין לובּלין: „אוֹלי״, אין סוֹכאַטשוֹוו: „אִילי״.

4) אין ראַדין (לוּבּל. ג.), אין ווענגערוֹווי: ליִעכט, ליִעכטיק
(ליִכט, ליכטיק); — אין פּראָשניץ: שליִאַכט (מלחמהשלאַכט); — אין סקער-
ניעוויץ: וואַליִגערן; אין לובלין: וואַליִגאַרן. —

זוֹל אין די ביישפּילען די פּאַלאַטאַליזירונג פוּן ל זיין רעגרעסיווע
אַסימילאַציִעווירקונג פוּן די גימענלוֹיטען כ, ג?

אין „שליִאַכט״ איז אפשר אוֹיך מעגליך איינצוזיין אַנאַלוֹגיִעבּיל-
דונג צום פּוֹילישען szlachtować (קוילען)? —

## לוֹיטגעזעצליכע פּאַלאַטאַליזירונג.

§ 35 — [דאָס פּיזיִוֹלוֹגישע וועגען קל, גל]. — די וויכטיקסטע דערשיי-
נונגען פוּן לוֹיטגעזעצליכער פּאַלאַטאַליזירונג זענען פאַר אונז נאָך k, g.
די פּאַלאַטאַליזירונג פוּן ] ווערט נאָך די דערמאַנטע עקספּלוֹזיוולוֹיטען
אַרוֹיסגערופען דורך דער אַרט פוּן זייער אַרטיקולאַציִע. —

1) באַ בּילדונג פוּן k, g פּרעסט זיך דער מיטעלער טייל פוּן
דער צונג צו צום האַרטען גימען (פּאַלאַטאַלע עקספּלוֹזיִוולוֹיטען), אוֹדער
דער טיפערער טייל פוּן דער צונג צום ווייכען גימען (וועלאַרע ק, ג).
דער שפּיץ-צונג ריִרט דערביי זייער לייכט אָן די וואָרצלען פוּן די
אונטערשטע שניידציין. שנעל צונעמענדיק די צונג פוּן גימען, לוֹזט
מען די לופט אוֹיססיסען דורך דעם אוֹפענעם מונדקאַנאַל.

2) אין גרעסטען טייל פוּן די פּוֹילישע מ״מ און אין אייניקע
דרום-רוסלענדישע ליגט די אַרטיקולאַציִעשטעלע פוּן ק און ג ווי
אַף דער גרענעץ פוּן ווייכען און האַרטען גימען, מער אַפ׳ן האַרטען.
אַף אַרוֹיסצוגעבען אין דידוֹזיקע מ״מ ריינעם ל נאָך k אוֹדער g,
ווּלט די צונג געמוזט, גלייך נאָך דער פאַרענדיגונג פוּן דעם גימענ-
לוֹיט, אינגאַנצען אָפּטיילען זיך פוּן האַרטען גימען און איבּערטראָגען
דעם שפּיץ אַף די אייבּערשטע שניידציין.

דאָס איז, אוֹבער, נישט אַזוֹי גרינג, און צוליב באַקוועמליכקייט
פוּן דער אוֹיסשפּראַך ענדערט דער ל זיין אַרטיקולאַציִעשטעלע, אַסימי-
לירענדיק זיך, אוֹיב מ׳קען דאָ געבּרוֹיכען דעם אוֹיסדרוק, מיט׳ן ק או-

דער ג. די נייע אַרטיקולאַציע פון ל איז כמעט די־אייגענע, וואָס פון די עקספּלאָזיוולויטען, נור עטוואָס מאָדיפיצירט: די צונג באַרירט מיט׳ן רוקען דעם האַרטען גימען אַף אַ גרעסערן שטח — צו די אייבערשטע שניידציין צו, — און דער שפּיץ אירער דריקט זיך שטאַרקער צו צו די וואָרצלען פון די אונטערשטע שניידציין.

אָנמערקונג. — דער שפּיץ פון דער צונג, בײַם אַנטשטיין פון ל׳ נאָך ק, ג, מוז בלייבען אַף די אונטערשטע ציין, ווייל אַנדערש וואָלט פאַרשטעלט געוואָרען דער מונדקאַנאַל, און די לופט, וואָס בילדט די דערמאָנטע גימענלויטען וואָלט נישט געקענט ווי געהעריק פריי אויסשיסען.

3) די געענדערטע אַרטיקולאַציעשטעלע פון ל נאָך די גימענעקספּלאָזיוולויטען איז, אַלזאָ, אַ נאַטירליכע פאָרטזעצונג פון זייער אַרטיקולאַציעשטעלע. די פאַרבינדונגען קל׳, גל׳ ווערען, דעריבער, אויסגעשפּראָכען אייגענטליך, קען מען זאָגען, ווי איין צוזאַמענגעזעצטער לויט, שלאַנק און ווייך.

אָנמערקונג. — מענטשען, וואָס רעדען שלעכט, ברייגנען אַרויס ל נאָך k, g, אַריבערטראָגענדיק דעם שפּיץ־צונג אַף די אייבערשטע שניידציין. דער מונדקאַנאַל ווערט אַזוי אַרומער פאַרשטעלט, נאָך איידער דער עקספּלאָזיווע לויט איז אינגאַנצען פאַרענדיקט. די לופט מוז אַרויסגעשטופּט ווערען דורך די שמאָלע שפּאַרעס צווישען די צונגרענדער און די אייבערשטע באַקציין. דערצו איז נייטיק אַ שטאַרקע אָנשטרענגונג פון גורגל און פון די צונגרענדער, און צווישען ק אודער ג און ל לוט זיך דערהערען אַ דייטליכער קנאַק, אַ הילכיקער צווישענרויש. דאָס מאַכט די אויסשפּראַך נישט עסטעטיש.

אַזאַ אויסשפּראַך איז מיר אויסגעקומען צו הערען פון עטליכע גרויסביאַלער[1]. נור צי איז דאָס זייער אינדיווידועלער פעילער אודער אַלגעמיינע אייגענשאַפט פון דער גרויסביאַלער מונדאַרט, דאַרף נאָך נאָכגעפאָרשט ווערען. —

§ 36 — [די געאָגראַפישע גרענעצען פון קל׳, גל׳]. — 1) אין וואַרשע ווערט ל נאָך ק אודער ג פּאַלאַטאַליזירט אין יעדער שטעלונג:

a) וואָרט־אײַן: קליוץ, קליאַמקי, קלייפּי[2], קליאַין, קליאָע[3], קליעמע[4], קליעיבם, קליעירן; גלייק, גליאָעס, גליוק, גליאַאַך, גליאַט, גליעיבם, גליאַנצן, גליוצן; —

---

1) Бѣла, Biała (בעלמער ג.). — 2) העברעיש: קְלִיפָּה. — 3) קלאַר. — 4) פלעמען. —

b) וו ו ר ט-א ו י ס: פעקל׳, רעקל׳, פלעקל׳, גלִיעקל׳, שטעקל׳, זעקל׳, העקל׳, דעקל׳, פִּיסקל׳, בִּיסקל׳ [1]; שפִּיגל׳, פויגל׳, גורגל׳, טעיגל׳ [2], דעיגל׳, רעיגל׳ [3]; —

c) וו ו ר ט-א י ן: פעקלִיך, רעקלִיך, פלעקלִיך, גלִיעקלִיך; עִינגלִיאַנד [4]. —

2) דאָסאייגענע — אין גרעסטען טייל פון די פ ו י ל י ש ע מ״מ — אין סוכאַטשעוו, וויסקיט, נײַשטעיטל, בערזשין, ווישעגרוד, לובלין, פּי-לִיוו, יוזעפוּוו, ליקיווי, קאָליש, וויערושוו א. אַ. ח., -- און אין געוויסע ד ר ו ם-ר ו ס ל ע נ ד י ש ע — אין וועגגערוווי, גרויס-ביאַלי, סוקעלווי, טורטשין, קרעמעניץ, בערעזדיוו (נוווגראדוולינ. א.). —

אָ נ מ ע ר ק ו נ ג. — אין די מ״מ, וואָס פּאַלאַטאַליזירען ל נאָך ק, ג, בלײַבט ער פ אַ ר דידוזיקע גימענלויטען אָהן ענדערונג. —

3) נישט פּאַלאַטאַליזירט נאָך די גימענעקספּלוזיוולויטען איז דער ן:

א) אין גרעסטען טייל פון די ל י ט ו ו י ש ע מ״מ — למשל, אין לומזע, סטאַוויסק, אוסטרווי, קולִינִי, מישיניעץ (לומז. ג.), וואָלקווישקי (סוואַלק. ג.), טשעריקוו, זולוטונושי, א. אַ. ח.; —

ב) אין אייניקע ד ר ו ם-ר ו ס ל ע נ ד י ש ע — אין אוסטרע, סטע-פּאַנצי, אלשומער, ריזשאַן;

ג) אויס די פ ו י ל י ש ע — אין דער סומפּולנער, אין דער מאַקו-וער (לומז, ג.);

ד) אין דער וו י ש ק ע וו ע ר מ׳. —

4) אין אייניקע מ״מ, דערהויפּט ל י ט ו ו י ש ע: -- למשל, אין ס ק ל ד ל, אין פ ו ל ו נ ק ע, — איז דער ן נאָך k און g ווי קוים-קוים פּאַלאַטאַליזירט. אובער טאַקי נישט מער ווי קוים-קוים. ער איז נאָנ-טער צום פּוילישען ń ווי צו ן, נור דוך גערירט מיט דער ווייכקייט פון לעצטען. די אַרטיקולאַציעשטעלע זײַנע: צווישען דער, וואָס אין 2-טען פּונקט פון § 30, און דער, וואָס אין § 32 אָנגעוויזען. —

§ 37 — ן ל פאַר׳ן סופיקס -כען. — 1) אין ס ו מ פּ ו ל נ י, ווו ן נאָך ק אָ-דער ג בלײַבט, ווי געזאָגט, ריין [5], ווערט פאַר דעם אולטראַפּאַלאַטאַלען

[1]) אַרהערב (פון ב י ז). — [2]) דעמינ, פון ט אָ ג. — [3]) ה ע ב ר ע י ש: דֶגֶל, רֶגֶל. — [4]) אובער: ל אַ נ ד. — [5]) לויט דער רוסישער טערמינולוגיע: „ה אַ ו י ט״. —

ch פון דעם דעמינוטיוסופיקס ־כע דער ליקוויד יו פּאַלאַטאַליזירט [1]:

a) צווישען g און ch — שטענדיק, — שפּיגילכע, באַי־גילכע [זיי „זאַמעלביכער" II 320];

b) אין אַנדערע פאַלען — ווי אַמאָל, — „אַרבילכע", אויבער, טרענדעלכע"; עס עקזיסטירען אויך פּאַראַלעלע פאָרמען: „זע־מעלכע, טיכעלכע" און „זעמעלכע, טיכעלכע". —

2) די אַרטיקולאַציעשטעלע פון סאָמפאָלנער ל פאַר ־כע: צווישען דער פון § 30 (פּ. 2) און דער פון § 32. —

## זילבענבילדענדיקער l

§ 38 — 1) אין אַלע יידישע מ"מ בילדט l (דער רייִנער און דער פּאַלאַטאַליזיר־טער), אָהן וואָקאַל פאַר זיך, אַ זילבע (אַ אומבאַטאָנטע וואָרט־אויס). מ'באַצייכענט דעם זילבישען l: ל̥ (l̥).

אַזוי [2]): אַרבל̥, שפּיגל̥, דרעידל̥, רעיוול̥ [3]), הייזל̥, היטל̥, לעפל̥, קעמל̥, פּעסל̥, קעפּל̥, לעפל̥, קעצל̥, רעקל̥, פּאָרל̥, טישל̥.

2) זילבענבילדענדיקער l קען נישט קומען: נאָך j, l און n.

אָנמערקונג. — דערפאַר, אין די מ"מ [4]), וואָס בילדען דעמינוטיווא מיט דעם סופיקס ־ל, קומט צווישען אויסלויט־נ פון נומען און דעם ־ל א ד, אודער דער נ פאַלט לגמרי ארויס. — אַזוי, אין קרעמעניץ, לומיר אָנכאַפּען: קענדל̥, פּענדל̥, שפּעינדל̥, צעינדל̥, פּעינדל̥, עינדל̥, אינדל̥, רעיגנדל̥ — און: קעסטל̥, פלעקל̥, קיכל̥, שטעקל̥ [5]).

---

[1]) לויט דער רוסישער טערמינאָלאָגיע: „פּאַרוויכט". — [2]) די ביישפּילען זענען געבראַכט אין ליטעראַרישער אויסלייגונג. — [3]) דעמינ. פון „רב". —

[4]) וועגען גאַליציע זיי: „Das deminutivum der galizisch-jüdischen Mundart", Von A. Landau [„Deutsche Mundarten"... B. I, H. I, s. 47]. — דעם דעמינוטיווסופיקס ־ל האָבען די מ"מ פון די שטערט: קרעמעניץ, בערדיטשעוו, קריוויזיר, לוצק, טורטשין, גרויס־ביאַלי, וועגנערוווי, ריזשאַן, וויש־קווו; וואַרשע, לובלין, פּיליוו, יוזעפאָוו, וויערושאָוו, ווישעגראָד א. אַ. וו. — אין ווישע־גראָד פאַראַן ווערטער, וואָס בילדען פּאַראַלעלע דעמינוטיווא מיט ־ל און מיט ־כע; אַנדערע בילדען דורט די פאַרקלענערונגספאָרם בלויז מיט ־ל אודער בלויז מיט ־כע. —

[5]) פון: קאַן (צו וואַסער), פאַן, שפּאָן, צאָן, פאָן, אָן (האָן), ין (הון), רעינן, קאַסטן, פלוקן, קיכן (קוכן), שטעקן. —

3) אויך אין העברעישע ווערטער איז ל (אין פרייען אויסלויט נאָך קונסונאַנט) זילבענבילדענדיק.

ווי (אין דער קרעמעניצער אויסשפּראַך): מאָזל, מויכל, מאַכל, מעכל, דעיגל, רעיגל [1]) וכ׳. —

4) וועגען סונאַנטישען טייל פון זילבישען l לוזט זיך זאָגען דאָסאייגענע, וואָס וועגען דעם סונאַנטישען עלעמענט פון זילבענבילדענדיקען r (זיי אויבען § 2, פ׳ 4)

5) l בלייבט זילבענבילדענדיק, אפילו ווען ס׳ווערען נאָך אים צוגעזעצט צום ווארט כלערליי ענדונגען, אודער אַ צווייט קומפּוזיציעגליד, נאַטירליך — מיט קונסונאַנטישען אָנלויט.

טווי (אין דער קרעמעניצער פ׳ גענומען): מיידל — דעים מעידלס (געניט. סינג.); פויגל — פויגלדיק (אדווערב); מזל — מזלדיק; יפל (אדווערב — דעיאַ יפלטאַ (אדווערביאלער אדיעקט); עך קיצל — די קיצלסט — עיאַ קיצלט; קנובל — קנובלריח, וכ׳. —

6) אַ צוגעקומענע ענדונג מיט וואָקאַלישען אָנלויט נעמט-צו באַם l זיין זילבענבילדענדיקע רולע.

למשל (אין וואַרשעווער טראַנסקריפּציע גענומען): מיידל—מיידלוך (פ״צ).

7) זילבענבילדענדיקער n נאָך זילבענבילדענדיקען l גיט-צו דעם ליקוויד און נעמט אויך אַליין אָן קונסונאַנטישע פונקציע.

אין קרעמעניץ (אלס ביישפּיל): עך קיצל, אובער — קיצלין (אינפינ.), קיצלינדיק (פּאַרטיציפּ. פּרעז.); פידל [2]) (נומען) — פידלין [3]) (ווערב).

אָנמערקונג. — אַ טיפער אונטערשיד צווישען דעם יידישען און דעם דייטשישען. נה״ד: fiedeln, kitzeln א. אַ. וו. — אַקעגען דער דייטשישער אומבאַטאָנטער זילבע -el- פון די געבראַכטע און ענליכע ביישפּילען — אין דער יידישער שפּראַך תמיד: -לע- (עווענטועל: -לי-).

אין דעמדוזיקען -לע- קען מען אפשר אײַנזיין דערשייַנונג פון מעטאַטעזיס [4]) (§ 29, פ. 1): וואָקאַל (אודער סונאַנטישער טייל פון ליקוויד) און קונסונאַנט (אייגענטליך, סונורלויט) זיך געביטען מיט די ערטער —

[1]) מזל, מחל, מאכל, מיכל (אייגענ.נאָמען), דגל, רגל. — [2]) מה״ד (לעק׳ 341): Videlen. — [3]) אויך מה״ד (לעק׳ 124). — [4]) אין ברייטען זין. אין ענגען זין באַצייכענט מען מיט דעם טערמין דאָס בייטען זיך מיט די ערטער פון קונסונאַנטען [למשל, אין ושיבלין הוב איך געהערט: שחד אנשטאָט השד]. —

8) פאַר'ן דעמינוטיוו-סופיקס -כע פאַרלירט דער סאָמפּאָלנער ל̥ טיילווייז זיין זילבנבילדנדיקן כאַראַקטער (זעה "זאַמעלביכער" II 320). —

9) די ווערבאַלע פאָרם "וועל"[1]) פאַרלירט אין גרעסטן טייל פון די פּוילישע מ"מ און אין אַ סך דרום-רוסלענדישע דעם ל-אַנלויט. ענקליטיש, נאָך אַ וואָרט מיט קאָנסאָנאַנטישן אויסלויט (געוויינטלעך, איז עס פּערזענלעך. פּראָנ. פון 1-טער פּ.) ווערט די זילב "על" אָן אויך דעם וואָקאַל, און ל̥ בילדט אַ זילב מיט'ן פריערגייענדיקן וואָרט.

צ. ב.: "עכ' ל[2]) גיין", "כ' ל[2]) עסן" (קרעמעניץ); יעכ' ל[2]) טאָן (לובלין), א. אַ. וו. —

## אָפּשוואַכונג און וואָקאַליזירונג פון ל

§ 39 — [ל—לייכטער לויט]. — 1) די ליקווידע ווערן פאַרענט צו די לייכטסטע קאָנסאָנאַנטן [3]).

2) אַמלייכטסטן איז דער יידישער ל-לויט אין די פּוילישע מ"מ.

3) אַמווייניקסטן שטאַנדהאַפטיק איז דער ל פון אייניקע ליטווישע מ"מ (אין צפון-טייל פון לומזער גוב').

## דער פּויליש-יידישער ל.

§ 40 — [אַלגעמיינס]. — 1) דער פּויליש-יידישער ל האַלט זיך אים אַלגעמיין פעסט, ווערט אַרטיקולירט בולט און דייטלעך, הגם זיין אויסשפּראַך איז מילד (§ 30, פּ. 2).

2) אָפּגעשוואַכט, אָדער וואָקאַליזירט ווערט נאָר דער ריינער, ד. ה. דער האַרטער ל, און נאָר אין אויסלויט פון וואָרט.

3) דערביי עקזיסטירט אין דער הינזיכט אַ אונטערשייד צווישן נישט-זילבנבילדנדיקן און זילבישן ל:

a) דער ערשטער ווערט בלויז אָפּגעשוואַכט, אי דאָס נישט שטאַרק, און נאָר אין אַ באַגרענצטער צאָל פּוילישע מ"מ;

b) דער צווייטער ווערט אויך וואָקאַליזירט, און אין אַ ברייטערן קרייז מ"מ. —

[1]) ערשטע פּערזאָן סינגולאַרים פוטורי פון הילפווערב "זיין". — [2]) איך וועל. — [3]) זעה היללמאַננס I 298. —

§ 41 — [דער פוילישער נישטזילבנבילדענדיקער ל]. — ער ווערט אָפּגעשוואַכט:
1) אין קאָליש, אַלס אויסלויט פון אומבאַטאָנטער ענדזילב, וואָס איז געבילדעט דורך אַ סוואַראַבהאַקטיוווקאַל, וועלכער הוט זיך אַנט־וויקעלט נאָך דיפטונג, — ווי: מ ו ע ל, ק ו ע ל [ווי „זאַמעלביכער" II 312]; 2) אין פּיליוו, וואָרט־אויס נאָך דער איבערלענג ô, — ווי צ. ב.: מ ו ל, ק ו ל [דער ל איז נאָך „קאָנסאָנאַנטיש", אָבער זייער לײַכט און דורכזיכטיק, קוים צו פאַרנעמען מיט'ן אויער]. —

§ 42 — [דער פוילישער זילבישער ל]. — 1) אין וויערושאָוו איז ער דײַט־ליך קאָנסאָנאַנטיש, נור שוואַכליך, מיט פאַרלוסט אין געוויכט. אַמלײַכט־סטען, ווי אַף דער העלפט שוין וואָקאַליזירט, איז ער נאָך אַלע לאַביאַ־לע, דערהויפּט נאָך m.
2) אין מאַקוו (לומז. ג.) זענען די פאַרהעלטעניסען אַזוי:
a) אַמשטאַרקסטען האַלט זיך דער ל נאָך די דענטאַלע, נאָך וועלכע ער פאַרלירט בלויז קוים־קוים אין פולקייט. — טווי [1]: אַאַטל [2], ענטל [3], מאַידל [4], אַאַזל, טאַאַזל, מאַאַזל [5];
b) נאָך די גוטוראַלע און נאָך r איז ער אַ סך שוואַכער: פּאַאַקל [6], יאַאַנקל, פּאַאַרל [7]. — אַלס דריטע זילב נאָך דעם הויכטאָן — גאָר אויפגעלייזט, כמעט וואָקאַליזירט (אין u): מאַאַלעכו [8], מילעכו [9], קאַאַלעכו [10], שפּילעכו;

---

[1]) די בײַשפּילען געזעצט מיט קולונעל; בלויז די ל־לויטען מיט ציצערו, וואָס איז אַף אַ האָר קלענער פון דער ערשטער שריפט. — [2]) דעמינ. פון ווט (הויט); אימינוטיוו: אַאַטעלו. — [3]) דעמינ. פון אַנט (האַנט); מ'זאָגט אין מאַקוו: „אַ קלאַין ענטל", אָבער „אַ קלאַינטשיק ענטעלו". — [4]) וולגאַר געברויכט מען: מוט. — [5]) דעמינ. פון ווס, טווס, מווס (הויז, טויז, מויז); אימינוטיווא: אַאַזעלו, טאַאַזעלו, מאַאַזעלו. — [6]) דעמ. פון פּווק (פּויק); אימינ.: פּאַאַקעלו. — [7]) דעמ. פון פּוור (פּויער); פּעמינ.: פּוורטע. — [8]) דער פּעטיט־[ איבערן ו — אויסצודריקען די נישט פולשטענדיקע אויפלייזונג. — [9]) דעמ. פון מול (מויל), מיל; מ"צ פון דעמ': מאַאַלעכלעך, מילעכלעך. — [10]) דעמ. פון קול [א) קויל צום שיסען; ב) קוגעל (דאָס לעצטע וואָרט אין מאַקוו אומבאַקאַנט)]; דער סינגולאַר פון דעמ' זעלטען געברויכט; עפטער דער פּלוראַל: קאַאַלעכלעך; אַלס סינגולאַר פּאָפּולערער אין מאַקוו: קאַאַלטיע. —

c) כמעט וואָקאַל, בלויז מיט אַ פינטעל פון ן, הערען מיר אויך נאָך אַלע ליפּענלויטען: קעפּוּ[1], שאַאַבוּ[2], שראַאַפּוּ[3], זאַאַנווּ. -- אַמנאָנטסטען צו u איז דער לויט נאָך דעם לאַביאַלען נאַזאַל: באַימוּ[4]). —

3) אין דער סאָמפּאָלנער מונדאַרט, וועלכע איז איבערהויפּט זייער סובטעל, איז דער ן בכלל באַזונדערס לינד, פיין, — דער ל̥[5]), דעריבער, נאָך שוואַכער און לייכטער:

a) ליקוויד, הגם זייער גרינגער און דורכזיכטיקער, הערט זיך נאָך די צאָנלויטען און נאָך r: — שליס̥, פעיר̥, וכו׳;

b) נאָך די לאַביאַלע עקספּלאָזיוולויטען און ספּיראַנטען איז ער שוין וואָקאַליזירט אין גרעסטען טייל פון זיין קוואַנטיטעט, נור זיין נאַטור, אַלס „קאָנסאָנאַנט", שפּירט זיך נאָך. ריכטיקער ווער, דעריבער, זיין אויסצולייגען: אַרבוּ, קנובוּ. — אין דריטער זילב נאָכ׳ן הויכטאָן וועט שוין נישט ריזיקאַליש זיין צו שרייבען: שוואַרצאַפּוּ (הגם אויך שוואַרצאַפּוּ וועט נישט זיין נישט געניי);

c) נאָך ג און מ — u; דער סימן-הגזע שפּירט זיך נישט מער, ווי קוים-קוים: — גורגוּ, שפּיגוּ, הימוּ, זעמוּ[6]). —

4) וויטער נאָך, אין אַ געוויסער מאָס, גייט דער פּראָצעס פון אָפּשוואַכונג און וואָקאַליזירונג באַם יוזעפאָוווער (לובל. ג.) ל̥:

a) אויך דאָ האַלט זיך דער ליקוויד אַמפּעססטען נאָך די דענטאַלע, נאָך וועלכע ער איז דייטליכער זוגאַר, ווי אין דער סאָמ-

[1]) דעמי׳ פון קופּ. — [2]) דעמי׳ פון שופּ (מ״צ שווּבם): אימינ.: שאַאַבעלו. — [3]) דעמי׳ פון שרויף (מ״צ שרויפן); אימינ.: שראַאַפּעלו (מ״צ שראַאַפּעלעך). — [4]) דער סימן-הגזע שפּירט זיך פאָרט אין דער אויסשפּראַך. אימינ.: באַימעלו (פון בוים). — [5]) דער זילבישער ן איז דאָרט, זול דאָ אָנגעמערקט ווערען, אייגענטליך נישט שטאַרק פאַרשפּרייט, מחמת דער דעמינוטיוו-סופיקס -ל איז אין סאָמפּאָלנע לגמרי נישט באַקאַנט. — [6]) די נאַטור פון ו (אויס ל) דריקט זיך אויס אין אַ באַזונדער מין רויקייט (האַרבקייט) פון דעם וואָקאַל, וועלכער איז נישט אַזוי פליסיק ווי אַ „סאַמורודנע" u. —

פּוֹלנער מוּנדאַרט; אַזוֹי: בּראַיטל, רעידל, העינדל, פּעסל, האַאַזל, פּלעשל, קאַישל [1]), פּישל, טעצל [2]), פּלעצל; —

b) נאָך די לאַבּיאַלע, אוֹבּער, און נאָך ch און r איז דער ל פּוֹלשטענדיק שוֹין ווֹקאַליזירט, הגם אין דעם רוֹיען u, וואָס דער-שײַנט אַף זײַן אוֹרט, שפּירט זיך מער-ווײַניקער אַ פּינטעלע פון אויפ-געלײַזטען l; — צ. ב.: קנעפּו, קעפּו, טאַאַבּו, שאָפּו [3]), רעי-וו [4]), פּלאַאַמו [5]), בּאַאַכו, יאַאַכו [6]), פּאַאַלעכו [7]), טירו [8]), וכ׳. —

אָנמערקונג. — אין יוזעפּוו: קנאַפּעלי l פּאַלאַטאַליזירט און נישט וועלבּיש, מיט e (רוּסיש ə) פאַר זיך]. —

5) אין פּיליוו:

a) נאָך די דענטאַלע איז ל פּיל שוואַכער, ווי אין דער יוזע-פּוווער מוּנדאַרט. ער הוֹט בּלוֹיז קוֹים-קוֹים קוֹנסוֹנאַנטישע נאַטור: ס׳הערט זיך u, אין וועלכען ס׳שפּירט זיך נישט מער ווי אַ פּינטעלע פון l. אַמשוואַכסטען איז דער זילבּישער ליקוויד נאָך ש. — אַזוי:

ווענטול, הענטול, נאָאָדול, בּעעדול, רעידול, בּעידול, העינדול [9]), שפּעינדול, פּעסול, האַאַזול, מאַאַזול, טעצול, פּלעשול, נאָאָדוטעשול, וכ׳;

b) נאָך די לאַבּיאַלע און נאָך כ און ר — פּוֹלשטענדיקער u (אירעאַלער, אוֹבּער זיכערער). — הייסט עס: קעפּו קנ׳עפּו, קנ׳וֹבּו, טאַאַבּו, שיפּו, ווֹלוו [10]), וועלוו [11]), קנ׳עכו, בּיכו [12]), פּאָאָרו, טירו, וכ׳. —

6) אין וואַרשע — ווי אין פּיליוו [13]). —

---

[1]) אײַגענטליך זעלטען געבּרויכט. עפּטער: קוֹיבּערו (פון קוֹיבּער). —
[2]) блюдце. טאַץ: א) подносъ; ב) קלעזמערישער אינסטרומענט. — [3]) העבּר׳: שָׁפָל [„ס׳ איז שאָפּו" == ס׳ איז שלעכט]. — [4]) דעמינ׳ פון ראָאָף (רב). —
[5]) דעמינ׳ פון פּלוֹים. — [6]) דעמינ. פון בּוֹיך, יוֹיך. — [7]) .. פון מוֹיל. —
[8]) ... פון טיר, טיער (טיר). — [9]) דעמ׳ פון פּאָעט (בּאָרד), ראָאַט (ראָד), בּאָיט (בּאָד), האָין (האָן). — [10]) די אָפּשוואַכונג פון l אין אויסלויט פון דער ערש-טער זילבּ — ספּוֹראַדישע דערשײַנונג. — [11]) דעמינוטיוו פון׳ם נאָמען וואָלף. —
[12]) דעמ׳ פון בּליך. — [13]) אין „זאַמעלבּיכער" II, אין די „דיאַלעקטוֹלוֹגישע פּאַראַלעלען

## קאָלינער l.

§ 43 — [געאָגראַפּישעס]. — 1) אין איבערשטען טייל פון לומזער גובּ׳ ליגט אַ פּאַס, אין וועלכען די יידישע מ״מ (גייען-אַרײַן אין קרייז פון ליטווישען דיאַלעקט) האָבּען כמעט נישט קיין נאָרמאַלען l. דאָס געבּיט ציט זיך פון דרום-מערב קיין צפון-מזרח, און זײַנע גרענעצען דאַרפען ערשט אונטערזוכט ווערען. פאָרלויפיק קען איך בלויז אָנווײַזען, אַז מישיניעץ ליגט אויסערהאַלב דעם פּאַס; קאָלינע, שטוטשין [1]-אין אים.

2) אַמנאָנטסטען איז מיר אין דער הינזיכט באַקאַנט די קאָלינער מ׳, און פון איר וועט עס ווײַטער גערעט ווערען. —

§ 44 — [נאָרמאַלער ל-לויט אין קאָלינען]. — ער איז אַ זעלטענע דערשײַנונג.

1) דײַטליך, אָהן פגימות, אין אַלע שטעלונגען איז אין קאָלינע בלויז דער פּאַלאַטאַליזירטער l.

אָנמערקונג. — אויך אין די פּוילישע מ״מ, אין וועלכע ľ ווערט אָפּגעשוואַכט, אָדער וואָקאַליזירט, בלײַבט ľ אין דער גאַנצער קראַפט, אָהן שינוי [2]. —

2) דער רײַנער l ווערט אין קאָלינע נאָרמאַל (הגם עטוואָס בלאַסליך) אַרטיקולירט בלויז אין צוויי שטעלונגען:

א) צווישען וואָקאַל און ch; — צ. ב.: וועלכער, אַזעלכער, פעלכעלי, שטעלכעלי [3];

ב) צווישען ch און וואָקאַל; — למשל: בּיכלאַך, טיכלאַך קיכלאַך, שיכלאַך. —

§ 45 — [קאָלינער ל׳]. — 1) אין דער קאָלינער מ׳ באַגעגענען מיר בלויז ספּאָראַדישע פּאַלאַטאַליזירונג פון l.

---

און באַמערקונגען״, האָב איך אין וואַרשעווער דעמינוטיווא געשריבען ? אויך נאָך רעגעלע: צוליב טעכנישער באַקוועמליכקייט (וועגען גענויקייט אין דעם ערט איז דורט נישט געגאַנגען, מחמת די הויפּט-טעמעס פון יענע נאָטיצען זענען גאָר אַנדערע). —

1) Szczuczyn. — 2) זעה אויבען § 40, פ׳ 2. — 3) עס׳ פון פעל, שטאַל. —

ביישפּילען: ליאַליקע, פּליאַץ [1], (ליומפּ [2], בליומבע [3], בליונד [4], (ליאַסטער [5], פליעיט [6], קליאַמקע [7], קליעע [8], פּאַליטאָ [9], פּוליע [10], שאַלי [11]. —

2) אַנ׳ אַרט פּאַלאַטאַליזירונג פון ן (און פון אנדערע קאָנסאָנאַנטען) קומט־פאָר אין די יידישע מ״מ פאַר ? (i), וואָס באַלאַנגט, ווי באַקאַנט, צו די פּאַלאַטאַלע לויטען (בא זיין בילדונג לעיגט זיך דער פעדערשטער טייל פון דער צונג צו פון ביידע זייטען צום האַרטען גימען, דער שפּיץ פון דער צונג שטעלט זיך אָפּ אָן דער אינערליכער זייט פון די אונטערשטע שניידציין, און אין מיטען פון דער צונג לענג־אויס שניידט זיך איין אַ רינוועלע). די דזיקע דערשיינונג וועלען מיר רופען: „קוואַזי־פּאַלאַטאַליזירונג“: די ווייכקייט פון וואָקאַל טראָגט זיך איבער דורך באַרירונג אַפ׳ן קאָנסאָנאַנט פאַר אים, און ס׳ווערט באַשאַפען די אילוזיע, אַז אויך דער קאָנסאָנאַנט איז ווייכליך. — דער קוואַזי־פּאַלאַטאַליזירטער ן אין דער קולינער מ׳ געניסט נישט פון דער פּריווילעגירטער לאַגע, אין וועלכער עס געפינט זיך דורט דער ל׳, און טיילט אים אַלגעמיין דעם גורל פון האַרטען ן מיט אַלע זיינע דעפאָרמירונגען און מעטאַמאָרפאָזען. —

§ 46 — [קולינער האַרטער ן]. — 1) אויסער ווי פאַר און נאָך ch (§ 44, פּ׳ 2),

---

[1]) מיט ל׳ — אקעגען פּויליִשען plac (דייטש׳ Platz). —

[2]) אויך אין סקידל (גרודנ. ג.) מיט ווייכען ן: פּל׳ומפּ. — אין וואַרשע, אין לובלין: פּלימפּ (ליפשיץ 163, הורוויץ 75: פּלימפּ; האַרקאַווי 241, ביסקאָ 185: פּלומפּ; דרייזין 300: פּלומפּע). — אין קרעמעניץ — אָהן ן: פּומפּע (הורוויץ 75, דרייזין 300: פּומפּע; ביסקאָ 185: פּומפּע און פּומפּ; האַרקאַווי 241: פּומפּ). — מה״ד (לעק׳ 189): pompe, pomp (לאַטייניש: pompa). — נה״ד (קלוגע 305 a): Pumpe. נעבענפאָרמען (אין די מזרח־מיטעלדייטשישע מ״מ): plumpe, plumpfe (זיי גערזון 97). —

[3]) אויך אין סקידל: בל׳ומבע. אין וואַרשע, אין קרעמעניץ: בלומבע. אין לובלין: בלומבע. נה״ד (לאַטיינ., פראַנצ.) plombe (ט׳ 967); פּויל׳: plomba; רוס׳: пломба. — [4]) ל׳ — אקעגען פּויליִשען blondyn [נה״ד blond (אדיעקט׳)]. — [5]) ל׳ — אקעגען פּויליִשען flaster. אין קרעמעניץ: פלאַסטאַ. — [6]) ל׳ — אקעגען פּויל׳ flet (אודער רוסישען флейта?). — [7]) פּויליש: klamka. — [8]) פּ׳ klej. — [9]) אין קרעמעניץ: פּאַלטע; אין וואַרשע: פּאַל׳טן. פּויליש: palto, paleton. — [10]) רוסיש: пуля. — [11]) פּויל׳: szal. —

ווערט איר אין קאָלינע דעם ל אין נאָרמאַלען, ד. ה. קלאָר אַרטיקולירטען און זיכערן געשטעלט נישט הערען (אָהן אונטערשיד, צי איז דאָס װאָרט אַ יידישעס, אַ לשון-קודשעס, צי אַ סלאַווישעס).

2) די סבות פון דער דערשיינונג דאַרף מען געוויס זוכען אין דער אַנאַטאָמיע און פיזיאָלאָגיע פון די שפּראַכאָרגאַנען בײַ דער יידישער באַפעלקערונג פון יענעם קאַנט (וואָרשײַנליך, ווי מיר דאַכט זיך, לויט מײַנע באָבאַכטונגען: אין געבײַ פון דער צונג).

אַנמערקונג. — אינטערעסאַנט: די קאָלינער יידישע פרויען רעדען בעסער אַרויס דעם ], ווי די מאַנסבילען [1]. —

3) די דעפאָרמירטע אויסשפּראַך פון קאָלינער האַרטען ] לאָזט זיך נישט כאַראַקטעריזירען אין איין פאָרמעל. זי איז פאַרשידען — לויט דער שטעלונג פון ליקוויד אין דער לויטגרופּע, ד. ה. אין וואָרט, זייענדיק שטאַרק אָפּהענגיק פון milieu, דערפון, צי שטייט דער ]: —

a) צווישען וואָקאַלען;

b) אין פרײַען אָנלויט (דערבײַ בלײַבט נישט אָהן אײַנפלוס די צונפאַרב פון װאָקאַל נאָך אים);

c) אין פרײַען אויסלויט (סוף-וואָרט);

d) אין געדעקטען אָנלויט וואָרט-אײַן (אין גרויסער אָפּהענגיקייט פון קאָנסאָנאַנט, וואָס פאַר׳ן ])

e) צווישען קאָנסאָנאַנט און וואָקאַל וואָרט-אין;

f) אין געדעקטען אויסלויט פון זילב וואָרט-אין (נישט זילבּיש);

g) אין געדעקטען אויסלויט וואָרט-אויס (נישט זילבּיש);

h) אין געדעקטען אויסלויט, זילבּיש;

i) אין פרײַען אויסלויט, זילבּיש. —

§ 47 — [קאָלינער ל צווישען וואָקאַלען]. — 1) דאָס איז אַ קאַטעגאָרישער ], אויבער עס פעילט אים דאָס רעליעפקייט, אויסדריקליכקייט, שלאַנקייט און דער גלאַנץ פון נאָרמאַלען ליקוויד. ער איז ווי צוגעפּלאַטשט אַביסעל און פאַרנעפּעלט. אַנדערש אויסגעדרוקט: ער איז נישטפאַרענדיגט און

---

[1]) אַזוי האָט מיך פאַרזיכערט ה׳ אל. לעוו אויס קאָלינע. —

אומגעלומפּערט עטוואָס. — מיר הערען אים אין אַזעלכע ווערטער, ווי [1]: כאַלי, קאַלי[2], קעלים[3], מאַילער, מאַיעבלי[4], געלעגען, וועלישיגי[5] (גיס), עינדעלי, אינדעלי[6].

2) אין דער אָנגעוויזענער שטעלונג איז דער קולינער ליקוויר אַמנאָנטסטען צום נורמאַלען ן, כוטש, ווי געזאָגט, זייער פאַרשידען פון אים. דערביי קען מען דוך באַ אויפמערקזאַמען איינהערען זיך כאַפּען אויך אין דעם ן צווישען ווקאַלען אַ געוויסע (הגם זייער-זייער שוואַכע) נטיה אויפצולייזען זיך אין האַלבוואָקאַל ו. —

§ 48 — [קולינער ל אין פרייען אַנלויט]. — 1) זיין קוואַנטיטאַטיווע שטאַנד-האַפטיקייט איז שוואַכער, ווי באַ דער שטעלונג צווישען וואָקאַלען, און שטאַרקער עטוואָס איז אין אים די טענדענץ צו וואָקאַליזירונג. די ן-נאַטור פון דעם לויט הערט זיך, אובער, נוך גענוג דייטליך, הגם ס'איז דערביי שווער צו אונטערשיידען: צי איז עס בלויז אָפּגעשוואַכטער, צוזאַמענער ליקוויד, צי „גל" — אַ לויט אין איבערגאַנגסצו-שטאַנד (האַלב — קורצער ליפּענ-u, האַלב — דעפורמירטער l; l, וואָס זיין אַנ-לויט איז שוין איבערגעגאַנגען אין וואָקאַל, — זיין אויסלויט, דאַגעגען, היט נוך איינגע-האַלטען די קונסונאַנטישע נאַטור).

2) ניט אָהן איינפלוס, ווי געזאָגט, בלייבט אויך די קלאַנגפאַרב פון וואָקאַל, וואָס נאָכ'ן ן. פאַר די ליפּענוואָקאַלען (o, u) קען שוין באַם הערער קיין ספק נישט זיין, אַז דער לויט, פון וועלכען ס'איז די רייד, הייבט זיך אָן אַלס u; זיין אויסלוזטייל (l) איז, אובער, שוין שוואַכער. ווי פאַר a, e, i.

3) צ. ב.: לאַנק — גלאַנק, לאַמעד — גלאַמעד, לעבם — גלעבם, לעיפן — גלעיפן, ליבי[7]) — גליבי;

---

[1]) די ביישפּילען געזעצט מיט קולונעל; די למוד'ן — מיט ציצערו: a) אַנצווייזען דעם נישט גרויסען פאַרלוסט אין געוויכט פון ליקוויד; b) אויסצוטיילען דעם ל צווישען וואָקאַלען פון די ן-לויטען אויס די וויטערדיקע §§ און דערמיט אונטערצו-שטרייכען די גראַדאַציע, אין וועלכער עס גייט די דעפורמירונג פון ן. — [2]) חַלָה, כַּלָה. — [3]) פּלוראַל פון העברעישען „קול". — [4]) מ״צ און דעם' פון מול (מויל). — [5]) אין קרעמעניץ: וועלטשיגי. [ליפּשיץ 92, 132: „וועלטשן גיסל"]. — [6]) דעם' פון און (האָן) און אונ (הון). — [7]) = ליבע. —

אובער: וּלוזן, וּלונגען [אין אֶנלויט — אַנטשידענער ?, נאָך וועלכען עס הערט זיך נישט מער ווי אַ שטאַרק פּינטעל פון ]]. —

3) דער קוואַנטיטאַטיווער אונטערשיד צווישען ן פון § 47 און ן פון § 48 לוזט זיך גראַפיש אַזוי מער ווענִיג פֿאָרשטעלען: לאַיזאַךְ — גלאַיזאַךְ. —

§ 49 — [קולִינער ל אין פרייען אויסלויט]. — 1) ער איז אַף אַ האָר לִינדער פון ן, וואָס צווישען וואָקאַלען, און די טענדענץ זיך צו פאַרוואַנדלען אין יִ (נאָך i, e), אודער וּ (נאָך a, o, u) איז אין אים עטוואָס בולטער, דערהויפט נאָך די טונקעלע וואָקאַלען.

2) ווען מיר שרייבען: וויל, פעל, קרעל, שטאַל, מול, קול, פול, שול, שטול, — גיבען מיר די גענויע אויסשפּראַך פון דעם שלוסלויט, אייגענטליך, נישט איבער: עס בלייבט אומפאַרצייכענט דער דראַנג פון ן לגמרי צו בייטען זיין נאַטור.

3) אויסלעיגען, ווידער: וויוּ, פעוּ, קרעוּ, שטאַוּ, מוּוּ, קוּוּ, פוּוּ, שוּוּ, שטוּוּ, — ווולט געווען נוך מער נישט גענוי, וואָרום נישט קוקענדיק אַף די צוריבענקייט פון ן, נישט קוקענדיק אַף די דייטליכע סימנים פון אינִיוויינִיקסטער אומוואַנדלונג אין אים, שפּירט זיך נוך, אין דער שטעלונג, זיין נאַטור, אַלס לִיקווִיד, מיט גענוגער קאַטעגורישקייט. —

§ 50 — [קולִינער ל אין געדעקטען אֶנלויט וורט-איין]. — ן אָנהייב-וורט נאָך אַנ'אַנדער קונסונאַנט הוט נישט אין קולִינע איין באַשטימטען רעפּרע-זענטאַט. דאָס בילד ענדערט זיך נאָכ'ן קונסונאַנט נאָך, וואָס פאַר'ן לִיקווִיד, נישט אָהן געוויסער אָפּהענגִיקייט אויך פון וואָקאַל, וואָס נאָך אים.

1) נאָך די דענטאַלע איז ן מערסטענטיילס אויסדריקליכער, ווי נאָך אַנדערע קונסונאַנטען.

---

[1]) ערשטע און דריטע פּערז' סינג' אינד' פּרעז' פון „וועלן". — [2]) דער ן — פּוילִישע קורץ. (מויל, קויל, פּויל). —

a) די פאַרבינדונגען טל־, דל־, סל־, זל־, צל־ ¹) קומען גאָר נישט פאָר אין קוליִנער ייִדיש. ווען איינע פון זיי וואַרפט זיך אין

---

¹) די ערשטע צוויי פאַרבינדונגען זענען פרעמד דער גאַנצער ייִדישער שפּראַך, אין אַלע אירע דיאַלעקטען. האַרקאַווי 166 ברייִנגט: טלומאַטש, טלומאַטשען, — זענען דאָס פּויליִשע ווערטער: tłumacz, tłumaezyć, חוץ ווערען ווייניק געברויכט; פּאָפּולערישער זענען די פאָרמען, וועלכע מיר געפינען בא דעם וועלביקען אויטאָר: טולמאַטש (אויך בא ליפשיצן 102), טולמאַטשען, — ביידע מיט מעטאַטעזיס, ווי אין נה"ד Dolmetsch, dolmetschen (אויך גענומען פון סלאַווישען!) [דער מעטאַטעזיס לוזט זיך טאַקי דערמיט דערקלערען, וואָס די ייִדישע צונג (און די דייטשישע אויך) איז נישט געוויינט צו די פאַרבינדונגען טל, דל אָנהייב-וואָרט]. — בא ליפשיצן (104) קיין איין וואָרט מיט טל־. — ליפשיץ 76 נאָטירט: דליבעניבע („скучное дѣло"); אין קרעמעניץ זאָגט מען: דליבין („...דעם עפּעל", „...דאָס הולץ", „...מיט'ן פינגער אין דער נאָז"); — פון די פּויליִשע dłubanina (צווישען אַנדערע, אויך אין דער טייטש: „לאַנגווייליקע אַרבעט"), dłubać. — בא האַרקאַווין 118: דלוט, דלוטעווען [ליפשיץ 74: דולוטע; אין קרעמעניץ: דוליִטי (רוסיש: долото)]. — אויך מה"ד און נה"ד זענען די פאַרבינדונגען אומבאַקאַנט (לעקסער 267, 35; טיאַנדער 1259, 294 — קיין איינציק וואָרט, וואָס זול זיך אָנהייבען מיט ‎-tl, -dl‎). —

אויך די פאַרבינדונגען סל־, זל־ זענען פרעמד דער ייִדישער שפּראַך (און דער נייהויכדייטשישער). ‎-sl‎ ווערט אין נה"ד געלייענט ווי ‎-schl‎ און הוט אַקעגען זיך אין דער ייִדישער שפּראַך של־. סל־ באַגעגענען מיר נור אין יענע ייִדישע פ"ם (ליטוויִשע), וואָס הובען ס אַנשטאָט ש. — ליפשיץ 136: סלוי (פּויליִש słoj), סלאָמבון [פון פּויליִשען ślaban (אויס דעם דייטשישען Schlagbaum)?], סליוטי (פ' słota), סליד (קליינרוסיש slid), סליִנע (פ' ślina), סליִנען (פ' ślinić), סליעדסטווע (רוסיש слѣдствіе), סליפּ (פ' słup), — אַלץ סלאַווישע ווערטער, ווי מיר זעען. — ליפשיץ 96: זלידניע (פּויליִש złydzien, רוסיש злыдень). — האַרקאַווי 220: סלוי, סלוזשבע (רוס' служба, פּויל' służba), סלוזשען (רוסיש служить, פּויל' służyć), סלופּ, סלושען (= „סלוזשען", נור מיט ספּעציעלער טייטש), סליאַד (פּויל' slad), סליוכּוטע (פון רוס' слякоть?) סליחה (העברעיִש), סלימאַק (פּויל' ślimak, קליינרוסיש און ווייסרוס' слимакъ), סליִנע, סליעפּאַק (פּויל' ślepak). — מיט זל־ בא האַרקאַווין (154) קיין איינציק וואָרט. — אינטערעסאַנט: אין לובלין: שלימאַק (= ślimak) מיט ייִדישען של־ אַקעגען פּויליִשען ‎-śl‎. —

דער מונדאַרט אַמאָל יי דורך — איז עס אין אַ העברעישען אָדער
סלאַווישען וואָקאַבעל; אין אַ גרונטיידיש וואָרט — קיינמאָל נישט. —
צ. ב.: סליכע (סליחה), סלוי, סלופּ, זלויב¹), צלומים. — דער
ל אין די ווערטער— קאַטעגאָרישער ליקוויד, אַף אַ האָר בלויז אומקלאָר,
ווי צווישען וואָקאַלען (§ 47). פאַר o און u ווייזט ער אַרויס אַ טענ-
דענץ (אַ שוואַכע, אפילו) איבערצוגיין אין ל̑.

b) מער דעפאָרמירט איז און אַ באָלטערע נטיה אויסגעשפּראָכען
צו ווערען אַלס ל̑ ווייזט-אַרויס דער קאָלינער ל אין דער פאַרבינדונג
של-. עס הערט זיך נאָך ש אַ אומבאַשטימטער לויט, עפּעס ווי צווישען
צוריבענעם ל און אומדייטליכען ל̑, פאַר די העלע וואָקאַלען — מיט דעם
איבערגעוויכט פון דעם ל-עלעמענט, פאַר די טונקעלע — מיט דעם אי-
בערגעוויכט פון דעם ל̑-עלעמענט. — ווען כ׳לעיג-אויס: פאַרשלּ̂סן,
שליסו, שליטן, שלעכט, שלעפּס, שלעיף, שלאַיען, שלאַף,
שלוגן, שלופן, שלוקערצן, — גיט דאָס גראַפישע בילד, נאַטיר-
ליך, נישט איבער די גענויע פיזיאָנאָמיע פון דעם לויט, מיט וועלכען
מיר באַשעפטיקען זיך דאָ. צו באַטאָנען די טענדענץ אויפצולייזען זיך
אין ל̑, וואָלט מען געקענט איבער דעם פּעטיט-ל אַנידערשטעלען אַ פּעטיט-ל̑;
נאָר דאָס איז טעכניש שווער, און מער ווי אַ אַנצוהערעניש וואָלט עס
אויך נישט געווען, ווייל די ווירקליכע אויסשפּראַך פון קאָלינער ל קען
איבערגעבען נור אַ פאָנאָגראַף: דאָס פּאַפּיר איז מער ווי אַ באַשרייַ-
בונג נישט אימשטאַנד צו דערלאַנגען. —

2) נאָך די גוטוראַלע זענען די פאַרהעלטענישען אַזוי:

a) נאָך ג אָנהייב-וואָרט הערט זיך דער ל קען מען זאָגען כמעט
אינגאַנצען אַזוי ווי נאָך ש: קאָנסאָנאַנטיש נאָך, אָבער שטאַרק אומדייט-
ליך, אין אַ צושטאַנד, וואָס קען כאַראַקטעריזירט ווערען אַלס שוועל
פון וואָקאַליזירונג. די אומדייטליכקייט שטייגט אין דער ריכטונג פון
גלּ̂- צו גלו-. — ביישפּילען: גלּ̂טשן, גלּ̂ען, גלעיבם, גלעקו,
גלאַיך, גלאַנץ, גלוס, גלוק, גלוסטן.

---

דער אָנלויט צל- אומבאַקאַנט אין דער יידישער שפּראַך, אין דער טה״ד (לעקי
406), אין דער נה״ד (טיאַנדער 1493), אין דער רוסישער און אין דער פּוילישער
(אין דער לעצטער איין וואָרט מיט דער פאַרבינדונג: cło). בא ליפשיצן (179) און
האַרקאַווין קיין איין וואָרט מיט צל-.

¹) פון פּוילישען żłób, אָבער מיט ספּעציעלער באַטייטונג: אַ גרויסער יונג.

b) ווייטער גייט די דעפורמירונג פון ליקוויד אין דער אָגלויט-פאַרבינדונג קל-. פאַר די העלע ווֹקאַלען פאַרלירט ער פון אַ דריטעל ביז אַ העלפט, אויב ס'איז דערלויבט אַזוי צו מעסטען, פון זיין געוויכט: קלינגען, קלעזמער, קלעידער, קלעינער, קלעצער, קלערן. — פאַר a וואָלט מען שוין געקענט אויסלייגען: קואַפּם, קואַפּטער, — ווען נישט דאָס פּינטעלע ל, וואָס לוזט זיך דוך נוך פאַרנעמען אין דעם לויט. — פאַר די טונקעלע ווֹקאַלען הערט זיך ו אין אַ לייכט הייטעלע פון ל —: קוואובם, קוויץ, קוויג, קוונגי[1]). —

3) אַ ראַדיקאַלער אונטערשיד עקזיסטירט צווישען דער אויסשפּראַך פון קולינער ל נאָך די לאַבּיודענטאַלע און די בּילאַבּיאַלע.

a) נאָך פּ איז ן מער ווי אַף די העלפט ווֹקאַליזירט. די נאַטור פון דעם ליקוויד איז נישט אינגאַנצען נוך אָפּגעווישט, אובער דייטליכער הערט זיך אין דעם לויט דער ווֹקאַלישער עלעמענט. דער לעצטער לוזט זיך אויפאַסען אַלס u אין אָנהייב פון איבערגאַנג אין u, אודער, אַנדערש דעפינירט: אַלס זייער לייכטער ו-לויט (מיר וועלען פאַר אים געברויכען אַ פּעטיט-אות). — פּויג, פּויגו, פּויען, פּויקן, פּועי[2]), פּועיש, פּועק, פּועשו, פּואַך[3]), פּואַם, פּואַנצן, פּואַקס, פּוווּם, פּווקן.

---

[1]) די פאַרבינדונג כל- קומט אין יידישען כמעט לגמרי נישט פור. מיר זייען זי אין דער אינטעריעקציע „כלעיבם!" (ליפשיץ 100), וואָס איז, קענטיק, אַ קומפּוזיטום (פון „כ' זול אזוי לעיבם" — ?), און אין אייניקע ווערטער, וואָס זענען גענומען פון סלאַווישען אודער פון אַנדערע שפּראַכען, ווי (בּאַ ליפשיצן 99—100): כליאַנען (?), כליאָפּען (רוסיש хлюпать), כליפּען (פּויל' chlipać, chłypać, רוס' хлипать); און (בּאַ הארקאַווין 177): כלופּ (פּויל' chłop), כלופּוטע (רוס' хлопота), כלופּוטשען (רוס' хлопотать), כלופּסקע (אַדיעקט צו כלופּ), כלורופורם, כלורופורמירען (גריכ'-לאַטיינ'). מה"ד קומט די פאַרבינדונג hl- נישט פור (לעק' 103), נה"ד -- די פאַרבינדונג chl- (טיאַנדער 262 — 263). — ווען איר בעט אַ קולינער איך צו זאָגען אַ פרעמדוואָרט מיט כל- (כלופּ, כלורופורם, למשל), הערט איר דעם ן (ווייל נאָך ch) אַלס נורמאַלען ליקוויד [הגם קוים-קוים בלייבער, ווי אין דער פאַרבינדונג -כל- (ווי § 44, פּ' 2, סינגע ב')]. — [2]) סינגולאַר. — [3]) פלאַכער טעלער, פלאַכע שיסעל, פלאַך וואַסער. —

נאָך w קומט אין קוליִנע l פֿור אין איין וואָרט: וולוטשקי[1]), — און איז מער נאָך אָפּגעשוואַכט, ווי נאָך f. —

b) פֿיל קאַפּריזישער איז די אויסשפּראַך פֿון קוליִנער l נאָך די בילאַביאַלע:

א) נאָך פּ הערט זיך אַ לויט צווישן פּ און l (אייגענטליך, נאָענטער צו u, בלויז מיט אַ נייג צו u): מיט אַ פּינטעלע l — פּאַר a (דאָ וועלען מיר עברויכן, אַלס גראַפֿישן צייכן, דעם פּעטיט-u, איבערלוזנדיק דעם l-מיטקלאַנג אָהן פֿאַרצייכנונג); מיט אַ זייער לייכט פּינטעלע l (נעמענדיק אַלס גראַפֿישן צייכן אַ פּעטיט-u, וועלען מיר דאָס פּינטעלע l נישט איבערגעבן אין גראַפֿישן בילד פֿון וואָרט) אָדער מיט אַ לייכטען ציטער פֿון r (שרייבן וועלען מיר: „רוּ") — פּאַר o; מיט אַ דייטליכן ציטער פֿון r (איבערגעבן וועלען מיר: „רוּ") — פּאַר u. — ווי צ. ב.: פּוּאַטשיק[2]), פּוּאַנקען[3]), פּוּאַצן; פּוּוידערן — פּרוּוידערן[4]), פּוּוטקי — פּרוּוטקי[5]); פּרוּצלונג[6]) [וגאַר: פּרוּצלונג (באַם איבערהזרן דעם וואָקאַבעל עטליכע מאָל)].

---

[1]) ליפּשיץ 60, דרייזין 81: בליטשקע; האַרקאַווי 85 און 146: בלוצקע און וולוטשקע. (פּ' włóczka). — [2]) פּלאַטשיק. — [3]) „פּלאַנקען" [ווי אויך האַרקאַווי 240] = דעם קרעמעניצער פּלויט (ווי אויך ליפּשיץ 162, דרייזין 127, הורוויץ 74 [פּ' płot] און פּאַרקן (ליפּשיץ 155; האַרקאַווי 236, דרייזין 127, הורוויץ 71: פּאַרקאַן [פּ' parkan]. מה"ד (לעק' 188): מ"צ פֿון planke (מיטעל-לאַטייניש: planca). — [4]) פּלאַצען, פּלוידערן. — [5]) „פּלוטקי" (מ"צ: -יס) [אויך האַרקאַווי 240] = פּויליש płotka. אין קוליִנע — נעבנפֿאָרם: פּוּוטש (מ"צ: -יס) — פּרוּוטש [דרייזין 443: פּלוטשקע] (נה"ד plötz). אין קרעמעניץ: פּלוטיצי (ליפּשיץ 162, דרייזין 443: פּלוטעצע) = רוס' плотица, ס' איז אַ קליין ווייס פֿישעל: Cyprinus erythrophthalmus. — [6]) פּלוצלונג (אויך ביסקאָ 185). אין סקידל (גראָדנ. ג.): פּלוצלינק (האַרקאַווי 241: פּלוצלינג). מענדעלי-מוכר-ספֿרים („פֿישקע דער קרומער" 67) געברויכט: פּליצלינג (הורוויץ 74, דרייזין 64: פּליצלונג!) און פּלוצלים (אויך האַרקאַווי 241). אין קרעמעניץ: פּליצים, פּליצינג (ביידע באַ ליפּשיצן 163), [האַרקאַווי 241, ביסקאָ 185: פּלוצים]. אין וואַרשע: פּליצטהאַלבם, אין בערזשין: פּליצטאַלבם [האַרקאַווי 241, ביסקאָ 185: פּלוצטהאַלבען]. אין ראַדין (לובלינ. ג.): פּליצניק [מעטאַטעזיס: -ני- אַנשטאָט -ינ-]. גערזון (129) ברייננגט פֿון „דייטש. וו"ב" (VII, 1938): plözlingen, plötzling, plützling, plötzlich. —

ב) די פאַרבינדונג מל־ קומט אין קולינער יידיש [ווי אין דער גאַנצער יידישער שפּראַך] פאָר נאָר אין העברעישע און אַנדערע פרעמדע ווערטער [1]. דער ל נאָך דעם לאַביאַלען נאַזאַל ווערט דאַן אויסגעשפּראָכען אַזוי, ווי נאָך ק, מיט דעם איינעם אונטערשיד, אַז די נטיה איבערצוגיין אין ן לאָזט זיך אין דעם u (וואָס דערשיינט אָנשטאָט דעם ליקוויד) כמעט נישט קאָנסטאַטירען. — מואַמעד [2] (רעדוצירטער u מיט פינטעלע ל), מרוּכי [3] [זוגאָר: מרוכי (מיט לינדען געבוירכעלטען r)].

ג) נאָך קאָמפּליצירטער איז די אויסשפּראַך פון ל נאָך דעם שטים-האַפטיקען עקספּלאָזיווּלויט. פאַר די העלע וואָקאַלען און פאַר a איז עס אַ לויט צווישען u און u [4]), אין וועלכען ס'איז אַריינגעמישט נאָך אַן עלעמענט, וואָס לאָזט זיך אויפנעמען אי אַלס פינטעלע I, אי אַלס פינטעלע r (ווען נאָכ'ן שטאַמוואָקאַל גייט אַ צאָנלויט — איז עס גיכער אַ ל-אָפּקלאַנג, ווען אַ לאַביאַלער גוטוראַלער אָדער קאָנסאָנאַנט צי אַ וואָקאַל — איז עס דייטליכער אַ r-אָפּקלאַנג): — בוינט, בוּלען, בויץ, בועך, בואַיבם, בואַט, בואַי, בואַס, בואַנק [5] [זוגאָר (בא קרעפטיקער אַרטיקולאַציע):

---

[1]) אויך אין דער מה"רייטשישער (לעק' 167) און נה"רײטשישער (טיאַנדער 873) שפּראַך איז די פאַרבינדונג ml, אַלס אָנלויט (וואָרט-איין), אומבאַקאַנט. — [2]) מְלַמֵּד. — [3]) מְלוּכָה. — [4]) אייגענטליך u, אובער אויסגעשפּראָכען מיט קוים-קוים מאָדיפיצירטער האַלטונג פון די ליפּען. צו דער בילדונג פון ו ווערען די ליפּען לייכט אויפגעשטעלט און פאַרמאַכט, אַזוי אַז עס בלייבט צווישען זיי בלויז אַ קליינינקע עפענונג, אַ קיילעכיק לעכעל, נישט גרעסער פון אַ אַרבעס (גוטמאַן 87). u קומט-אַרויס, ווען מיר פאַרשמעלערן דעם מוילקאַנאַל, און מאַכען מער צו די ליפּען, ביז זיי באַגעגענען זיך לייכט מיט דער הויט, און עס אַנטשטייט דאַדורך אַ גרינגער רייבונגסגערויש (ווילמאַננס I 4). דער קולינער לויט, פון וועלכען מיר רעדען דאָ, איז אַ ו, אויסגעשפּראָכען אַזוי, אַז די ליפּען זענען מער צוגעמאַכט, ווי געוויינטליך (נישט אַף אַזוי-פיל, עס זאָל אַנטשטיין דער רייבונגסגערויש, וואָס כאַראַקטעריזירט דעם u, נור אַף אַזויפיל, אַז דערוויקער רייבונגסגערויש זאָל זיך שוין אָנהייבען צו פאָרמירען, ד. ה. עס זאָל זיך שוין אָנפאַנגען די אומוואַנדלונג פון וואָקאַל אין אומוואָרגאַנען האַלבוואָקאַל). איך באַצייכען דעם לויט, ווי שוין פריער, מיט פעטיט-u. — [5]) בלינד, בליען, בליץ, בלעך, בלייבען, בלאָט, בלאַי, בלאָס, בלאַנק (רוסיש: бланкъ; בויגען פאַפּיר מיט געדרוקטען טעקסט צו געוויסען ספּעציעלען געברויך). —

בּוּיען, בּוּעך, בּוּאַיבּם, בּוּאַין]. — פאַר די טונקעלע וואָקאַלען הערט זיך: וּ (בּאַ אָנגעשטרענגטער אויסשפּראַך מיט דער באַמיונג אַרויסצוגעבּן אַ גורמאַלען ל), שוואַכער ך (בּאַ נאַטירליכער ניטאָנגעשטרענגטער אויסשפּראַך). דאָס געגנויע פאָנעטישע בּילד פון דעם לויט בּאַ פּליסיקען רעדען: „רוּ". בּאַ קרעפטיקער אַרטיקולאַציע, אודער בּאַם איבּערחזרן דורכאַנאַנד עטליכע מאָל איין וואָרט, הערט זיך בּלויז מילדער געכוֹרכעלטער ך (שוואַכער פון קולינער אורגאַנישען ך-לויט. אוּבער דייטליבער אומצווייִעלהאַפטיקער ך):—בּוּוּזן- בּרוּזן—בּרוּוּזן—בּרוּזן [1], בּוּוּטי—בּרוּטי—בּרוּוּטי—בּרוּטי [2], בּרוּוּטער—בּרוּטער—בּרוּוּטער — בּרוּטער [3], בּוּוּי — בּרוּי — בּרוּוּי — בּרוּי [4], בּוּוּנדזשען — בּרוּנדזשען — בּרוּוּנדזשען — בּרוּנדזשען [5], בּוּוּט — בּרוּט — בּרוּוּט — בּרוּט [6], בּוּוּמען — בּרוּמען — בּרוּוּמען — בּרוּמען [7]. —

אָנמערקונג. — אין אייניקע דייטשישע מ"ם גייט ך איבּער אין ך (ווילמאַננס I 143). —

§ 51 — [קולינער ל אין געדעקטען אָנלויט וואָרט-אין]. — 1) ווען מ'זאָגט דאָ: „געדעקטער אָנלויט", דרוקט מען דערמיט אויס, אַז בּיידע קאָנסאָנאַנטען — דער ליקוויד און זיין צודעקער — בּאַלאַנגען צו איין זילבּ, הענגען, אַזויצוזאָגען, אַף איין וואָקאַל, און ווערען, דעריבּער, אין רעדען ענג צונויפגעפּרעסט, אַזוי אַז דער נישטליקוויד, אַלס שטאַרקערער, מוז צודריקען דעם ך, אַלס שוואַכערען לויט.

2) געדעקטען אָנלויט וואָרט-אין בּאַגעגענען מיר הויפּטזעכליך אין צייטווערטער מיט פּאַרטיקלען, אין פּאַרטיציפּיום פּרעטעריטי און אין כלערליי קאָמפּאָזיטאַ, — הייסט עס, אין אַזעלכע ווערטער, ווי [8]: פאַר-שלעפּם, צופלאַקערן, פאַרבּלייבּם [9], — געקלאַפּט, געגלייבּט, געפּלאַצט, געבּליבּם, געפלאַקערט, געשלעפּט [10], — האַרצקלאַפּעניש, המנקלאַפּער, וואַנטשפּיגל, בּיר-פלאַש [11], וכ'.

---

[1]) בּלוּזן (ווערבּ). — [2]) בּלוּטי. — [3]) בּלוּטער. — [4]) בּלוּי. — [5]) בּלונדזשען. — [6]) בּלוּט. — [7]) בּלוּמען. — [8]) אין אַלגעמיינער אויסלייגונג. — [9]) געלייענט: פאַר-שלעפּם, צו-פלאַקערן א. א. וו. — [10]) געלייענט: גע-קלאַפּט, גע-גלייבּט א. אַ. וו. — [11]) געלייענט: האַרצ-קלאַפּעניש א. אַ. וו. —

3) די אויסשפּראַך פון קולינער l אין געדעקטען אָנלויט וואָרט-אין איז דיאַייגענע, וואָס אין געדעקטען אָנלויט וואָרט-אײַן (ווי § 56).—

§ 52 — [קולינער ל אין אָנלויט פון זילב וואָרט-אין נאָך קאָנסאָנאַנט]. — 1) דער קאָנסאָנאַנט געפינט זיך אין אויסלויט פון איין זילב און לייגט זיך צו אין איר וואָקאַל (אפילו ווען ס'טיילט אים פון דעם וואָקאַל אָפּ אַן אַנדער קאָנסאָנאַנט); דער ל עפענט די נאָכפאָלגענדיקע זילב. צווישען דעם ל און דעם קאָנסאָנאַנט, וואָס פאַר אים, איז אַזויאַרום נישטאָ די ענגע פאַרבינדונג, וואָס צווישען ל און זיין צודעקער אין די §§ 50—51. אַרויסצורעדען דעם ל אין אָנלויט פון אַ זילב וואָרט-אין נאָך אַ קאָנסאָנאַנט, וואָס שליסט די פריערדיקע זילב, איז, דעריבער, אָהן אַ פאַרגלייך גרינגער, ווי אין געדעקטען אָנלויט. דער שווערערער קאָנסאָנאַנט דריקט כמעט גאָר נישט, אַלענפאַלס זייער ווייניק, אַף דעם l [1].

2) דער ל אין דער שטעלונג, פון וועלכער ס'איז די רייד אין דעם §, ווערט אים-אַלגעמיין אויסגעשפּראָכען אַ סך אויסדריקליכער, ווי אין געדעקטען אָנלויט (אין אַ סך פאַלען מער-ווייניקער נאָנט, קען מען זאָגען, צו דער אויסשפּראַך אין פריעען אָנלויט).

אַלזו:

a) אינגאַנצען ווי אין פריען אָנלויט קלינגט דער l נאָך r —:

ט י ר ל אַ ך — ט י ר ו ל אַ ך, פ ו ר ל אַ ך — פ ו ר ו ל אַ ך, פ ו ר ל אַ ך — פ ו ר ו ל אַ ך, ש נ י ר ל אַ ך — ש נ י ר ו ל אַ ך.

אָ נ מ ע ר ק ו נ ג. — אומרעטליכער איז דער ל אין נומען בערלין (ס'הערט זיך אַ צווישענער ליקוויד אַף דער שוועל פון פולשטענדיקער אויפלייזונג אין i); צוליב דעם, וואָס דער הויפּטטאָן פאַלט אַף די ענדזילב; דריקט דער r גענוג שטאַרק אַף דעם ל. --

b) נאָך די ד ע נ ט אַ ל ע איז די אויסשפּראַך פון ל נישט גלייך.

א) אַמרייטליכסטען איז דער ליקוויד נאָך ש (אַ דאַנק דעם l-עלעמענט,

---

[1]) דעם קל, לומיר אָנכאַפּען, צי דעם פל איז, פאַרשטענדליך, שווערער אַרויסצורעדען אין קלאַ-פּם, גע-קלאַ-פּערײַ, פלאַ-נקען, גע-פלאַצט, ווי אין בענק-לאַך, ברעק-לאַך, קעפּ-לאַך, טעפּ-לאַך, וכ'. —

וואָס שטעקט אין לעצטען ?); ער איז אין דער שטעלונג בלויז קוים-קוים אָפּגעשוואַכט אַקעגען דעם נאָרמאַלען, און קיין טענדענץ צו וואָקאַליזי-רען זיך לוזט זיך אין אים נישט באַמערקען: — טישלאַך, פּלעשוּאַך, קעישלאַך (פאַרגלייך § 47, פ׳ 1);

ב) עטוואָס שוואַכער איז דער ל נאָך די איבעריקע ספּיראַנטען און נאָך ביידע אַפריקאַטען: — ביקסלאַך, געסלאַך, ניסלאַך, פּעסלאַך, קעסלען, שיסלען, שליסלען, — גלעזלאַך, נעזלאַך, עיזלאַך, עיזלען, — טעצלאַך, פּוּעצלאַך, קיצלען, קעצלאַך, עוּדזלאַך;

ג) אַמשוואַכסטען הערט זיך דער ן נאָך די עקספּלאָזיוולויטען (דער-הויפּט נאָך דעם שטימהאַפטיקען). אין דער שטעלונג פאַרלירט ער, אין ציפערן אויסגעדריקט, ניין חלקים פון זיין געוויכט און לוזט זיך גי-כער אויפפאַסען אַלס (נישט גענוג דייטליכער) ן (נאַטירליך, מיט אַ קענטיק פּינטע-לע ן): בוּעטוּאַך, ברעטוּאַך, ווענטוּאַך, ענטוּאַך, רעשט-וּאַך, — בערדוּאַך, דרעידוּאַך, מעידוּאַך, פּודוּג! (מיט יידישער באַטאָנונג), פּענדוּאַך, פּערדוּאַך.

c) נאָך די גוטוראַלע עקספּלאָזיוולויטען איז ן זייער שוואַך מיט נטיה צוּ (דערהויפּט נאָך ג): — ברעקלאַך, גליקלאַך, גלעקלאַך, — פּוּגלען, שפּגלען.

d) נאָך די לאַביאָדענטאַלע איז ן דייטליכער, ווי אין געדעק-טען אַנלויט וואָרט-איין, אָבער זייער שוואַך; נאָך די בילאַביאַ-לע — נאָך שוואַכער (הגם אויך בולטער, ווי אין געדעקטען אַנלויט וואָרט-איין): — שראַיפלאַך, — קנעפּלאַך, קעפּלאַך, קרעפּלאַך, — כעבּ-לאַך, ווייבלעך, טייבלאַך, — קעמלאַך. —

§ 53 — [קולניער ל אין געדעקטען אויסלויט וואָרט-אין]. — 1) מ׳דאַרף וואָרט-אין אונטערשיידען: a) ן אין ווירקליך-געדעקטען אויסלויט, און b) ן אין קוואַזי-געדעקטען אויסלויט.

2) ן אין ווירקליך-געדעקטען אויסלויט האָבען מיר, ווען דער ליקוויד און דער קאָנסאָנאַנט, וואָס נאָך אים, געהערען צו איין זילב, וועלכע זיי שליסען. וואָרט-אין איז דאָס נור דאַן מעגליך, ווען די נאָכפאָלגענדיקע זילב הייבט זיך אָן קאָנסאָנאַנטיש, — מיט אַנדערע ווער-טער, ווען נאָכ׳ן ן קומען צוויי קאָנסאָנאַנטען: איינער, וואָס הענגט, איבער אים, אַף דעם וואָקאַל, וואָס פאַר׳ן ן, און נאָך איינער, וואָס

עפענט די צווייטע זילב.— אין קוליַנע ווערט דער ל אין אַזאַ שטעלונג אינגאַנצען דערדריקט אַלס קונסונאַנט און הערט זיך אַלס לייַכטער ו:—וועוַדלאַך, וועוַטלאַך, עוַדזלאַך, שפּעוַטלאַך[1].

3) ווען נאָך ו געפינט זיך בלויז איין קונסונאַנט, וואָס געהערט אפילו צו דער שטאַמזילב, און צו דערדוזיקער זילב קומט-צו נאָך איינע, מיט וואָקאַלישען אָנלויט, גייט דער ל איבער פון ווירקליך-געדעקטען אויסלויט אין קוואַזי-געדעקטען: די נייַצוגעקומענע זילב ציט-איבער דעם קונסונאַנט, וואָס נאָך ל, צו זיך און ער ווערט איר אָנלויט. דאָס ברייַנגט דעם ל א באַפרייַונג פון דער דריקונג, וואָס ער האָט געליטען, כל זמן זיין שכן האָט, איבער אים, געקלעבט צום שטאַמוואָקאַל. זיין אויסשפּראַך איז דאַן אין קוליַנע גרינגער, ווי אין ווירקליך-געדעקטען אויסלויט, נישט וויַט, קען מען זאָגען, פון דער אויסשפּראַך אין פרייַען אויסלויט (§ 49).—עס הערט זיך אַ לויט צווישען ו און ו [נאָך די העלע וואָקאַלען—נאָענטער צו (זייער לייַכטען) ו, נאָך די טונקעלע—צו ו]; דעם לויט באַלייט אַ גענוג-שטאַרקער קונסונאַנטישער מיטקלאַנג (אַמשטאַרקסטען — פאַר דענטאַלע)— איבערבלייַבעכץ פון דעפאָרמירטען ל. צ. ב.: שוַ̂טן[2], געוַטן[3], עוַטער, קעוַטער, קאַוטער, קווטן[4], געשוווטן.— וועוַדער, פעוַדער,— פאַושער,— שמעוַצן, עוַדזער[5],— קעוַנערו[6];— מעוַקן, פעוַקער, וווקן, געמווקן, בווקי[7], — פווגן;— קעוַבער, זאַובעדריט,— עוַפן[8], בעוַפער, עוַפטער,— וועוַוועלער, כאַווי,— פאַומיסן, קאַומען[9].—

§ 54 —[קוליַנער ל אין געדעקטען אויסלויט וורט-אויס].— 1) ער ווערט אויסגעשפּראָכען: ו (אייגענטליך, איז ער כמעט ו, בלויז מיט א הערעלע רייַבגערויש, וואָס וויַזט-אָן אַף אָנהייב-איבערגאַנג אין ו).

[1] וועלדלעך, וועלטלעך, העלדזלעך, שפּעלטלעך.— [2] ליפשיץ 217, הורוויץ 98, דרייזין 570: שעלטן. הארקאַווי 332, 339 ברייַנגט דעם ווערב מיט י און מיט ע.— [3] מ"צ פון געלט.— [4] קולטן.— [5] העלזער.— [6] קעלנערל.— [7] בולקע.— [8] העלפן.— [9] קלמן (מאַנספּילשער נאָמען).

2) שפור פון ל-קוואַליטעט לוזט זיך אין דעם האַלבוואָקאַל פאַר־נעמען בלויז פאַר ט און צ (קוים־קוים, אפילו) און פאַר כ (עטוואָס שטאַר־קער):—ער בלוּט, אַיך (ער) שלוּט, געוּט, וועוּט, דערצעיוּט, געקוועוּט, אַוּט, קאַוּט, וואוּט, געוואוּט,—אַוּטס, זאַוּטס, שמאַוּטס, אוּטס[1]);—מיוּך, קאַוּך[2]).

3. פאַר שטימהאַפטיקען דענטאַלען עקספּלאָזיוולויט [אפילו ווען ער איז פאַרשאַרפט (אין אויסלויט)] און פאַר די איבעריקע דענטאַלע, ווי אויך פאַר די גוטוראַלע און לאַביאַלע, הערט זיך אין ו קיין סימן פון ל־אָפּשטאַמונג שוין נישט:—וויוּט, פעוּט, וואַוּט, גוּוּט[3]), — דו בלוּסט[4]), דו שלוּסט;—פוּוּק;—קאַוּפ,—עוּפּט[5]), וואָוּף.—

4) פאַר נ̥ איז דער לויט, וואָס דערשיינט אַנשטאָט דעם l, נאָך נאָענטער צו ו (דער u איז אַ איבער־קורצער רעדוצירטער וואָקאַל). איך וועל דע־ריבער אויסלייגען: בלוּן, וועוּן, קוועוּן, עוּנט, געשוווּן, טשוּנט[6]) (אַ לייכטינקער רייבגערויש פאַליִיט אויבער דעם ו דוך).—

§ 55 — [קולינער l̥ אין געדעקטען אויסלויט].— ער גייט־איבער אין ו, אַרום וועלכען עס שפירט זיך נאָך גענוג דייטליך דאָס הייטעל פון זיך וואָקאַ־לישענדיקען ליקוויד.—צ. ב.: מאַזוּדיק, דו קלצוּסט, ער קלצוּט[7]).

אָנמערקונג.— אין שנעלען רעדען פאַרשווינט דער l־מיטקלאַנג, און ס'הערט זיך אַ ריינער (אירעאַלער) ו.—

---

[1]) הולין.— [2]) אין דער קולינער מונדאַרט אַנטוויקעלט זיך נישט (ווי דער פאַל איז אין די פּוילישע מ״ם, למשל) קיין סוואַראַבהאַקטיוואָקאַל צווישען דעם אויסלויט־ch און דעם קאָנסאָנאַנט, וואָס פאַר אים. די פאַרבינדונג ־לך איז בכלל שווער אַרויסצורע־דען, און דערהויפּט נאָך דער קולינער צונג,—ווערט טאַקי דער ל אין קולינע אויסגע־לייזט, אויבער, ווי מיר האָבען שוין אָנגעמערקט, די ל־קוואַליטעט פילט זיך אין דעם ו פאַר ch דוך. אַנדערש איז אין דער פאַרבינדונג ־לכ־, ווען פון ביידע זייטען אירע גייען וואָקאַלען: דעמאָלט געהערט דער ליקוויד צו איין זילב, דער גוטוראַלער לויט צו דער צווייטער, און דער l ווערט אַרויסגערעדט אין קולינע גאָר נאָרמאַל (זיי § 44, פ' 2 סיגנע א). — [3]) ווילר, פעלד, וואלד, גולד.— [4]) בילכט.— [5]) קאַלב, העלפּט.— [6]) בילן, וועלן, קוועלן, עלנט, געשוואלן, טשולנט.— [7]) מולדיק; דו קיצלסט, ער קיצלט.

§ 56 — [קוליִנער ל̥ איִן פריַיען אויסלויט]. — דאָ איִז ער שוין פולשטענדיִק וואָקאַ־ליִזיִרט און טרעט־אויף אַלס איִבערקורצער אומצווייפעלהאַפטיִקער ו, איִן ו עלכען עס שפיִרט זיִך מער ניִשט דער מיִנדסטער סימן פון ליִקוויִד. — אַזוי:

1) נאָך דענטאַלע: וועגטו[1], ענטו[2], וועסטו, רעשטו, — דרייַדו[3], מעידו, נודו[4], ענדו[5]; — געסו, ניִסו[6], פעסו, קעסו, רוסו[7], שיִסו, שליִסו, שניִפסו[8], פוּעשו, — אַיזו[9], טאַיזו, מאַזו[10], כּאַיזו, נעזו[11], עיזו, — טעצו, קעצו, איִך קיִצו, גענדזו, עודזו[12].

2) נאָך גוטוראַלע: רעקו[13], שטעקו, — בעיגו, פויגו, שפיִגי; — באַיכו, בּיִכו, טיִכו, מאַיכו, מעיכו, סעיכו[14], ציִכו, קיִכו, שיִכו.

3) נאָך לאַביִאַלע: טעפו, קנעפו, קעפו, — ווייַבו, קנובו, רובו; — שיִפו, שראַיפו, — וווּוו, וועוּוו, טווו, שטיִוו; — איִמו[15], זעמו[16], קעמו.

4) נאָך r: טיִרו, טעירו, מאַירו, עירו, פורו, פורו[17], קעוּנערו, שניִרו. —

אָנמערקונג. — די פויליִשע שפּראַך[18]) פאַרמאָגט אַ סך מונדאַרטען, איִן וועלכע דער ł[19]) ווערט אַזוי לייַכט אַרויסגערעט, אַז עס הערט זיִך כמעט אודער לחלוטין u (קורצער). איִן אנדערע פויליִשע מ"מ ווערט דער ł לגמרי ניִשט אַרויסגעָרעט. בּאַ דער פויליִשער פולקסמאַסע זענען די דיִאַלעקטולוגיִשע דערשייַנונגען באַקאַנט סיִט'ן נאָמען podwałczenie. —

---

[1]) וואַנט—וועגטו—וועגטעלי. — [2]) אַנט (האַנט)—ענטו—ענטעלי. — [3]) אף חנוכה. — [4]) נאָדל. — [5]) און (האָן)—ענדו—ענדעלי. — [6]) איִן קוליִנע: אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל־ניִס (= פיִסטאַשקעס). — [7]) פויליִש [rosół] איִן קוליִנע: דער סוס פון וויערע אוגערקעס, וויער קרויט וכ' (זיִי אויך ליִפשיִץ 203)]. — [8]) איִן קוליִנע געברויכט מען אויך: ביִנדיִ (= קראַוואַט). — [9]) הייזל. — [10]) מזל. — [11]) פון נוס (נאָז). — [12]) דעמיִ פון האַלדז. — [13]) איִן קוליִנע אויך: מאַראַנאַרקי. — [14]) מאכל, מוחל, שכל. — [15] הימעל. — [16]) קוליִנער געבעקס: מאַשליאַנקעס (קופיִקענע זעמעלעך, גלאַטע, אף פוטער אודער אייל געבאַקען), זעמו (גלאַטע, אָהן פוטער אודער אייל), קעיזערקעס (קופיִקענע, מיִט 4 שניִטען פון אויווען), רוגאַליעס (איִן פורם פון אַ האַלבער לבנה). — [17]) טויערל, טויערל, אויערל, פאָרל, פורל. — [18]) זיִי "וויִסלאַ" 1888 ז"ז 166 179, דאָס אַרטיִקעל פון סט ציִשעווסקי. — [19]) אלוו, דער האַרטער ליִקוויִד. דער ווייכער ווערט איִן דער פויליִשער שפּראַך שטענדיִק נורמאַל אויסגעשפּראָכען (פאַרגלייַך אויווען § 44 פ' 1 און § 45). —

## נִיטאָרגאַנִישער ‏l.

§ 57 — נִיטאָרגאַנִישער ‏l דערשײַנט אַמאָל אִין יִדִישען, מונדאַרטלִיך, אַלס ספּאָראַדִישע אודער לױטגעזעצלִיכע דערשײַנונג.

§ 58 — [ספּאָראַדִישער נִיטאָרגאַנִישער ‏l]. — אִין קאָלִינע זאָגט מען: סקלִיסוֹקִי[1]; אִין װִישעגראָד: צאַלִימאַינסט[2] [אַנאַלאָגִיעבִילדונג נאָך צִילאָכִים (= צו לְהַכְעִים?)]; אִין װִישקאָװ, װענגעראָװע[3], װיערושאָװ[4]: פּאָלק (נומע), פּאָלקען[5] (ו.ערב) [צונױפגעמִישט מִיט׳ן רוסִישען полкъ (= רעגִימענט)?]; אִין װענגעראָװע: מאָנִישלאַך[6].

האַרקאַװי 297 ברײַנגט: קאָראַבעלנִיק[7], דרײַזִין 208: קרעבעלנִיק (= רוסִישען коробейникъ). —

§ 59 — [לױטגעזעצלִיכער נִיטאָרגאַנִישער ‏l]. — מִיר זײַען אִים אִין דער זִילבּ ‏ol, װאָס דערשײַנט אִין אײַנִיקע יִדִישע מ״מ אַקעגען מה״ד הױכבּאַטאָנטען ‏û:

1) אִין סטאַװִיסק קומט דער ‏ol פאַר אַלע לױטען, אױסער פאַר ל, מ און ע (זײ „זאַמעלבִיכער״ II 236 — 238);

2) אִין רִיזשאַן[8] (לומז. ג., מאַקאָװ א.) — בלױז פאַר די דענטאַלע עקספּלאָזִיװולױטען און פאַר די לאַבִיאַלע און גוטוראַלע קאָנסאָנאַנטען: — אָלט[9] (הױט), קראָלט[10], טאָלפּ[11], שראָלף[12], פּאָלק, פּאָלקען[13], באָלך, יאָלך[14].

---

1) האַרקאַװי 296: קאָסו-אוקע, קאַסוקע; דרײַזִין 209: קאַס-אַקע; אִין קרעמענִיץ: קִיסוֹקִי; רוסִיש: косокій. — 2) לִיפשִיץ 122: מײַנסטענס (אַדװערב); הורװִיץ 61: מײַסטענס (אַדװ.); האַרקאַװִי 201: מײַסט, מײַסטענס (אַדװ.); מה״ד (לעק׳ 159) meiste, meist (אַדװ.); נה״ד meist, meistens (ט׳ 857), zumeist (ט׳ 1501). — 3) „זאַמעלבִיכער״ II 234. — 4) l. c. 311. — 5) פּױק, פּױקען. [לױטגעזעצלִיך װאָלט דאַרפען זײַן: פּוּק, פּוּקען (אִין װִישקאָװ); פּוּק, פּוּקען (אִין װענגעראָװע און װיערושאָװ)]. — 6) מִמָה־נַפְשָׁךְ. אִין קרעמענִיץ: מאָנִישאַך. — 7) בּײַ לִיפשִיצען און הורװִיצען אִיז דער װאָקאַבעל נִישט פאַרצײַכענט. — 8) אִין סטאַװִיסק אִיז דער ‏o אִין ‏ol קורץ און אָפען, אִין רִיזשאַן — קורץ און עטװאָס געשלאָסען, װי פאַרדומפּען. — 9) דעם ‏l קױם צו פאַרנעמען מִיט׳ן אױער. — 13) קרױט. — 11) מ״צ טאָלבּם (דעם ‏b קױם צו פאַרנעמען). — 12) דעמ׳: שרײַפל. — 13) פּױק (נומע), פּױקען (װערב). — 14) אַלס אױסנאַם: בראָכן (מִיט קורצען ‏o) = ברױכן. —

אָנמערקונג 1. — פאַר דעם דענטאַלען ספּיראַנט ז הוט די ריִשאַנער ס', אַקעגען מה"ר û, קורצע, עטוואָס געשלאָסענעם o און פאַרדומפּענעם o אין באַלייטונג פון אַ מטושטשען קונסונאַנטישען נאָכקלאַנג, וועלכען כ'באַצייכען מיט „?" — : אוּ?ז [1], טוּ?ז, טוּ?זנט, מוּ?ז.

מיט דעם „?" דריק איך אויס אַ לויט, וואָס ווערט אין דער ערשטער מינוט אויפגענומען פון אויער, אַלס עפּעס אומפּרעמדיקס; ערשט נאָך גוטען אונהערען זיך פאַרנעמסטו, אַז דער לויטעמבריאָן קען אַזוי גוט זיין l, ווי u.

ס' איז, אַלזאָ, אַ לויט אין דעם צושטאַנד, ווען אין אים זענען פאַרבונדען צוויי, פון וועלכע ס' הוט זיך נאָך נישט אויסגעבונדען איינער אַ קלאָרער.

ס' שפּירט זיך, אובער, אין דעם „?" אַ טענדענץ, דאָס אויסבינדען זיך זול אַמאָל געשייען לטובת דעם l. אין טוּ?זנט הערט זיך שוין כמעט אַ פולשטענדיקער ל, און מ'קען דאָס וואָרט, אייגענטליך, אויסלייגען: טוּלזנט. —

אַנמערקונג 2. — פאַר θ, l און m קומט אין ריזשאַ', אַקעגען מה"ר û, — קורצער (עטוואָס געשלאָסענער) o: — פוֹער, מוֹער [2] מוֹערן, זוֹער, בוֹען, טרוֹערן, באַדוֹערן [3], מוֹל, קוֹל, פוֹל, פוֹלן, רוֹמען (די שטוב), איינרוֹמען [4] (אַ סוד).

## Varia.

§ 60 — [שווערער ל]. — דער קריוואָזירער l אין פרייען אַנלויט איז זייער שווער: ללערנין, ללונג. —

§ 61 — [ספּוראַדישער ל-פאַרלוסט]. — מונדאַרטליך קענען איינצעלנע ווערטער אָנווערען דעם ל. — דער ליקוויד קען פאַרשווינדען:

---

[1]) הויז (פאַרשפּרייטער: שטוּב). — [2]) פאַרשפּרייטער איז: קאַמעני̂צע. — צווישען o און θ אין די אַלע ווערטער שפּירט דאָס אויער עפּעס, וואָס לוזט זיך כאַראַקטעריזירען אַלס שוואַכער שאָטען פון u. אינדעראמת'ן איז עס נישט מער, ווי אַבעראַציע פון געהער: די מעשה דער-פון איז, אַז o און θ בילדען אין דעם פאַל נישט קיין דיפטונג; ס'זענען צוויי זעלבסטשטענדיקע וואָקאַלען, וואָס בילדען צוויי שבֿנגה' דיקע זילבען; אין דער אויסשפּראַך ווערען זיי שאַרף אָפּגעטיילט: פוֹ-ער, מוֹ-ער; דאָס אויער ליידט, אובער, נישט די פויזע און דערהערט אין איר עפּעס אַ נאָכקלאַנג אין געשטאַלט פון לייכטען ו-הויך. — [4]) אובער: קאַם (קוים). —

1) אין אויסלויט פון הויכטוניקער זילב; ווי למשל: זאָסט (=זולסט) [וואַרשע, סוכאַטשעוו, קרעמעניִין, הוליִסקויז]; וואָט (=וואָלט) [גער, בוקוויִנע[1], מזרח-גאַליִציִע[2]]; וויִסט (=וויִלסט) [קרעמעניִץ].

אַנמערקונג: — אין אַלעמאַניִשען[3]: ich wott, ich sött (=ich wollte, ich sollte), du witt (=מה"ד du wilt); נידער דײַטש (אין ליִבעק, למשל) sast[4] (=זולסט).—בעהאַגהעל ווײַזט-אָן, אַז די פאַ־קירצונג פון די געבראַכטע ווערבאַ פיִניִטאַ שטייט אין פאַרביִנדונג זערמיט, וואָס זיי קומען מערסטענטייִלס פור אין אימבאַטאָנטער (פּראָקליִטיִשער) שטעלונג.—

אויך: מאַיכעלי[5] (קוליִנע); קיִפּן[6] (ווערב), קיִף (גומען) [וואַרשע].—

2) אין אַנלויט פון הויכטוניקער זילב; צ. ב.: קוויִוו — אַזוי הייסט באַ די פּויליִשע יִדען דאָס שטעטעל Kłwów (ראַדעם. ג. און א.).

3) אין פורהויכטוניקער זילב: — מיִכומי[7] (וואַרשע, טאַרטשין, מאַ-קוו, גאַרוואָלין, דריִלטש); ביִבאָיִם (וואַרשע), באַבאָיִם[8] (גוויִטשעוו); מאַ-ביִשיִם[9] (סיִכאַטשעוו); קוניִאַלגיִשעפט[10]) (קוליִנע).

אַנמערקונג. — צווישען די פאָרמען מיט ] און אָהן ] זענען פאַראַן אי. בערואַנגסגעשטאַלטען מיט אַפגעשוואַכטען ] אודער מיט ֵ: באַלבאָיִס (וויִשעגראָד), באַ ֵבאָיִס (טאַרטשין, גליִנוּוויִץ); ניִ ֵכומי (וואַרשע, זאַקראָטשיִן).—

4) אין נאָכהויכטוניקער זילב; צ. ב.: פליִציִם, פליִציִנג (זיי אוי. בעו ז' 65, אַנמ. 6 אונטערן טעקסט); —זאַפיִקיִס[11] (לובליִן).—

§ 62 — [איבערגאַנג פון ל אין אַנדערע לויטען].— דאָס איז אַ ספּאָראַדישע דער-שיינונג אין די יִדישע מ"מ.—

---

[1]) „דער אורקוועלל" I 344.— [2]) l.c. 277: וואָטט.— [3]) בעהאַגהעל 281.—
[4]) „דער אורקוועלל" I 243—244.— [5]) דעמ' צו מויל (מויל).— [6]) ליִפשיִץ 187: קיִפּ-לען=מה"ד kifelen (לעק' 123); נה"ד (ט' 704) keifen.— [7]) מִלְחָמָה.—
[8]) בַּעַל־הַבַּיִת.— [9]) מַלְבּוּשִׁים.— [10])=קולוניִאַלגעשעפט. נה"ד (ט' 739) Kolonial-geschäft און, עלטער, (ט' 519) Gewürzkram [מה"ד: würz-krâm (לעק' 396)]. אין וואַרשע: בְּשָׂמִים-געוויִעלב, בְּשָׂם-געוויִעלב (אין „דאָס ליִד פון ראַבאַניק" 24: „בשאָם געוועלב" און „בשמים געוועלב"). האַרקאַווי 98: בשמים. געשעפט, בשמים-קראָם [ליִפשיִץ 55: באַקאַליִע (бакалейный товаръ); באַקאַליִעניִק (бакалейщикъ); האַ־קאַווי 78, דרייזין 9: באַקאַליִי=ר' бакалея, פ' bakalia].— [11]) פ' zapałki (שוועבעלעך).—

1) ל גייט-איבער אין ר אין ווארט: רעווארוועריי[1] (מאָקוו). דאָס איז אַ פאַל פון פּראָגרעסיווער (אודער רעגרעסיווער?) אַסימילאַציע: דער זאָנלויט-r פון דער פאָרהויכּטאָניקער זילב (אודער דער אויסלויט-ך פון דער נאָכהויכּטאָניקער?) גלייכט-צו צו זיך דעם אויסלויט-ן פון דער הויכּטאָניקער.

2) אין וואַרשע קען מען אופט הערען: „עב[2]) יאַך..., יאַך עב..., עבם[3]) אינין..., אינץ עבם..., זיי עבם..., עבם זיי...; — אין נײשטעטל (פּעטריק. ג.) הוב איך געהערט: „כ'עב"...; — אין סקאַרזשיסקו (ראָד. ג.): „עב יאַך..., עבם מיר"...; — אין לענטשני (לובּלין. ג.): „עבם זיי"... ;— אין אַ מעשהלע אויס מזרח-גאַליציע[4]) געפונען מיר: „די מיכּיטאָנים[5]) וועבם אַוועק גאַין" [ן איבערגעגאַנגען אין ]].

3) n אָנשטאָט ן הובען מיר אין ווארט שניפּס, וועלכעס מ'געברויכט אין קרעמעניץ, אין קולינע[6]) .— אין קרעמעניץ, אין בערדיטשעוו, אין ויערושוו עקזיסטירט אויך דאָס געשטאַלט שליפּם[7]). — מה"ר (לעקי 234): slupf (צווישען אנדערע באַטייטונגען הוט אויך די טייטש: שלייף, שטריק ארום האלז)[8]) .—

---

[1]) פולקסעטימולוגיע פון רעוולוער. אזוי אויך אויבען ז' 21, אַנמערקונג צו § 12). — [2]) ווועל. — [3]) וועלען. — [4]) "דער אורקוועלל" I 122. — [5]) מהותנים. — [6]) מיר באַגעגענען עס אויך בא ליפשיצן 217, בא הורוויצן 98 (דעם דעמינוטיוו), בא הארקאַווין 338 (בא ביסקא 252).— [7]) געבראַכט אויך בא ליפשיצן 215, בא הורוויצן 97. — [8]) נה"ר (ט' 1099): Schluppe=Schleife. —

# III.

## דער ייִדיִשער לאַביִאַלער נאַזאַל.

§ 63 — [דאָס פּיזיִאָלאָגיִשע]. — m אַנטשטייט אַף אַזאַ אופן: דער מויל-קאַנאַל ווערט געשלאָסען אַף די ליִפּען, וואָס מאַכען זיך איִנגאַנצען צו; דאָס גומענפאָראַנגעל לאָזט זיך אַראָפּ און עפענט פאַר דער לופט, וואָס ברייִנגט איִן באַוועגונג די שטיִמבענדער, דעם וועג איִן דער נאָז אַריין [1]. —

§ 64 — [וויִלבענבילדענדיִקער m]. — 1) m, וואָס דערשייִנט איִן אַלע ייִדיִשע מונדאַרטען אָנשטאָט $\mathring{n}$ נאָך די לאַביִאַלע עקספּלאָזיִוולויטען (ווי איִן פּאָלגענדיִקען עטיוד), נעמט-איִבער פון דעם דענטאַלען נאַזאַל דעם סונאַנטישען כאַראַקטער. —

2) איִן „צוליִבּם" [2] (צ. ב.: „צוליִבּם וויִנט"...) איִז דער לאַביִאַלער נאַזאַל, רעשטעל פון „דעם" [3] (דאַטיִוו פון באַשטיִמטען אַרטיִקעל מאַסקוליִני און נעווטרי), סונאַנטיִש לויט אַנאַלאָגיִע מיִט'ן $\mathring{n}$ פון § 67. —

3) איִן בייִמען [4]) ווערט „אַף דעים" שטענדיִק פאַרקיִרצט איִן „אַפּם", — צ. ב.: „ע שטאָט אַפּ'ם מיִם איִן ע האַוז אַפּ'ם בית-חיים", „...אַפּ'ם חיִמיִש" [5]); איִן קרעמעניִץ — בלויז פאַר ביִלאַביִאַלען אָנלויט פון נאָכפּאָלגענדיִקען וואָרט, — אַזוי: „אַפּם פלויט, אַפּם בוידעם, אַפּם מאַרק" (וועגען $\mathring{m}$ — זיי פּ' 2 פון דעם §).

---

[1]) זייִ וויִלמאַננס I 6. — [2]) איִן די ליִטוויִשע מ"מ; איִן די פּויליִשע און דרום-רוסלענדיִשע: צוליִבּם. — [3]) איִן די ליִטוויִשע מ"מ; איִן די פּויליִשע: דעים; איִן די דרום-רוסלענדיִשע: דעים (איִן אייִניִקע), דים איִן אַנדערע. — [4]) „דער אורקוועלל" I 173. — [5]) חומש. —

4) אין די פוילִיש-יִידִישע מ"מ ווערט דאַטִיוו און אַקוזאַטִיוו פון פערזענלִיכען פרוֹנוֹמען דרִיטער פערזוֹן מאַסקולִינִי סִינגולאַרִיס, נאָך ווערבוּם פִינִיטוּם מִיט בִילאַבִיאַלען אויסלויט, פאַרקִירצט אין m, — צ. ב.: כאַפּם („כאַפּ עים"), כ'וֹבם („כ'הוֹב עים"), געבם („געב עים" — גיב אים).

5) אויסער די אָנגעוויזענע פאַלען, קען m אין די יידישע מ"מ בילדען אַ זילב אָהן אַ וואקאַל פאַר זיך בלויז אַלס ספוֹראַדישע דערשיינונג [1]. — אַזוי, למשל, הערען מיר אין קרִיוווֹזִיר: וואַרם, ל'אַרם [2]. —

## איבערגאַנג פון m אין דענטאַלען נאַזאַל.

§ 65 — [שטאַמהאַפטיקער אויסלויט-m]. — 1) אַלטנידערדייטשיש און אַלט-הוֹכדייטשיש גייט דער אויסלויט-m אין ניינטען יאָרהונדערט לויטגעזעצליך איבער אין n, נור, ווי בעהאַגהעל [2] באַמערקט, בלויז אין פלעקסיִענדונגען. דער m, וואָס געהערט צום שטאַם פון ווארט, בלייבט, אַלטהוֹכדייטש אַלענפאַלס, אומגעענדערט, — אַזוי: heim, fadem — צום סוף פון מיטעלהוֹכדייטשישען פעריוֹד דרינגט אַריין דער פּרוֹצעס אויך אין געביט פון שטאַמהאַפטיקען m, און מיר באַגעגענען שוין די פוֹרם hein- אָנשטאָט heim-, אַלס צווייט גליד פון אייגען-נעמען. — נה"ד שטעלען זיך איין: Besen, Faden, — אַקעגען מה"ד beseme, vadem. —

2) יידיש האַלם פעסט איין דעם שטאַמהאַפטיקען אויסלויט-m; צ. ב.: בעיזים, פאָדים [4]. — בלויז אַלס אויסנאַם עקזיסטירט אין די פוילִיש-יידישע מ"מ די פוֹרם: האַין (= היים).

3) אין קינפטיקען יידישען שפּראַכאַטלאַס וועט דאָס ווארט פאַרנעמען אַ באַזונדער בלאַט. לעת-עתה קען איך נור אָנווייזען, אַז אין אייניקע פוילישע שטעדט [ווי: וואַרשע [5], סקערניעוויץ, אילווו, זשיכלין, אופּוטשני, נייַשטעטל (פּעטריק. גוב.)] הוֹב איך די פוֹרם געהערט:

---

[1]) אין דעם זין דאַרף מען „זאמעלביכער" II 279 (אָנמ. 15 אונטערן טעקסט) פאַרשטיין דעם אויסדרוק, אז „די יידישע שפּראַך ווייסט נישט פון קיין זילבענבילדענדיקען m". — [2]) „זאמעלביכער" II 295. — [3]) 207. — [4]) אין קרעמעניצער טראַנסקריפּציע; אין ליטווישער: בעזעם, פאָדעם. — [5]) אין וואַרשע, אפילו, זעלטען. —

a) אין ד׳ אַדווערבען: אַהאַ́ין [1] (=אַהיים), אינגדיהאַ́ין (אינדער־היים);

b) אַלס ערשט גליד אין קאָמפּאָזיטיס (דאָס צווייטע גליד — אַ צייטוואָרט), צ. ב.: אַהאַ́ינגיקימע, אַהאַ́ינציפאָרן, אַהאַ́ינגעמע.—

אין אַנדערע שטעדט, ווידער, האָב איך קאָנסטאַטירט די פאָרם פאָרלויפיק בלויז אין צוזאַמענזעצונג מיט אַ ווערב: אַהאַ́ינגיקימע (נאָוואָדוואָר, פּלאָנסק, קלײַן־ביאַלע, קאָזשעניץ), אַהאַ́ינקימין (פּיליעוו), אַהאַ́ינגיקימע (ווישעגראָד), אַהאַ́ינגיגאַנע (טשענסטאָכאָוו), אַהאַ́ינגיפאָרן (גער, מאָגעלניצע, נאַשעלסק), אַהאַ́ינלאָזן (גראָדזיסק), אַהאַ́ינשיקן (דראָלטש).— דאָס שליסט, נאַטירליך, נישט אויס, אַז אויך אין זעלבסטשטענדיקער שטעלונג זאָל דאָס וואָרט אין די אָנגעוויזענע שטעדט קענען פאָרקומען מיט n: די פראַגע וועגן דעם דאַרף נאָך גענויער נאָכגעפאָרשט ווערן.

אין טאָמאַשאָוו (פּעטריק. ג., ראַווער א.) האָב איך געהערט: אַהאַ́ינציין [2], אָבער — אַהאַים.

אַנמערקונג. — „מיט". 1910 ז׳ 152, אין אַ פאָלקסליד אויס גאַליציע: „דאָס וואַב נעבעך אין דער האַין"...—

4) איבערגאַנג פון אויסלויט-m אין n איז פאַר אונז אויך אין יידישען נאָמען פון דער שטאָדט Zakroczym (װאַרשעװ. גוב., פּלינסק. א.): זאַקראָטשין (הײַנט אױף ענגזילב). אַזוי רעדען־אַרויס דאָס וואָרט די יידישע אײַנוואוינער פון דער שטאָדט; אַזוי רופט מען זי אין ווישקאָוו, גומבין און בכלל אין גאַנץ וואַרשעווער גובערניע.— פּאַראַלעלע פאָרם: זאַקריטשין.—

§ 66 — [איבערגאַנג פון אויסלויט-m אין n̥]. — 1) גאַנצע — אײנזילביקע, געוויינליך, — ווערטער מיט אויסלויט-m̥ קענען, אין אומבאַטאָנטער שטעלונג, פאַרקירצט ווערען אין איין n̥.

2) דאָס קען געשעהן אודער נאָך קאָנסאָנאַנטישען אויסלויט פון

---

[1]) אויך אין וולוצלאַוועק: אַהאַ́ין. — [2]) אין קראַסנאָסטאַוו (לובל. ג.): אַהאַ́ים־גיפאָרן. —

פריערשטייענדיקען ווארט, אדער פאר'ן אָנלויט (ווקאלישען, ווי קינסונאנ-טישען) פון נאָכפּולגענדיקען.—

§ 67 — [פארקירצונג פון „דעם" אין -ן.] — 1) אין קרעמעניץ ווערט דער דאַטיוו פון באַשטימטען אַרטיקעל מאַסקולינו און נעווטרי פאַרקירצט אין איין ן נאָך די פרעפּאָזיציעס: אַף [אויסער פאר בילאַביאלען אָנלויט פון צווייטען ווארט (זיי אויבען § 64, פ' 3)], אויסאַ, איבאַ, אינטאַ, מיט, נאָך, פאַר; — אזוי: אַפן אויוון, אייוואַלי, אינט, אינטל, פאָדים, פעדימל, וואָגן, וועיגאַלי, טאָוול, טעיוואַלי, דאַך, דעכל, סאָד, סעידל, שלוס, שלעסל, זאַק, זעקלי, צופּ, צעפּל, קנופּ, קנעפּל, גלוק, גליעקלי, כאַלאַט, כאַלאַטל, יינג, יינגלי, רוק, רעקלי, לומפּ, לעמפּל, מעיאַ, מעיאַרל, נאָגל, נעיגאַלי [1]); — אויסאַרן אויוון, אייוואַלי, פעלץ, פעלצל, בוים, ביימל, פאָדים, פעידימל, וואָגן, וועיגאַלי, א. א. וו.; — איבאַרן אויוון, אייוואַלי, פעלץ, פעלצל, א. א. וו.; — אינטאַרן אויוון, אייוואַלי, א. א. וו.; — מיטן אויוון, אייוואַלי, א. א. וו.; — נאָכן אויוון, א. א. וו.; — פאַרן אויוון, א. א. וו.

אנמערקונג 1. — נאָך „באַ" ווערט „דעים" אין קרעמעניץ פארקירצט אין m („באַם אויוון, באַם וועיגאַלי" וכ'), אובער פאראלעל אויך אין ן: צווישען וואקאל און סונאַנטישען נאזאל דערשיינט דאן א r, אלס היאטוסבאזייטיקער [„באַרן שלום, באַרן פלעשל" (זיי אויבען § 27 פ' 2)].

אנמערקונג 2.— נאָך „אין" (און), „פין" (פון) ווערט „דעים" אין קרעמעניץ פארקירצט אין „ים" (מהמת נאָך דעם n קען קיין n נישט קומען),— ווי: „אינים טיש, פינים טיש". געוויינטליך לעיגט מען אוים: „אינ'ם", „פינ'ם", ווייל דער אומבאטונטער י פאר דעם שלום-מ איז איבערקורץ, שטארק רעדוצירט.—

2) אַנאַלוגיש — אין וואַרשע און אין אַלע פוילישיידישע מונדאַרטען.

3) אין די ליטווישע מ"מ אויך אַזוי, מיט דעם חילוק, אַז „דעם" גייט-איבער אין ן נאָך „אַף" אַפילו פאַר בילאַביאַלען אָנלויט פון צווייטען ווארט. דערביי באַלייט „דעם" זוגאר דעם דאַטיוו פון פעמינינאַ! — אזוי:

---

[1]) די הויפטנומינא — מאסקולינא, די דעמינוטיווא — נעווטרא.—

a) אין קרולעי[1] (מאליוו. גוב.): אפ׳ן מאַרק, אַפ׳ן פּאליצע[2], אַפ׳ן הערצן[2], אופ׳ן זייט[2], מיט׳ן לעפל, מיט׳ן שעפל, מיט׳ן שמש, מיט׳ן שטן, מיט׳ן פולען מאַול(?), פאַר׳ן גורגל.

b) אין קולנע (לומז. ג.): אַפנ̥ בעים, אַפנ̥ פעוט[2]), אַפנ̥ יסוד[2]), אַפנ̥ קופ[2]), איבערנ̥ טרוטואַר, אונטערנ̥ בעט[2]), אונטערנ̥ בעים, מיטנ̥ מול[2]).

c) אין זולוטונושע (פּולט. גוב.): אַפנ̥ טיש, וכ׳. — אין טשעריקוו (מאליוו. גוב.): אַפנ̥ טיס, וכ׳. —

4) אין בוקווינע[3]): „אַפּ׳ן אויוון, אינטערן בעט" א. ש. וו. —

אנמערקונג. — אובער: „באַם אויוון[3]), באַם וועיג"[4]). —

5) אין מזרח-גאַליציע[5]): „באַר׳ן טיש". —

אנמערקונג: אויך: „באַם (?) טאַטען"[6]). —

6) אין ביימען[7]): „אַפ׳ן שטריק". —

7) נאַטירליך, איידער „דעם", „דעים" זול איבערגיין אין נ̥, מוז פריער אָפּפאַלען דער אָנלויט-d. — אין אייניקע יידישע מ״מ באַגעגענען מיר טאַקי דאָס איבערגאַנגסגעשטאַלט — מיט m נוך, אובער שוין אָהן ד. — צ. ב., אין מזרח-גאַליציע[8]): „אַ נאַר אַסם אים[9]) באָד אַרויס", „אוף אים בוידים", „נאָך אים אויראַך[10]) בראָט מען די וורשט". —

§ 68 — [פאַרקירצונג פון „דעים" אין נ̥׳]. — 1) אין די פוילישיידישע מ״מ ווערט „דעים" (דאטיוו און אקוזאטיוו פון באַשט. אַרטיקעל מאסק. און דאַטיוו נעווטר.) פאַרקירצט אין נ̥ אויך פּרוקליטיש; — צ. ב.: „טומו איז׳ו ניש איין טאָאָג אין גאַס — נ׳צוויטן אוב׳וך שוי׳ ניש צ׳עסן", „כ׳ו ניש גיקענט אַראַאַגאַין נ׳איגיני טאָאָג", „נ׳עיושטן טאָאָג קעמע גאָאָניש טלי", „כ׳ו גאָניש באַמערקט נ׳נימו" (וואַרשע); — „מ׳דאַף דאַצאַילן נ̥׳ אמת" (גער); — „זינטיק אוט מע׳ גילאַיגט נ׳ אַרעשט (קופּשעווניצע); — „השם יתברך נעמט נ׳בעכע" [קונסקאוווליא[11])].

אנמערקונג. — דער סונאַנטישער טייל (פאַרפאַרבט אלס ן̥) פון נאזאל גייט אויך דאַ, ווי געוויינליך, פאַר אים. —

1) „מיט". 1910, 90, 132—138. — 2) אין נומינאַטיוו — לשון נקבה. — 3) „דער אורקוועלל" I 13. — 4) l.c. 344. — 5) l.c. 122. — 6) l.c 274. — 7) l.c. 82. — 8) l.c. 277—279. — 9) ==רעים. — 10) אורח. — 11) נח פרילוצקי, „יידישע פאלקסלידער" I ז׳ 25. —

2) ענליך אין בײמען: „נ׳סוידסען זול מאַ דע וואָרעס נאָכזאָגען״[1], „׳נ דאַלעס צו פאַטערן״, „נעמט ׳נ דאַלעס דע מאָס״, „דער ייִד הוט ׳נ דאַלעס ניט קענען פאָטער ווערן״[2].—

אָנמערקונג.— אובער, אין בײמען[3]: און יע מעיר דער ייִד זײנע זאַכען פאַרקאַפט הוט, אים ען דאַלעס צו פאַטערן״. פּלזו, נאָך נאָאַלען אויסלויט פון פריערגײענדיקען וורט גײט „דעים״ איבער ניִשט אין ח, נור אין ען.—

3) אויך אין געביט פון דער דערשײַנונג עקזיסטירט דאָס איִבערגאַנגסגעשטאַלט: מיט m נוך, נור שוין אָהן d (זײ § 67 פ׳ 7).— צ. ב., אין מזרח-גאַליציע[3]: „ר׳וטט געכאַפּט אים[4] טאָכער״, „וואַש מיר אים פעלץ״, „גלאַיב עהם, ווי אים פוריעהריגען שנאַי״;— אין סטאַניסלוי[5] (אויך גאַליציע): „אָפשנײַדען ׳ם גורגל״;— אין בוקווינע[6]: „... אין הוט אים באַבישקולע דערצעהלט, „געשלעפּט טאַנצען אים באַלבאָס״.—

§ 69 — [פאַרקירצונג פון „דעם״ אין נ אין קומפּוזיציס].— 1) דאַטיוו פון פּרונומען דעמונסטראַט׳ נעווטרי כינגולאַריס[7], אַלס לעצט, אומבאַטונט, גליד אין צוזאַמענגענעצטע אַדוערבען, קומט אין די יידישע מ״מ געווײנליך פור מיט m, פאַר ווע לכען עס גײט אַ רעדוצירטער ווקאַל. צ. ב., אין קרעמעניץ אין מורדי (לובּ. ג., שעדל. א.): דאַנאָכדים;— אין סלאַוויטי (וולינ. גוב., זאַסלאַוו. א.), אין סקערניעוויץ: נאָכדים;— אין בוקווינע[8]: דערנאָכדעם.

2) אין אַנדערע מונדאַרטען ווערט „דעם״ אין די געבראַכטע אומשטאַנדסווערטער פאַרקירצט אין נ.— אזוי: דאַנאָכדנ (ווארשע), דענאָכדנ [פראגע (ווארשעווער פורשטאָדט), גאַרוואָלין], דאַנאָכנ (ווארשע), דענאָכנ (ווליע, הינטער ווארשע), נאָכדנ (ווארשע, פראגע, גרודזיסק), נאָכנ (פראגע).—

§ 70 — [פאַרקירצונג פון „אים״, „עים״ אין נ].— 1) אין די פּויליש-

1) „דער אורקוועלל״ I 174.— 2) l.c. 81.— 3) l.c. 276, 277.—
4) =דעים.— 5) l.c. 346.— 6) l.c. 14, 244.— 7) דאָס.— 8) „דער אורקוועלל״ I 13.—

ייִדישע מ״מ, נאָך פּרעפּאָזיציע אָדער ווערבום פינִיטום [1]) מיט קאָנסאָ־נאַנטישען אויסלויט [אויסער נאָך די לאַביִאַלע עקספּלאָזיוולויטען (זיי § 64 פּ׳ 4) און נאָך מ, נ, ל̥] ווערט דער דאַטיוו און אַקוזאַטיוו פון פערזענליכען פּראָנאָמען דריטער פּערזאָן מאַסקולינִי סינגולאַריס („עם״) שטענדיק פאַר־קירצט אין נ̥. איך ברייִנג עטליכע ביישפּילען, וועלכע כ׳האָב פאַרנאָ־טירט פאַר פאַרשידענע שטעדט:

וואַרשע: „כ׳בין געווען באַרנ̥״ („בא עם״); „כ׳ל גמאַינט, ס׳אַ נאָכנ̥״ (=„נאָך עם״); „גלאַיבוכנ̥״ (גלייב יאָך עם״).

פּולטוסק: „מ׳נעמטנ̥״ (=„מ׳נעמט עם״); „זאָקטערנ̥״ („זאָגט ער עם״).

דורף ווינצענטוו (וואַרש. ג., סקערניעוו. א., גמינע קאַרבאָוויצע): „מ׳עטנ̥ (=„מ׳וועט עם״) מסרן״.

סאָכאַטשעוו: „אובעכנ̥ („האָב יעך עם״) גיזאָגט.״ — שיעניצע: „זאָגאַכנ̥״ (זאָג יעך עם״).

טאַרטשין: „זי וט דראַא קינדע מיטנ̥״ (מיט עם).

בלוינע: „גיכאַפּט אַ האַק אופנ̥״.

בערזשין: „עפּשע וט׳ע עפּיס אופנ̥?״ (ד. ה.: „אויף עם״= קעגען אים).

נישטאָט (קעלצ. ג., פינטש. א.): „מ׳וט נוך ניש צוגישיקט נוכנ̥״ (=„נוך עם״); „מ׳ אַלטנ̥״ („מ׳האַלט עם״); „פּאַרנ̥״ („פאַר עם״).

ראָדעם: „מיטנ̥ (=„מיט עם״). — קונסק: „אופנ̥ („אויף עם״) אָנפּרעיגן״.

מלאַווע: „נישטאָ אופנ̥ קאַ שום חשד״. — גליניווין: פּאַרנ̥״ (=„פאַר עם״).

ריקי: „מ׳ יאָקטנ̥,״ „ס׳ שאַטנ̥״ („מ׳יאָגט עם״, „ס׳ שאַט עם״).

וויערושוו: „אוסט אַ גישעפּט מיטנ̥!״ (ד. ה. וואָס גייט ער דיך אָן?״; הער אים ווי די קאַין)! — „גאַי מיטנ̥ ביזאַמיט״ (=גיי מיט אים צו־זאַמען). — [2])

אָנמערקונג. — די דערשיינונג לוזט זיך דערקלערען דערמיט, וואָס אין די פּויליש־יידישע מ״ם פאַלט דער טרום שטענדיק אף דער פּרעפּו.

---

[1]) הייכט עס, אין נישט־האויכטוניקער שטעלונג. — [2]) מער ביישפּילען צו ברייִנגען וואָלט געווען איבריק, מחמת די דערשיינונג איז אין די פּויליש־ייִדישע מ״ם אַנ׳אַלגעמיינע. —

זיִציִע, אוּן דיִ פּרוֹנוֹמיִנאַלע פוֹרם — מעג דיִ גאַנצע קראַפט פוּן דער לוֹגיִשער באַ-טוֹנוּנג ליִגען אַף איִר, מעג זיִ זײַן דער גאַנצער עיקר איִן זאַץ — בלײַבּט אוּנבּאַטוֹנט. דאָס איִז גוֹרם אַ ענג צוּזאַמענגיִסען זיִך פוּן פּרעפּוֹזיִציִע אוּן פּרוֹנוֹמען. זיִי ווערען אויסגעשפּרוֹכען, אַלס אײן וואָרט, מיִט דעם הויכטוֹן, לוֹיט'ן ייִדיִשען שטײגער, אַף דער ערשטער זיִלבּ. — צ. ב., איִן וואַרשע: באַזע, ציִזע, פאַרזע[1] [— באַ, צוּ, פאַר זיִי], מיִטמוּ (— מיִט מיִר); — איִן איִלוּוו, איִן וויִשקוּוו: פיִנזע (פוּן זיִי); — איִן לוּבּליִן: פאַרזיִ [— „פאַר זיי" (זיִי)], וכ׳. —

2) ענליִך איִן מײרען, בּײמען אוּן אוּנגאַרן[2]. — צ. ב.: „קריִעכען אוֹפ'ן („אויף עים") עריִם"; „אוֹב אוֹכ'ן („איִך עים") קענן?"; „וואָס נעממסטע אַוּס מיִט'ן („מיִט עים") ?"; „לוֹז'ן געה!" („לוז עים געין").

נוֹך בײַשפּיִלען אויס בּײמען[3]: „געי עכ'ן („איִך עים") צוּם פקיד פערקלאָגען", „לוֹססט'ן („לווט עים") דער מעילעך[4]) פאַקען", „הוֹילען ווערד'ן (— „ווערט עים") דער גאַיער", „אַף פוֹילען ווערד מאַר'ן („מיִר עים") טראָגען". —

3) פאַר יענע מוּנדאַרטען, וועלכע כ'נעם-אַרוּם מיִט אײן באַצײכ-נוּנג „דרוֹמרוּסלענדיִשע", פעילט מיִר מאַטעריִאַל. איִך באַזיִץ בּלוֹיז אײנצעלנע באַוֹבּאַכטוּנגען:

a) איִן שיעדלעץ קען מען הערען: „אוֹטאַרנ̥" („הוט ער אים"), — אַלזוֹ: „איִ̂ם" פאַרקיִרצט איִן נ̥ ענקליִטיִש, איִן דריִטער זיִלבּ נאָכ'ן הויכטוֹן [נאָך אַנ'אַנדער פּרוֹנוֹמען (מיִט אויסלויט-r), וואָס שטײט אויך ענקליִטיִש נאָך ווערבּוּם פיִניִטוּם].

b) ענליִך איִן קרעמעניִץ: — „גיִמאַרנ̥" („גיִבּ מיִר אים"), „נאַדאַרנ̥" („נאַ דיִר אים"), „בּרעינגמאַרנ̥" („בּרעינג מיִר אים"), „לוֹמאַרנ̥ נעמיִן" („לומיִר אים נעמען") א. א. וו.

אָנמערקוּנג. — איִן צווײטער זיִלבּ נאָכ'ן הויכטוֹן, אפילוּ נאָך ווער-בּוּם פיִניִטוּם, בּלײַבּט איִן קרעמעניִץ: „איִם" (מיִט רעדוּציִרטען יִ, צוּליִבּ דער ענקליִטיִשער שטעלוּנג), וויִ: „מ'יאָקט איִם, ס'שאַט איִם"[5].

נאָך פּרעפּוֹזיִציִע בּלײַבּט איִן קרעמעניִץ „איִ̂ם" אָהן ענדערוּנג,

---

[1]) r הערט זיִך, טאַקיִ מחמת דיִ ערשטע זיִלבּ געפיִנט זיִך אוּנטערן הויכ-טוֹן. — [2]) „דער אורקוועלל" I 120. — [3]) l.c. 82 — 83. — [4]) מלך. — [5]) איִן וויִש-קוּוו: „מ'יאָקט עים". —

ווגאַר מיט לאַנגען i, וואָרום אין דער מונדאַרט פאַלט דער הויכטון שטענדיק אַף דעם פּראָנאָמען (פונקט פאַרקערט, ווי אין די פויליש-ייִדישע מ״ם); — צ. ב.: „מיט אָ̂ם, פאַר אָ̂ם, באַ זעֵ̂י, צו זעֵ̂י״, וכ׳.—

§ 71 — [פאַרקירצונג פון „דעם״, „דעים״ אין n]. — 1) אין קרעמעניץ ווערט דער דאַטיוו סינגולאַריס פון באַשטימטען אַרטיקעל מאַסקוליני און נעווטרי נאָך פּרעפּאָזיציעס מיט וואָקאַלישען אויסלויט פאַרקירצט אין m; אזוי: — „באַם [1]) ברינים, צים טיש״.

ענליך אין אַנדערע מ״מ, ווי: אין דער ווישקעווער [2]), אין דער אָ̂שומערער [3]), אין דער מישנ̂צער [3]), אין דער טשעריקאָווער [4]), א. אַ. וו.—

אין מזרח-גאַליציע [5]): „סי איז נישט צים טויד און נישט צים לעבען״, „אוט זאַי יאַש גישלאָגען צים האָרץ״.— אין סטאַניסלאָוו [6]) (גאַליציע): „צים אורח״.

אין בוקאָווינע [7]): „צום קוואַל״.

אין בײמען [8]): „צום פּקיד״.—

2) אין אַטײל מ״מ גײט אָבער אויך דער m איבער אין n.

אין וואַרשע: „יאַכ׳ל דוך שלאָגן צי̂ן [9]) טויט״, „קים צין רב״, „כ׳בין גיוועין באַן [10]) רב״.— אין גריצע: „צין סוף״.

אין בלוינע: „באַן זשאַנדאַ̂אַ״.— אין גרודזיסק: „צין ראָדימע רב״.— אין יזליופּול: „צין בוים״.— אין ווינצענטוו: „צין רב״.

אין פולטוסק: „כ׳זיץ באַן אויוון״,— אָבער: „כ׳גאַי צ̂ צים אויוון״.

אין פּרושין: „צין רב״.— אין נײשטעטל: „צין גובענאַטע.

אין ראָדעם: „צין בוים״.

אין וויערושוו: „באַ̂ן טיש״, „צי̂ן טיש״.

אין מאַקוו: „צין סליעדטשי״.

אין ריזשאַן: „באַן טיש״,— אָבער: „צים טיש״.

אויך אין וואָלקווישקי: „באַן טיש״,—און: „צום טיש״.

---

[1]) אויך: באַרנ̊ (ווי אויבען ז׳ 42). — [2]) „באַם טיש, צים טיש״.— [3]) מישניניעץ (לומז. ג.): „באַם טיש, צום טיש״.— [4]) „באַם טיס, צום טיס״.— [5]) „דער אורקוועלל״ I 279. — [6]) l.c. 346. — [7]) l.c. 13. — [8]) l.c 82. — [9]) צו דעם.— [10]) באַ דעם. (אין וואַרשע, אפילו, נישט אופט.). —

אין מײערן[1]) : „ער הוט ע קופּפּ צין ברעטטערטרוגען״.
אין „מײרען, בײמען און אונגאַרן״[2]) : „בײַן ת״.—

§ 72 — [„הײבאַם״—„הײוונ״].— 1) דרײזין 8 ברע׳נגט: „הײבאַם״.—מה״ד (לעק׳ 92): hebeamme, hefamme. נה״ד: Hebamme.
2) האַרקאַווי 127: „הײבען״[3]).—אין וואַרשע: „האַיוונ״[4]),— אָפּשוואַכונג פון „-אַם״ אין אײן n. —

§ 73 — [„געדערים״—„גידירנ״].—1) אין קרעמעניץ: „גדעירים״.— ליפּשיץ 69: „געדערעם״; האַרקאַווי 105: „געדערים״; דרײזין 65: „געדערם״.— מה״ד (לעק׳ 62): gederme, gedirme; נה״ד: Gedärm.
2) אין פּולטוסק עקזיסטירט דער וואָקאַבל אין געשטאַלט: „גידי?רנ״[5]).—

§ 74 — [„וואָרים״—„וואָרנ״]. — 1) אין קרעמעניץ, אין בערעזדי?וו ווערט געברויכט דער אַדווערב „וואָרים״ (אין טײַטש: ווײַל, מחמת, היות).—ענליך אין בײמען[6]).—ליפּשיץ 89 און דרײזין 169 ברעינגען: „וואָרים״ [האַרקאַווי 142 לײנט-אויס: וואָרום, הגרוויץ 44: וואַרום].
2) אין וואַרשע, אין ווישקאָוו, אין פּלאָצק, אין נײשטעטעל, אין איוואַניסק (ראַד. ג., אַפּט. א.), און אין אַ סך אַנדערע פּויליש-יידישע שטעדט: „וואָרנ״ [אויך אין גאַליציע[6]): „וואָרען״[7])].—אין אוסטראָלענקע (אין געביט פון ליטוו. דיאַלעקט): „וואורנ״.—

§ 75 — [צאָזנער].—אין ווישקאָוו קלינגט דער נאָמען פון דער שטאָדט Sandomierz (ראַד. ג.): צאָזנער.

---

[1]) „דער אורקוועלל״ I 272.—[2]) l.c. 120.—[3]) אײגענטליך, ריכטיג אויסגעלײגט: „הײבם״.—[4]) וו אַקעגען f אין דער פּאַראַלעלער מה״ד פורם.—[5]) דער ?—אַקעגען מה״ד פורם מיט ı.—[6]) „זאַמעלביכער״ II 287.—[7]) אײגענטליך: וואָרנ.—

אין אַנדערע שטעדט — צווזמע (למשל, אין דרילטש), צווזמן (אין װאַרשע).

אין װישקאָװ, הײסט עס, n אַנשטאָט m.

אַנמערקונג. — צו דער עטימאלאגיע פון דעם געבראַכטען שטאָדטנאָמען: די ערשטע זילב פון Sandomierz איז דער נאָמען פון טײך, װאָס פאַלט בײַ דער שטאָדט אַרײַן אין דער װײַסעל. דאָס יידישע געשטאַלט פון דעם װאָרט: סאָדן, סאָטן. דער אויסלויט-rz פון דעם פױלישען שטאָדטנאָמען װערט אין יידישען אויסגעשפּראָכען אַלס ר. דער הויכטאָן גײט, לויט'ן יידישען שטײגער, איבער אויף דער ערשטער זילב, הובען מיר סאָנדמער. — דער n פאַלט-ארויס, װי אויפט אין פױלישען יידיש, נאָך לאַנגען שטאַמוואָקאַל; דער דענטאַלער עקספּלאָזיװלויט גײט-איבער (פאַר װאָס, קען איך ניט דערקלערען) אין אַנטשפּרעכענדיקען ספּיראַנט, און דער אַנלויט-s קריגט אַ t פאַר זיך, — אַנטשטײט: צאָזמער. —

## אַסימילאַציע.

§ 76 — [איבערגאַנג פון m אין אַנדערע נאַזאַלע]. — 1) בעדאַגהעל 186 שטעלט-אַרויס פאַר דער דײַטשישער שפּראַך אַ כלל, װעלכער גילט אויך פאַר דער יידישער: „נאַזאַל פאַר עקספּלאָזיװלויט פאַסט זיך צו צום אָרגאַן פון עקספּלאָזיװלויט". — דאָס איז, אַלזאָ, דערשײַנונג פון טײלװײַזער אַסימילאַציע.

2) אין קרעמעניץ, אין װאַרשע, לובלין, סאָכאַטשעװ, הערט איר: „יונטיף"[1]. ליפּשיץ 107 ברענגט: „יונטעװ," „יונטעװדיג"; ספּיװאַק-יהואש 106: „יומטעװ" און „יונטעװ"[2]). — [לאַביאַלער נאַזאַל פאַר דענטאַלען עקספּלאָזיװלויט איבערגעגאַנגען אין דענטאַלען נאַזאַל[3]).

3) אין קרעמעניץ זאָגט מען: „יונקיפּאַ"[4]), אין װאַרשע: „יאָקיפּו", אין װישעגראָד: „יאָרנקיפּער". בײַ ספּיװאַק-יהואש 106 געפינען מיר: „יומכפור" און „יונכפור" — [לאַביאַלער נאַזאַל פאַר גוטוראַלען עקספּלאָזיװלויט איבערגעגאַנגען אין װעלאַרישען נאַזאַל]. —

---

[1]) = יום-טוב. — [2]) אויך אין דער דײַטשישער גנבים-שפּראַך: Jontef (אַװע-לאַלעמאַנט III 551). — [3]) אין ביאַלובזשעג: יומטיף. — [4]) יום-כפור. —

4) זוֹל מען דעם כּלל צוציִען אויך צו דערקלערען די פוֹרם „האַין“ (§ 65, פּ״פּ 2—3)? — מ׳קען רעכענען, אַז די פוֹרם זוֹל תּחלת האָבען דערשייִנען אין קאָמפּאָזיִטיס, דערהויפּט אין פאַרבינדונגען מיט דעם פּאַרטיציִפּ פּרעטעריטי, וואָס הייבט זיך אָן מיט g (אין „טהאַים“ פליגס „גיגאַנגען, גילופן, גיזעהן, גיקומען, גינומען, גיבראַכט, גיטראָגן, גישיקט, גיליטן וכ׳), און מיט דעם איִנפיניטיִוו פון אייניקע ווערבאַ (מיט „קומען, גיין וכ׳). אין דידוזיקע צוזאַמענגעזעצטע ווערבאַלע פוֹרמען הוֹט m (פאַר ק און ג, הייסט עס), לויט דעם אויבענאָנגעוויזענעם פּריִנציִפּ, געקענט איבערגיין אין וועלאַרען נאַזאַל, וועלכער איז דערנאָך, לויט אַנאַלוֹגיע, איבערגעטראָגען געוואָרען (שוין אַלס דענטאַלער נאַזאַל) אין פאַרבינדונגען, ווו דאָס צווייטע גליד הייבט זיך שוין נישט אָן מיט גוטוראַלען עקספּלאָזיִוולויט (טהאַינלוזן, טהאַינפּאָרן, טהאַינשיקן וכ׳), און זוגאַר אין פרייען אויסלויט פון די אַדווערבען, וואָס זענען געבראַכט אין § 65. —

§ 77 — [פּוילשטענדיקע אַסימילאַציע]. — 1) אין גוֹוויטשוֹוו (ראַד. ג., קיִנבּק. א.) הוֹב איך געהערט: „אָניִבּוּזן“ (ד. ה.: אומניבוסען); — אין קלייִן-ביאַלי: „אָנ̂בוּס“ (אומניבוס) [לאַביִאַלער נאַזאַל פאַר דענטאַלען איבערגעגאַנגען אין דענטאַלען].

2) אין וואַרשע קענט איר הערען (אין מויל פון פרויען): „אַגניִם-געפּיש“[1] (מיט דענטליך טופּעלטען ג), — פּרוֹגרעסיִווע אַסימילאַציע.

פאַרלוסט פון m.

§ 78 — [איבערגאַנג פון „מען“ אין נ̥]. — אין אייניקע יידישע מונדאַרטען פאַרליִרט דאָס אומבאַשטימטע פּיִרוואָרט „מען“, ענקליטיש, נאָכ׳ן קאָנסאָנאַנטישען אויסלויט פון ווערב, דעם אָנלויט-m, און די איבערגעבליבענע זילבּ „ען“ גייט איבער אין נ̥.

1) דערהויפּט זייען מיר דאָס אין די פּויליש-יידישע מ״מ. — צ. ב.:

אין לובלין: „אוֹטנ̥ עים גיגעין“ (=הוט מען אים גיגעיבם), „וואָס מיִטנ̥ דאָ?“, „איזנ̥ גיגאַנין“, „דאַוויטנ̥“ (=דאַוונט מען), „לאַכטנ̥“, „מיִזנ̥“.

[1] עגמת-נפש. —

אין פּאַרטשעוו (לובל. ג. ראַדין. א.): „אוטנ̥״ (הוט מען).
נײַשטאָט (קיעלצ. ג., פּינטש. א.): „עפּנט̥נ̥״.

2) ווי ס׳שײַנט, קען מען די דערשײַנונג באַגעגענען, הגם נישט אַזוי אופט, אויך אין די דרום־מרוסלענדישע מ״מ. אַזוי למשל:
אין קרעמעניץ: „אוטנ̥ נאַ (הוט מען מיר) גיגעיבם״.
אין וואָלאָטשיסקע: „ערטנ̥״ (הערט מען). —

§ 79 — [מאַזאָווישער m-פּאַראַליזם]. — אין גאַנץ פּוילען זאָגט מען: „מאָבי־לי־זאַציע״. — פון אָקטאָבער 1914, ווען כ׳בין צוריקגעקומען פון אויסלאַנד קיין וואַרשע, איז מיר אויסגעקומען דאָס וואָרט צו הערן זאָהן אַ גוזמא טויזענט מאָל, און איך קען באַשטעטיגן, אַז אַ מענטש פון דער פאָלקסמאַסע וועט דעם וואָקאַבל נישט אַרויסרעדן מיט דעם אַנלויט-m. זוגאַר זעלנער זאָגען „אָבילִיזאַציע״. אויך לײַט, וואָס לייענען צײַטונגען און זײַען שוין אויס ווי האַלבע אינטעליגענטען, געברויכען נישט די ריכטיקע פאָרם. צי איז די פאָלקסעטימאָלאָגיע אַנטשטאַנען ערשט אין יאָר 1914, אָדער פריער, למשל בשעת דער מלחמה מיט יאַפּאַן, צי נאָך פריער, קען איך לעת-עתה נישט פעסטשטעלען. — כ׳האָב דעם וואָקאַבל פאַרנאָטירט פאַר וואַרשע מיט די פאָרשטעדט (פּראַגע, מאָקאָטאָוו, וואָליע וכ׳), פאַר גריצע, גער, טאַרטשין, גראָדזיסק, קאַלושין, שיעניצע, אַמשינאָוו, נאַשעלסק, סאָסנאָוויץ, נײַשטעטל (ראַוו. א.), מאַקאָוו, קראַסנאָסיעלצע (מאַקאָוו. א.), פּשיטיק, גאַרוואָלין, סטאָטשעק, א. אַ. וו. —

§ 80 — [איבערגאַנג פון m אין w]. — אין קרעמעניץ זאָגט מען: „צווינטאַ״ [1]) (אַ קריסטלִיכער בית-עלמין); — ליפשיץ 169 ברענגט: „צווינטער״; — הורוויץ 79: „צווינטער״ און „צמענטער״ [דרײַזין 197: צמינטער] = פּוילישען Cmyntarz (Cmentarz).
אָנמערקונג. — אין לובלין, אין סקערניעוויץ האָב איך געהערט:

---

[1]) ווִיל דאָס זײַן רעגרעסיווע דיסימילאַציע: דער דענטאַלער נאַזאַל שטופּט-אַרויס דעם לאַביאַלען? כאַראַקטעריסטיש, אַז דער לויט, וואָס דערשײַנט אַנשטאָט דעם לאַביאַלען נאַזאַל, איז אויך אַ לאַביאַלער (אײגענטלִיך, אַ לאַביאָ-דענטאַלער). —

באַסמענטיש; אין פּולטוסק: בעסמענטאַש [1]). אינטערעסאַנטע פאָלקסעטימאָ-
לוגיע: צוזאַמענגוס פון העבראיִשען „בּית" מיט'ן פּויליִשען cmentarz, אַנאַלאָגיע-
בילדונג לויט די ריין-העבּראיִשע: בּית־נוֹלָד, בּית־עָלְמִין, בּית־חַיִּים, בּית־הַקְּבָרוֹת. —

## Varia.

§ 81 — [ניטאָרגאַנישער מ]. — אין קרעמעניץ קען מען הערען אין מויל
פון המון: „סימבּיִאַ" (סיבּיר); אין אופּאַלע (לובל. ג. פּילעוו. א.):
„סאַמבּיע".

אין אַקסענפעלדס „דער ערשטער יודישער רעקרוט אין רוס-
לאַנד" ז' 10 לייענען מיר: „אַהין וואָס מע וועט זיי אפשר אַוועק שי-
קין קיין סימבּיר"; — ז' 12: „אינ איהר וועלוויל וועט אויך געהן קיין
סימבּיר"; — ז' 20: „אפשר שיקין קיין סימבּיר".

גענויער וועגען דעם מ — אין פאָלגענדיקען שטודיום, אין די קאַפּיטלען „אַסי-
מילאַציע", „נאַזאַלירונג". —

§ 82 — [אָנמערקונג]. — 1) די דערשיינונגען, וואָס זענען געשילדערט אוי-
בען אין די §§ 66—74 און 78, קענען באַטראַכט ווערען אַלס באַזונ-
דערס וויכטיגע אויסדרוקען פון דעם עטימאָלאָגישען געזעץ, וואָס
גילט פאַר די יידישע מונדאַרטען, ווי פאַר די דייטשישע —: וועגען
אָפּשוואַכונג פון אומבאַטאָנטע זילבען.

2) אין וואַרשע זאָגט מען „צעין" [2]), „הוּוס" [3]), — אובער
„דראַאַצן", „ראָטעס" [4]). דאָס זענען ביישפּילען, ווי די וואָקאַ-
לען פון אומבאַטאָנטע ענדזילבען ווערען אָפּגעשוואַכט [5]). — פון די דער-
מאַנטע §§ זעהען מיר, ווי קאָנסאָנאַנטען פון דער ענדזילב אודער
פון ענקליטיש צו פּראָקליטיש שטייענדיקע איינזילביקע ווערטער ווערען
אָפּגעשוואַכט, אודער פאַרשווינדען אינגאַנצען.

3) דער איבערגאַנג פון לאַביאַלען נאַזאַל אין דענטאַלען איז אויך
דערשיינונג פון אָפּשוואַכונג, וואָרום m באַלאַנגט צו די שווערע [6]) קאָנסאָ-
נאַנטען, n — צו די זייער לייכטע [7]). —

---

[1]) אין פּולטוסק זאָגט מען: „דאָס איז אַ צמענטאַוש", אובער:
„דער משומד ליגט אויפ'ן בעסמענטאַש". — [2]) צאַלוואָר: 10. — [3]) הויז. —
[4]) ניט „דראַאַציין", „ראַטהויס". — [5]) גענויער וועגען דעם געזעץ — אין ט,
באַזונדער שטודיום. — [6]) ווילמאַנס I 162. — [7]) l.c. 133. —

# IV

## די יידישע נ-לויטען.

### דאָס פיזיאָלאָגישע.

§ 83 — [דענטאַלער און וועלארער נאַזאַל] — 1) די יידישע שפּראַך, ווי די ייטשישע, באַזיצט צוויי ערליי נ-לויטען: אַ דענטאַלען און אַ וועלאַרען. ביידע ווערען אַרויסגעגעבען בײַ געשלאָסענעם מוילקאַנאַל און אַראָפּגעלאָזטען גומענפאָראַנגעל, וואָס עפנט פאַר דער שטים דעם וועג אין דער נאָז אַריין. נור בײַ דעם צאָן-נאַזאַל ווערט דער מוילקאַנאַל געשלאָסען אַף די אייבערשטע ציין (די קאַנטען פון דער צונג לייגען זיך אַף די באַקציין, און דער שפּיץ אירער דריקט זיך צו צו די ווורצלען פון די שניידציין); בײַ דעם קעיל-נאַזאַל ווערט דער מוילקאַנאַל געשלאָסען אַזוי ווי בײַ די גומען-עקספּלאָזיוולויטען.

2) דער גוטוראַלער [1] נאַזאַל קומט-פאָר נור אין די פאַרבינדונגען: ־נק, ־נג [2].

§ 84 — [נאַזיי־יקאַלען]. — 1) אויך זיי קען מען פאַררעכענען צו נאַזאַלע לויטען.

2) די ריינע זעלבסטהילכער ווערען, ווי באַוווסט, אַרויסגעגעבען בײַ אָפענעם מויל און געשלאָסענער נאָזהייל [3]: דאָס גומענפאָר־האַנגעל און דאָס צינגעל, וואָס הענגט פון אים אַראָפּ, זענען אונטערגעהויבען, צוגעדרוקט צו דעם הינטערשטען ווענטעל פון שלונג [4])

---

[1]) ד. ה. דער וועלאַרער (דער קעיל-נאַזאַל). — [2]) פאַרגלייך צו דעם §:
הילמאַננס 6, גוטמאַנן 111, 107. — [3]) גוטמאַנן 94. — [4]) רעטשיש: Rachen. —

און דערלויזען נישט די לופט אין נאָז אַריין — פאַר איר בלייבט אופען בלויז דער מוילקאַנאַל. — הענגט אובער דאָס גומענפוראַנגעל מיט׳ן צינגעל שלאַבריק אַראָפּ, און די לופט פון די לונגען קען אַרויסגיין גלייכצייטיק דורך דאָס מויל און די נאָז, — ווערט דער וואָקאַל „נ אַ ז אַ ל י ר ט“¹), באַקומט אַ נאָזעמבר, פאַרטאַרבט — אַלס נורס - מיט נ, אַלס זעלטענער אויסנאַם — מיט מ.

3) די נאַזאַלירונג פון וואָקאַל קען זיין:

a) אַ ל ו י ט ג ע ז ע צ ל י כ ע: פאַרשווונדעניקער נ גיט־צו אַ נאַזאַלטעמבר דעם זעלבסטהילכער פאַר זיך ²);

b) אַ ש פ ו נ ט אַ נ ע — אָהן אַ שום אָנזיכטיקער סבה ³);

c) רעזולטאַט פון שלעכטער אויסשפּראַך. דערהויפּט קומט־פור דער „אינופורטונער נאַזאַלקלאַנג“, ווי ג ו ט ס מ אַ נ ן ⁴) רופט אים, — ווען אין וואָרט געפינט זיך די פאַרבינדונג נק אודער נג. זי גיט אופטמאָל איבער דעם נאָזעמבר נישט בלויז די וואָקאַלען פאַר זיך און נאָך זיך, נור אויך — אין מויל פון באַזונדערס נאַכלעסיקע רעדער — דעם ג אַ נ צ ע ן וואָרט. —

## פּאַלאַטאַליזירטער n.

§ 85 — 1) די פּאַלאַטאַליזירונג פון דענטאַלען נאַזאַל קומט אים־אַלגעמיין זעלטענער פור, ווי די פּאַלאַטאַליזירונג פון l.

2) אין באַצייכען דעם פּאַלאַטאַליזירטען נאַזאַל: נ׳ (אידער ני, ני).

3) די פּאַלאַטאַליזירונג פון n קען זיין: אַ ס פּ ו ר אַ ד י ש ע, אודער אַ ל ו י ט ג ע ז ע צ ל י כ ע דערשיינונג. —

§ 86 — [ספּוראַדישע פּאַלאַטאַליזירונג]. — 1) אַלס צופעליקע דערשיינונג, אין דעם אודער יענעם איינצעלנעם וואָרט, באַגעגענען מיר נ׳ אין אַ ל ע, מעג מען דרייסט זאָגען, יידישע מ״מ.

---

¹) „Indogermanische Sprachwissenschaft“, von Prof. Dr. Rudolf Mering. Leipzig 1903, s. 15 (Sammlung Göschen). —

²) זיי ווייטער די קאַפּיטלען: „אַרויספאַל פון פורקונסונאַנטישען n“, „אַפּפאַל פון קונסונאַנטישען נאַזאַל אין דער ענדונג en-“ און „פאַרלוסט פון שטאַמהאַפטיקען אויסלויט n“. — ³) זיי ווייטער, דאָס קאַפּיטעל „נאַזאַלירונג“. — ⁴) 137. —

2) מערסטענטייִלס קומט נ' פאָר אין סלאַווישע און אַנדערע פרעמדע ווערטער,

3) ליפשיץ ברענגט: ניאָנקעלע[1]) = פּוילישן niuńka[2]); קעשיניע[3]) = פּויליש kieszynia; נאַסניע[4]) = פויל' nasie-nie; זשמעניע[5]) = רוסישן жменя (דער וואָקאַבל ווערט אין רוסישן שוין נישט געברויכט); קוניאַק[6]) = פּוילישן koniak, רוסישן ко-ньякъ, פראַנצייזישן cognac; ניורען זעך[7]) — אַקעגען רוסישן норить, וכ'.

אָנמערקונג 1. — אים אַלגעמיין, געפינען מיר באַ ליפשיצן ווייניק ווערטער מיט באַצייכנטן פּאַלאַטאַליזירטן נ. זוגאַר ניט איטליכן פּאָרוואָקאַלישן נ' גיט דער אויטאָר צו אַ -י-; אַזוי, טרעפן מיר באַ אים: נאַנקע[8]), — אַלזאָ, אפילו נישט: ניאַנקע, ווי האַרקאַווי[9]) לייגט דאָס וואָרט אויס. — דעם פּאָרקאָנסאָנאַנטישן נ' באַצייכנט ליפשיץ קיין איין מאָל נישט. ווי ס'ווייזט אויס, האָט ער נישט געקענט געפינען קיין פּאַסיק גראַפיש מיטל דערצו. —

באַ האַרקאַווין: ניאַנקע, ניאַנטשען[10]), קוניאַק, קוניוך, קוניושניע[11]), גראַפיניע[12]), וכ'.

באַ הורוויצן: ניאַנקע, קוניאַק[13]), וכ'.

אָנמערקונג 2. — ביידע באַצייכענען נאָך די פּאַלאַטאַליזירונג פון פּאָרוואָקאַלישן נ'; די פּאַלאַטאַליזירונג פון פּאָרקאָנסאָנאַנטישן נ' גיבן זיי אויך נישט איבער. —

4) אין קרעמעניץ: קעשינ'י, זשמענ'י, ניאַנ'קי, קונ'אַק, באַנ'קי[14]), נונ'י[15]), דינ'י[16]), וכ'.

---

1) 131: „ничтожный человѣкъ". — 2) „יונגער נאַשער", „יונגער שוטה"; בילדליך: „איינער, וואָס מאַכט זיך, ווי ער וואָלט קיין צוויי נישט קענען ציילען"; גרוב: „יונגער סמאַרקאַטש". — 3) 200. — 4) 130. — 5) 97: ручища, лапища, горсть. — 6) 183. — 7) 131: „рыться рыломъ". — 8) ז' 130. — 9) ז' 214. — 10) 214. רוסיש: нянька, нянчить; פויליש: niańka (niań-ka). — 11) 295. רוסיש: конюхъ (פויליש: koniuch), конюшня. — 12) 110. רוס': графиня. — 13) 64, 83. — 14) אין טאָפּעלער טייטש: a) דאָס בלעזעל, וואָס מ'שטעלט אַ קראַנקען [פויליש: bańka; רוסיש: банка; ליפשיץ 54]; б) אַ בלעכענע כלי צו נאַפט. — 15) = נאָז. [ס'איז אַ שפּאָטוואָרט. מ'זאָגט „נו-נו, אָט איז אַ נונ'י!" — ד. ה. אַ אויסערגעוויינטליך גרויסע אָדער מיאוסע נאָז.] — 16) אין קרעמעניץ רופט מען אַזוי יענע פרי, וואָס הייסט אַף רוסיש

אין וואַרשע: באַנקי, באַניקעירן) (פלוראל, ניאַנקאַלי) וכ׳.
5) דער רוהאַטשעווער (מוליוו. ג.) וואָקאַבעל „באַניער״) לוזט זיך, ווי ס'שיינט, צוריקפירען צום פראַנצייזישען banière, און ניעט צו דער מה"ד פורם) banière (banier), ווארום דער מה"ד דיפ־טונג ie גייט אין יידישען אים אַלגעמיין איבער נישט אין je, נור אין i.
אַנטערקונג 3.—דער סומפולנער פאַנ͏יער (זיי איבען ו׳ 32), דאַגעגען, לוזט זיך צוריקפירען צו דעם מיטעלהויכדייטשישען געשטאַלט (panier — banier).—
5) די אַרטיקולאַציעשטעלע פון נ׳, פון וועלכען ס'איז די רייד אין דעם §. איז עטוואס אַנדערש, ווי נורמאַל,— אַנאַלוגיש, ווי בעם ספוראַדיש-פאַלאַטאַליזירטען l (זיי איבען § 32).—

§ 87 — [לויטגעזעלנצע פאַלאַטאַליזירונג]. — l) אין פיליוו ווערט דער דענטאַלער נאַזאַל שטענדיק פאַלאַטאַליזירט נאָך k.— אַזוי: קנייפ[5]), קנייע[6]), קנעכו, קניעפו, קנאַפ[7]), קנובו, קנויט, קנופ; קניעלן[8]), קניעטן, קנאַיטשן, ציקנאַיטשט, קנאַאַפּם, קנאַקן, קנודערן[9]).

---

арбузъ, הנם дыня (פויליש: dynia) באַטייט נאָר דאָס דייטשישע Melonen-Cucumis (בויטאַנישער נאָמען: Wassermelone, Zuckermelone, kürbis melo). ליפשיץ 75: דיני͏ע (נישט גענוי אויסגעלייגט, ווארום מיט j אַנשטאַט j).—

[1]) די ווייסע „סיעמיטשקעס״, ווי מ'רופט זיי אין קרעמעניץ. אף פויליש: bania: איטליענער בויכיקער, אורער הוילער, אידער אויפגעבלאָזענער קערפער; צווישען אַנ־דערע טייטשען, אויך: איטליענס בויכיק געפעס.— דאָ באַטייט „באַניע״ אַ קירבים, וואָס זיינע הייסע קערלעך טרוקענט מען און מ'עסט. אין קרעמעניץ רופט מען עס: „אַרביז״ (אף רוסיש: „тыква״).—

[2]) „וועי נו ס' ניונ׳ק אַלי״ (ד. ה. דאָס מענטשעלע, וואָס זעיט-אויס אַזוי אומשולדיק, אַזוי שטיל, ווי ס'וואָלט נישט געקענט קיין צוויי ציילען,— איז, אָבער, אינ־דער־אמתן, אַ מזיק, אַ פייער, אַ ברען).— [3]) „באַניער״ הייסט אין רוהאַטשעוו, ווי ה' ה. צייטלין האָט מיר איבערגעגעבען, די שמחת-תורה-פאָן פון יידישען קינד.— [4]) שטאַמט פון דער געבראַכטער פראַנצייזישער (לעק׳ 10).— [5]) נומען.— [6]) סינגולאַר (פעמינינום). פלוראַל: קניי͏ן.— [7]) שרוערב.— [8]) זעלטען געברויכט אין פיליוו.— [9]) אף רוסיש: комкать.—

2) ענליך אין אופאַלע (לובל, ג. פיל. א.), אין מויל פון פרוס-טעריען עולם.

3) דער ני נאָך א הוט געענדערטע אַרטיקולאַציע, — אַנאַלאָגיש, ווי לי נאָך די גומענעקספּלאָזיוולויטען (זיי § 35 פ׳ 2). —

## סונאַנטישער n.

§ 88. — 1) כמעט איטליכע [אויסנאַמען — ווייטער[1]] אומבאַטאָנטע נאָכ-קאָנסאָנאַנטישע זילב en- אודער in- ווערט אין אַלע יידישע מונדאַרטען פאַרקירצט אין סונאַנטישען n, וועלכען כ׳באַצייכען נ(n).

2) נאַטירליך, מוז די זילב זיך געפינען אודער אין פריַיען אויס-לויט, אודער פאַר קאָנסאָנאַנט.

אַנמערקונג 1. — ליפשיץ הוט אונטערשיידט צווישען סונאַנטישען און קאָנסאָנאַנטישען נ. פאַר׳ן ערשטען שרייבט ער קיינמאָל נישט קיין וואָקאַל.

אַנמערקונג 2. — אַן׳אילוסטראַציע צו דער ראָלע פון דער באַטאָנונג: אין קרעמענעץ געברויכט מען: וואַגאָן[2] (פון דער אייזענבאַן)—פון רוסישען вагонъ, מיט הויכטאָן אף ענדזילב. — אין פוילען (למשל, אין וואַרשע, אמשינאָוו, קליין-ביאַלי, בערושין, בורזאַנאָוו א. א. וו.) איז דער וואָקאַל געגומען אין זיין פוילישׁ געשטאַלט: wagon — הויכטאָן אף ערשטער זילב, — איז מאַקי די ענדזילב אָפּגעשוואַכט געוואָרען, און מ׳זאָגט: וואַגנ.

אַנמערקונג 3. — נה״ר געשייט דאָסאייגענע מיט איטליכער נאָכהויכטוני-קער נאָכקאָנסאָנאַנטישער זילב en- (אויך אין פריַיען אויסלויט, אודער פאַר קאָנסאָנאַנט). — זעי, למשל, מערינגער, l.c. ז׳ 17. —

## n אין פריַיען אויסלויט.

§ 89. — אַמפּאַרשפּרייטסטען איז n אין פריַיען אויסלויט. —

§ 90 — [אין סינגולאַר פון סונאַנטישען] . — 1) אין יידישען [ענין] [...]-ווער, ער מיט סונאַנטישען נ-סופיקס אַ זעלטענע דערשיינונג.

באַ ליפשיצן: נאָך r: גאָרנ, דורנ, הורנ, צורנ, קורנ,

[1] אין קאַפּיטעל: „קאָנסאָנאַנטישער n“. — [2] אויך באַ ליפשיצן 87. —

שטערנג[1]; — נאָך ל[2]: ווילנג[3]; — נאָך די לאַביאַלע ספּיראַנטען: ברונפנג, אוּיוונג[4]; — נאָך גוטוראַלע: בעקנג, וואָלקנג, פלוקנג, ריקנג, שטעקנג; בויגנג, וואָגנג, ליגנג, מאָגנג, פאַרגעניגנג, פאַרמעיגנג, פרימורגנג, רעיגנג; צייכנג, קיכנג[5]; — נאָך דענטאַלע: בורטנג, גאָרטנג, גערשטנג[6], סאָטנג[7], קאַסטנג; לאָדנג, פלאָדנג, שאָדנג; דעסנג, קישנג; אַיזנג, ברוזנג, פעלזנג[8].

אין וואַרשע, אויסער די אַלע, נאָך: ביסנג, גילנג[9], קנוכנג.

אָנמערקונג 1. — אין קרעמעניץ זענען די אַלע נומינאַ, אויסער „אָזן“, — מאַסקולינאַ. — „אַזנ“ איז נעווטרום, ווי אַלע נומינאַ, וואָס באַצייכענען מעטאַלען; ווי: גולד, זילבאַ, מעש, קיפאַ, ציַן, שטאָל, בלעך.

אָנמערקונג 2. — אין נה״ר זענען די נומינאַ פון דער אַנאַלאָגישער גרופּע אויך מאַסקולינאַ. אייניקע פון זיי הובען נוך אין מה״ר-פעריוד, אַנדערע ערשט נה״ר פאַרלוירען דעם כּוּפּיקס און אויך דאָס געשלעכט דרייבער געענדערט, געוואָרען פעמינינאַ[10]. למשל, Linse, Lüge, Molke, Waffe, Wolke.

אָנמערקונג 3. — אין דער וואַרשעווער יידישער מונדאַרט ווערט געברויכט דער נומען קעיל (פעמינינום); — האַרקאַווי 308 ברענגט: קערן (מאַסקולינום) און דעם דעמינוטיוו קערענדעל (נעווטרום); — מה״ר (לעק' 122): kërne, kërn (מאַסקולינום); — נה״ר: kern (אויך מאַסק'). צוזאַמען מיט'ן פאַרלוסט פון נ-סופיקס איז דער וואַרשעווער ווקאַבעל געוואָרען פעמינינום (לויט'ן כּלל, וואָס איז גילטיק אויך פאַר נה״ר)[11]. —

---

[1]) ז״ו 66, 75, 83, 168, 185, 212. — [2]) נאָך נאָכוואָקאַלישען ‏ן. — [3]) 90. — [4]) 63, 8. — [5]) 62, 88, 162, 205, 212; 53, 87, 113, 116, 147, 152, 166, 206; 172, 187. —

[6]) בפירוש, אַלס סינגולאַר (מאַסקולינום), אין טופעלער באַטייטונג: a) תּבואה (ячмень); b) אַ געשוויר אַפּ'ן אויג. — האַרקאַווי 169 ברענגט אַלס סינגולאַר: גערשט (פעמינינום), אַלס פּלוראַל — גערשטען. אויך אין וואַרשע: געיושט (סינג.) — געיושטנג (פּל.); אין נאַדאַראָזשין: געיעשט — געיעשטנג. —

[7]) = שאָטן. — [8]) 56, 66, 71, 133, 183; 111, 162, 207; 76, 188; 8, 63, 164. —

[9]) די צוויי אויך אין קרעמעניץ. דאָס ערשטע — האַרקאַווי 84; דאָס צווייטע — האַרקאַווי 102, אין געשטאַלט: גילדען (15 קופּיקעס). — [10]) ווילמאַננס II 302. —

[11]) אין קרעמעניץ איז באַקאַנט נור: קעירל (ליפשיץ 200: קעירל). דאָס איז דעמינוטיוו צו קערנג, אַזוי ווי פלעקל, שטעקל, געיאַטל, קעסטל, אייוואַלי, בייגאַלי, וועיגאַלי, מעיגאַלי, קישאַלי זענען דעמינוטיוון צו די אויבען געבראַכטע נומינאַ מיט נ-סופיקס. —

2) העברעישע סובסטאַנטיווען פאַרלירען אין דער פאָלקס-אויסשפּראַך דעם נאָכקאָנסאָנאַנטישען אומבאַטאָנטען וואָקאַל, וואָס פאַר דעם אויסלויט-ן, און דער נאַזאַל נעמט-אָן סאָנאַנטישען כאַראַקטער.— צ. ב., אין קרעמעניץ:

נאָך די ציטערלויטען: אַרן, אָרן, זיקאָרן, כּיסאָרן, קערן; באַלן, טפילן [1]; — נאָך די לאַביאַלע ספּיראַנטען: אויפן, דאַלפן, כאַלפן, צאָפן; כעשוון, מעיוון, סיוון, עיוון-טוו [2]; — נאָך גוטוראַלע: זאָקן, טיקן-כּצוס, מאַשקן, מישקן; ניגן; באַטכן, ביטאָכן, ניצאָכן, שאַטכן, שילכן-אָראַך, שאָכן [3]; — נאָך דענטאַלע: מכיטן, פּאַיטן; לאַמדן, נאַדן, פּאַכדן, פּיקאָדן; יאַכסן, כאָסן, ליוויאָסן, נאָסן, ניסן, קאַסן; אַקשן, באַישן, דאַרשן, לאָשן; ירגאָזן, כאַזן, ראַגזן; קאַמצן, קאַפּצן [4].

אַנמערקונג 4.— אַזעלכע ווערטער, ווי קַבְּרָן, פַּזְרָן, הַקְרָן, יַקְרָן [5] איז אפילו נישט גרינג אויסצורעדן מיט סונאַנטישען נאַזאַל. די סבה איז: די צוויי קאָנסאָנאַנטען פאַר דער ענדזילב — אין אַזאַ קאָמבינאַציע, צו וועלכער די יידישע שפּראַך-אָרגאַנען זענען נישט געוויינט. די וואָקאַלען ווערען, אים אַלגעמיין, נישט אויסגעבראָכט. צוליב דער שווערער אויסשפּראַך, קען מען זיי אַמאָל הערען נישט מיט -ן צום סוף, נור פּשוט -ען, -ין, אַלס ענדזילב.—

§ 91 — [אין פּליוראַל פון סובסטאַנטיווא].— 1) אין -ן ווערט פאַרקירצט, נאָך די אייגענע לויטען, ווי אין § 90 אָנגעוויזען, די פלעקסיע „-ען“, מיט וועלכער אייניקע נומינאַ בילדען דעם פּליוראַל.

למשל, אין קרעמעניץ: אָדאַרן, אויאַרן, באַרן [6], בערין, גוירן [7].

---

[1]) אַהֲרֹן, אָרוֹן, זִכָּרוֹן, הֵכָּרוֹן, קֶרֶן; בַּעֲלָן, תְּפִלִּין (ספּיוואַק-יהואש, 17א, 94, 238; 39, 274).— [2]) אוֹפָן, דַלְפוֹן, חַלְפָן, צָפוֹן, חֶשְׁוָן, מֵבִין, סִיוָן, אֶבֶן-טוֹב (l.c. 6, 59, 91, 228; 97, 139, 194, 2).— [3]) זָקֵן, תִּיקוּן-חֲצוֹת, מַשְׁכּוֹן, מִשְׁכָּן; נִגּוּן; בַּדְחָן, בִּטָּחוֹן, נִצָּחוֹן, שַׁדְכָן, שֻׁלְחָן-עָרוּךְ, שָׁכֵן (l.c., 79, 275, 176, 176; 182, 21, 26, 189, 250, 252, 256).— [4]) מְחוּתָּן, פַּיְטָן; לַמְדָן, נַדָן, פַּחְדָן, פִּקָּדוֹן; יַחְסָן, חָתָן, לִוְיָתָן, נָתָן, נִיסָן, כַּעֲסָן, עַקְשָׁן, בַּיְשָׁן, דַרְשָׁן, לָשׁוֹן; יִרְגָזוֹן, חַזָּן, רַגְזָן; קַמְצָן, קַבְּצָן (l.c. 151, 217; 134, 183, 217, 221; 109, 99, 132, 329, 186, 123; 210, 26, 61, 136; 112, 86, 241; 235, 229).— [5]) l.c. 230, 216, 95, 112.— [6]) ליפשיץ 55: באַר; הארקאווי 79: באַרנע.— [7]) געברויכט נור אין פּליוראַל [ליפשיץ 69: געהירן]:—

טאָטאַרן, כּויאַרן, טירן, טרעירן, יאָרן[1], מעירן, נימאַרן, נירן, על-טערן[2], כּאַפּירן, פלידאַרן, פּעידאַרן, רעירן, שנירן, שעירן; טאָלן, מילן, פּילן[3], קוילן, קנוילן, קרעלן, שוועלן, שטאַלן, שטילן, שטראַלן, שילן; — זײַפּן, רײַפּן, שיפּן, שלײַפּן, שרוופּן; עיוון[4]; — באַקן[5], בריקן, גליקן, זוקן, טוקן[6], טערקן, לוקן, פּוקן, פּלעקן; אויגן, וועיגן, כּאַגן[7], פּליגן, צוואַגן[8], ציגן, קעיניגן, רויגן[9], ריטאַגן[10]; וווכן[11], זאַכן, טאַכן[12], יווכן, ציכן, שפּראַכן; — אָוונטן, בריליאַנטן, גיבליטן[13], וועלטן, גישעפטן, דימיטן, ווינטן[14], זאַטן[15], מינוטן, נעיסטן, צאַטן, קאַטן[16], קייטן, קליעיטן, קנויטן, קעלטן, שויטן[17]; אידן, מײַדן, פּאַלדן, שווערדן; אוקסן, ביקסן, גאַטן[18], פּיקסן, שוסן[19]; אויזן, אָזן[20], גראַזן[21], גראָזן, פּראַנצויזן, קעיזן, רײַזן, ריזן; המנטאַשן, טישן, לוקשן, ערשן[22], קוישן, דאַטשן, מענטשן; וואַנצן[23], טאַצן[24], כּאַרצנצן, ניצן, פּאַלאַצן, פּעלצן, קרעכצן, שפּיצן.

אין וואַרשע: „געלטן“[25] (הארקאווי 107 „געלדער“), „פּאַשן“[26] (הארקאווי 256: „פלעשער“). — אין לובלין (אין מויל פון קינדער): „פּערן“[27]. —

2) אויך אײניקע העברעישע סובסטאַנטיוון האָבן פּלוראַל אַף

---

[1]) „די יאָרן גייען אוועק“, „אַ צײַט מיט יאָרן איז פון אים קין שום ידיעה ניטא געווען“; — אובער: „5, 10, 20, 50 יאָר“ (אויך פּלוראַל). — ר״ר שלמה עטינגער אין זײַנע „משלים“ (ס״פּ פּעטערבורג, תרמ״ט): „יאַהרען זעה איך קומען, יאַהרען פליהען“... (ז' 175); און: „ווי דימענטען און בריליאַנטען קלאָר, זעגען בײַ דעם טעניט די קינדער-יאַהר“ (ז' 153). — [2]) בלויז פּליוראַל. — [3]) ליפּשיץ 159. — [4]) „היון“ (נור אין פּליוראַל; זעי הארקאווי 127. — [5]) איבער צו בוק — פּליוראַל: בעק (הארקאווי 178). — [6]) ליאַלקעס (ליפּשיץ 102). — [7]) צו: וועיג, פּמג. — [8]) צווײַגן. — [9]) ליפּשיץ 203 ברענגט דעם סינגולאַר: רויג; הארקאווי 314 — בלויז דעם פּליוראַל. — [10]) שטײַגן. — [11]) אובער: „לעכעך“. — [12]) טײַכן. — [13]) נור אין פּליוראַל. ליפּשיץ 68: געבליטן. — [14]) אובער: „קינדער, רינדער“. — [15]) ווײַטן. — [16]) צײַטן, קאַרטן. — [17]) הארקאווי 324 — [18]) אובער: „פּעסאַ“, „פּעסאַ“. — [19]) איבער: „שלעסער“. — [20]) הויזן, האָזן. — [21]) גרײַזן. — [22]) הערשן. — [23]) אובער: טענץ, קרענץ, שווענץ. — [24]) אובער: קעץ (הארקאווי 297). — [25]) צו „געלט“. — [26]) צו „פּלאַש“ (אין קרעמעניץ: פּלעשאַ). — [27]) פּליוראַל צו פּעיאַט (פערד). —

וו •.— צ. ב.: הִשְׁתַּדְלוּתן, הִשְׁתַּנוּתן, הִתְהַוְּיבוּתן, הִתְמַנוּתן, הִתְנַצְּלוּתן, מַחְלוֹקֶתן [1]), (ספּיוואַק-יהואש 71, 72, 152); איצאָיסן [2]) (וואַרשע) [3]). —

§ 92 — [אַלס סופיקס פון פעמינינום]. — אַלס -ן טרעט, נאָך די דערמאָנטע לויטען, אין יידישען אויף דער סופיקס „-ין" [4]), וועלכער בילדעט פעמינינאַ פון מענליכע נאָמינאַ [5]).

[1]) אין פוילישען יידיש איז דער סופיקס זייער פּאָפּולעריש.— אַזוי, אין וואַרשע, למשל, הערען מיר:

אַבערעינגורן, אָוסבערעינגורן [6]), אַרביטאָרן [7]), בעיטלורן [8]), בעקירן [9]), גיווינורן [10]), גייורן [11]), געגנדזלורן [12]), דוקטורן [13]), פאַדינורן [6]), הענדלורן [12]), (וואַנהענדלורן, מעיבוהענדלורן), העלפורן, מיטהעלפורן [14]), וואַרטאָרן [11]), וואַרטן [15]), וועלגורן [16]), וועשן [17]), זאָגורן [11]), זוופורן [6]), פאַזורגורן [6]), זייגורן [18]), צוויגורן [19]), טיקורן [11]), טרעפורן [11]), ליגנורן [6]), לעירורן [12]), לעיקוכן [20]) (גנבטע).

---

[1]) די זילב „-ות" — אין קרעטעניץ, אין וואַרשע אויסגעשפּראָכען: „-יס".— [2]) צו: הוצָאָה (ספּיוואַק-יהואש 63: הוצָאות).— [3]) ליניעצקי 67 זוגאַר: לשונות'ן.— [4]) = אינדוגערמאַנישען ini-, גאָטישען ini-, אהד in-, מהד inne-, נהד in- (ווילמאַננס II 309—311). — [5]) הויפּטזאַכליך זיינען דאָס פעמינינאַ צו מענליכע נאָמינאַ אַפּעלאַטיוואַ מיט סערוענליכער באַטייטונג (ווילמאַננס l.c.). —[6]) ד"ה פרויען מיט באַשטימטער איינגעשאַפט; אָבער דורכאויס ניט ווייבער פון מענער מיט די איינגעשאַפטען. — [7]) אַ פרוי, וואָס אַרבעט. צו „אַרבעטורו" (אַלזו, מיט פאַרלוירט פון איין ר). — [8]) „אַן אָרימע פרוי"; אָדער „אַ פרוי, וואָס בעיטלט" (ניט ווייב פון אַ בעיטלער!). — [9]) אַ בעקערס אַ חייב; אָדער אַפרוי, וואָס פירט אַ בעקעריי. — [10]) ד. ה. קימפּעטאָרן (קיין אַנטשפּרעכענדיק מאַסקולינום ניטאָ). — [11]) אין דער באַטייטונג: אַ פרוי מיט דער פּראָפעסיע, אף וועלכע עס ווייזט-אָן דער שורש פון וואָרט. — [12]) ווייב פון איינעם, וואָס געהערט צו אַ פּראָפעסיע, אף וועלכע ס'ווייזט אָן דאָס וואָרט; אָדער — פרוי, וואָס הוט אַליין די פּראָפעסיע. — [13]) ווייב פון איינעם, וואָס באַשעפטיגט זיך מיט דעם פאַך, אף וועלכען ס'ווייזט-אָן דאָס וואָרט; — [14]) איינע וואָס העלפט, וואָס העלפט מיט. — [15]) פרוי פון אַ הויזאייגענטימער; הויזאייגענטימערין. — [16]) אַרבעט בא מגהזעלגערן. — [17]) וואַשט וועש. — [18]) די, וואָס זייגט אַ קינד: די סוטער, צי אַנאַם. — [19]) מיטהעלפערין. —

[20]) צו לעיקוך (גנב) [אין דער גנבים-שפּראַך: ליקאָכענער (גנב איבּ אַלגעמיין)].

מאַכורג[1], גורסעט־מאַכורג[2], גליז־מאכורג[1], וועסטל־מאַכורג[3], כשופּנ־אַכורג[1], מיאַכמאַכורג[4], קאַשימאַכורג[5], קראַוואַט־מאַכורג[2], מאַגורג[1], מערדורג[1], נאַשורג[1], נייטאָרג[2], סאַרוורג[2], פליישורג[5], פליקורג[6], פעלדשורג[5], פרעסורג[1], צאַלורג[1], צוברג[1], קאַאלורג[7], קאַ־ג[2].

---

אין קרעמענ‍יץ זאָגט מען פון א גוי (צו א גויע) אין זיין (אין איר) אָנוועזנהייט, ער (זי) זול ניט פאַרשטיין: „ר'עט (ז'עט) ניך עפּיס צילאַקבינין", „עיא (זי) אוט'אָס „צוגילאַקבנט"; „ר'איז א לאַקבנ", „ז'איז א לאַקבנטי". אויך פון א ייִדען, אין זיין אָפּוועזנהייט, געברויכט מען דורט, אלס איידעלערע פורם: „ר'וט אַוועגילאַקבנט דים לעפל". מ'קען שטראָפן עמיצען אין די אויגען, א'בער אויסדריקען זיך עופעמיסטיש: „אוסטי אייסט'יס, פּרוסט־פּשוט דאָס מעסל צוגילאַקבנט!?"; „ביסטי, אייסט'יס, פּרוסט־פּשוט א לאַקבן!?" — אויך געברויכט מען אין קרעמענ‍יץ פורמען מיט t אַנשטאָט k: לאַטכן, לאַטכינאַ, לאַטכנטי (גנבינא), לאַטכינין (ווערבא).

ספיוואַק־יהואש ז' 136: לקחען, לקחענען (ווערבא); ז' 129: לאַמהען, לאַטחענען (ווערבא). — הארקאווי 181: לאַטכער (גנב), לאַטכען (גנבענען).

אין דער דייטשישער גנבים־שפּראַך: לעקאַך, לעקיכע, לוקאַך (גנבה); לעקיכע מאַכען, לוקעכנען, לוקעאַכען, לעקיכנען (גנבענען); לעקיכער (גנב) [אווע־לאַללעמאַנט IV 566]; — און: לאַטכענע [(גנבענען), לאַטכענער (גנב) 565 l. c.].

די פורמען מיט k הובען אלס שורש דאָס העברעישע לָקַח. — די פורמען מיט t וויל אווע־לאַללעמאַנט אַרויספירען פון בעהמישען lat', latka (פוילישׁ łata, דייטשיש Latte), און דערקלערט: „לאַטכענען — מיט דער לאַטע, מיט'ן דרונג אַריינרייסען זיך". מיר דאַכט, אובער, אז אויך דאָ איז דער שורש „לקח". דער איבערגאַנג פון ק אין ט איז אפשר דערשיינונג פון אַסימילאַציע [דענמאָלט נאָוואָל (אין דער ענדונג ־ען, ־ענען, ־ענער) דערנייִנט צו זיך ד,ס k, וועלכער גייט דאַדורך איבער אין צאָן־עקספּלאָזיוולויט]; אודער פילייכט גאָר — פון דיסימילאַציע [גוטוראַלער ספּיראַנט שטויסט־אַרויס דעם אומואיגאַנען פּאַלאַטאַלן?] —

[1]) זעי אָנמ' 6 אַף ז' 99. — [3]) זעי אָנמ' 11 אַף ז' 99. — [4]) אין וואַרשע זענען בא חעסטען־נייען באַשעפטיגט כמעט אויסשליסליך פרויען. — [4]) דאָס ווייב פון מיאַכמאַכו [מיאַך — פוילישׁ miech (בלאָזאַק)]. — [5]) זעי אָנמ' 12 אַף ז' 99. — [6]) אין וואַרשע אַרבעטען די פליקערנס אין די יאַטקעס, ווו זיי פליקען־אָפּ די געשלאָכטענע עופות. — [7]) קאַאַלו (קצלער) הייסט אין וואַרשע א קצב. דאָס לעצטע ווארט ווערט

קוואַטורן, קויכורן[1]), פּאַקויפּורן[1]), קינפּעטערן[1]), שווינדלורן[1]),
שופּמפּעלורן[3]), שטיקורן[3]), שוועיגורן, שלסטורן[4]), שלאַאַסורן[5]),
שלעפּורן[1]), שב[illegible]דורן[6]), שעינקורן[6]), שראַאַבורן[4]), א. אַ. וו., אַ.
אַ. וו.[7]). —

---

אין ווארשע חייניק געברויכט. אין דער פּוילישער פּראָווינץ, דאַגעגען, רופט מען קאַ-
אַלע, קאַאַלאַ נור קריסטען. אַ ייד איז - קצב. אין אייניקע שטעטלעך (למשל,
אין קראַסנאָסטאַוו, לוב. ג.) לאַכט מען, דעריבער, פון דער ווארשעווער „קאַאַ-
לו". — [1]) זעי אָנמ' 6 אף ז' 99. —

[3]) „שופּמפּעלו"—אין לשון פון די ווארשעווער גנבים: „אַ גנב, וואָס גייט
איבער די קראָמען, כלומרשט אַלס קונה, און גנבעט דערביי סחורות". צו דער ספּע-
ציאַליטעט דאַרף מען, נאַטירליך, זיין באַזונדערס פלינק אף דער האַנט. על-פּי-רוב
זענען יונגע פרויען „שופּמפּעלורנס". — דאָס וואָרט איז אין ווארשע אַ ביסל
אַרויס פון גנבים-זשאַרגאָן, ס'איז באַקאַנט אויך די קלענערע קרעמערס. אַ
ווארשעווער קרעמער וועט אַנדערש נישט זאָגן: „אוי, די נאַפקע? יאָך קען זי צווי-
גיט: ס'איז אַ באַוויסטע שופּמפּעלורן". —

[3]) זעי אָנמ' 11 אף ז' 99. — [4]) זעי אָנמ' 13 אף ז' 99. —

[5]) די, וואָס פליקט פעדער (пухъ) פון די פעדערן. — פון ווערב שלאַאַסן
[אברהם טענדלאַו ז' 70 ברענגט: Schleissen, און ווייזט-אָן, אַז דאָס איז אַנ'-
אויבערדייטשישער וואָקאַבל מיט דער באַטייטונג: „abnützen, reissen"
מה"ד (לעק' 233): slîzen (שטאַרקער ווערב, מיט דער טייטש: „שפּאַלטען, רייסען,
צורייסען"). — דעם אַדיקטיווירטען פּאַרטיציפּ פּרעטעריטי פון דעמדוזיקען ווערב הערן מיר
אין רעדענס-אַרטליכען אויסדרוק: „אָגירישן-אָגישלישן" (קרעמעניץ), ד. ה. „קרועה
ובלויה". — [6]) זעי אָנמ' 12 אף ז' 99.

[7]) אָנהייב 1915 האָב איך שוין געהערט אין ווארשע, אין טייל פון פּולק [פון
ווארשעווער, סובאַטשעווער, קערנוזיער, אוסטילינער; נישטעטער (ראַוו. א.) א. אַ. וו.]:
היימלוזורן, היימלוזערן [צום סובסטאַנטיווירטען פּלעקטירטען אַדיעקט: היימלוזו,
היימלוזע].

באַ עטינגערן, וואָס איז געווען אַנ'אויסגעצייכענטער קענער פון דער פּויליש-יידישער פאָלקסשפּראַך, געפינען מיר: איינבערענגערען, וואַרטאָרען, זאָגערען, חן-מאַכערן (קוקעטע), קימפּעטאָרען, קלאָגערן, קעכין, קרעמערין
[c.) ז"ז 218, 149, 68, 142, 149, 68, 209, 195). —

אין מיירען: וואַרטהאַנעסטן (זיי אויבען ז' 26). —

אויך [1]): איטאַליענורנ, טאַרקנ [2]), ענגליענדורנ, ריסנ וכ׳;— בערליינורנ, ווינורנ, פּאַריזשורנ, וואַרשעוורנ׳ קיטנורנ, לודזשורנ, לובלינגורנ א. אַ. וו.—

אָנמערקונג 1. — על פּי רוב, ווי מיר זייען, ווענן דאָס פּעמינינאַ צו מאַסקולינאַ אַף -ל [==דעם ליטעראַרישען -ער, ==אה״ד âri, מה״ד aere-, נה״ד ־ער]. — אין טה״ד איז די צאָל אַזעלכע פעמינינאַ געוועען גאַנץ גרוים. אין נה״ד היבען טלע סובסטאַנטיוואַ אַף er- לעבען זיך פעמינינאַ אַף erin- (ווילמאַננס II 312). דאָמאַיגענע לווט זיך זאָגען פון פּוילישען יידיש, וו צו איטליכען גומען אַף -ער (==אין די מ״ט: -ל, -אַ, -ע, -ער) ווערט געבילדעט אַ פעמינינום אַף -ערנ (אין די מ״מ אויך: -ורנ, -אַרנ).

אָנמערקונג 2. — מיט דעם נ-סופיקס קונקורירט אין פּוילישען יידיש דער ־קע סופיקס. אין וואַרשע: אַדוואָקאַטקע [3]), דענטיסטקע, וואַכטוקע, וועלגו־קע, נאַפּטשיקע [4]), סטוליעקע, פּאַסוקע [5]), פּיצוקע, היטנפּיצוקע, פּישוקע, פּריזיקע [6]), קעפּטשיקע [7]) א. אַ. וו. [8]). [אַזעלכע ווערטער, ווי: וועשנ, קאַכנ, שוועיגורנ, הובען קיין נעבענפאָרמען אַף -קע ניט].

אין פּולטוסק הוט איטליכט פעמינינום אַף -ערנ לעבען זיך אַ פּאַראַלעלע פורם אַף -עקע.— צ. ב.: בעקערנ — בעקעקע, ליגנערנ — ליגנעקע [9]), שליסטערנ — שליסטעקע [9]), שנאַדערנ — שנאַדעקע, א. אַ. וו.; — אָבער: לעירעקע (ניט לעירערנ) [10]).

אין דרילטש: אַאַבערינגערנ — אַאַבערינגעקע, אוסבערינגערנ — אוסבערינגעקע, בעיטלערנ — בעיטלעקע [11]), וועלגערנ — וועלגעקע [9]),

---

[1]) פעמינינאַ צו איינגע-נעימען, וואָס באַצייכענען די צוגעהעריקייט צו שטאָט, לאַנד, שטאָדט (ווילמאַננס II 312). — [2]) טערקין. —

[3]) -קע (מיט געשלאָסענעם e) איז דאָ די פּוילישע ענדונג -ka [זעי Gramatyka historyczno-porównawcza języka polskiego, przez Dra. Antoniego Małeckiego.—Lwów 1879.—T II str. 43—44. — [4]) צו נאַפּציטויש (פּויליש: natciarz) — נאַפטהענדלער; — [5]) אויפקויפעריך פון גנבות. — [6]) וועגען פּולשטענדיקען פאַרלוסט פון r זעי אויבען § 24. — [7]) איינע, וואָס האַנדעלט מיט קעפּ פון געשלאַכטענע בהמות. — [8]) אין קרעמעניץ: לעיראַקי (לעירערין), שנאַדאַקי. — [9]) פון דער גומען — די צווייטע פורם פּאָפּולערער. — [10]) וועשנ, שוועיגערנ — הובען קיין פּאַראַלעלע פורמען ניט. קעכנ — אין פּולטוסק אומבאַקאַנט. מ׳געברויכט: דינסט. — [11]) דער וואָקאַבל בעיטלע ווערט אין דרילטש ווייניק געברויכט. מ׳זאָגט — „אָרימאַן״; אַ קרעמט — „זשאַד״. —

זאָגערן — זאָגעקע, פאַזורגערן — פאַזורגעקע[1], מאַכערן — מאַכעקע, פּשופּמאַכערן — פּשופּמאַכעקע, צאָלערן — צאָלעקע, שטריקערן — שטריקעקע, שיסטערן — שיסטעקע, שלאַאַסערן — שלאַאַסעקע, שלעפּערן[2] — שלעפּעקע, שנאַאַדערן — שנאַאַדעקע[3]. — אויבער: בעידערן בעקערן, גיווינערן, העלפּערן, וואַרטאָרן, וועשן, זוופּערן, זײַגערן, טרעפּערן, ליגנערן, מערדערן, נאַשערן, נײַטאָרן, פּרעסערן, קאַכן, קימפּעטאָרן, שוויגערן, שעינקערן, שראַאַבערן, — אָהן פּאַראַלעלישע פאָרמען אויף -קע. — און: מאָנעקע, פּליקעקע, שווינדלעקע, שפּאַנדירקע[4] — אָהן נעבענפאָרמען אויף -ן. —

די וואַרשעווער: מאַיסטרוּווע[5], האַפּציאַקע[6], פּשעקופּקע[7], רײַפּוקע[8], זענען פאַר אונז די פּויליש ע: majstrowa, hafciarka, przekupka, rajfurka. —

אַנמערקונג 3. — קײַן פעמינינא צו נעמען פון חיות הערען מיר אין וואַרשע נישט מיט דעם סופיקס -ן. — דערהויפּט איז אין מויל פון פאָלק אין וואַרשע צו באַגעגענען בלויז איין פעמינינום פון דעם קלאַס: אינדיטשקע („צו אינדיק“), — אַלוו, מיט דעם סופיקס -קע. — דאָס לווט זיך דערקלערען דערמיט, וואָס יענע חיות און פייגעל, מיט וועלכע ס'קומט דעם ייִדען אויס אופט צו האָבען צו טון, הובען מערסטענטיילס באַזונדערע נעמען פאַר ער און זי, — אַזוי: אוקס — קו, צאַפּ — ציג (עפּטער: קוזע), בוק — שעפּס, קאָטער — קאַץ, האָן — הין, גאָנער — גאַנז, קאַטשור — קאַטשקע[9]; פאַר אַנדערע חיות און פייגעל, ווידער, דאַרף דער ייִד נישט קײַן דיפערענצירטע נעמען, ווײַל, ווען ס'קומט אים אויס זיי צו דערמאַנען, הוט ער דערבײַ נישט אין זינען דאָס געשלעכט[10]. —

2) אין שיעדלעץ: אויסבערענגאַרן, אַנגעיאַרן, (און אַנגעיאַקע), אַרביטאָראַרן, בעטלאַרן, בעקאַרן, גיווינאַרן[11], וואַרטאָרן (און: וואַר-

[1]) פּופּולערישער אין דריליטש די פאָרם אויף -קע. — [2]) דידוזיקע פאָרם אין דריליטש פּופּולערישער. — [3]) „ווערטן, טיקערן, לעירערן“ — אין דרילטש אומבאַקאַנט. — [4]) = אויסבערענגערין (צו „שפּאַנדירע“). — [5]) דעם מײַסטערס ווײַב. — [6]) שטיקערין. — [7]) גאַסהענדלערין, מאַרקזיצערקע. — [8]) מעקלערין בײַ דינסטן. — [9]) פעיוט (פערד) — אַלגעמיינע פאָרם. אוגור (פּויליש ogier) — נישט קאָנטראַרטער „ער“, קאָבילי (פּויליש Kobyla) — „זי“. — [10]) אין טהיר איז געווען פאַרהעלטניסמעסיק פיל פעמינינא אויף -in צו חיות-נעמען. אין דער נה"ד שפּראַך איז זייער צאָל נישט גרויס (ווילמאַננס II 313). — [11]) אַלטע ווײַבער געברויכן דאָס וואָרט. —

טאָפּקע), ווײַנאַרן, טיקאַרן, מאַכאַרן (עפּטער: מאַכאַקע), נעיטאָרן, קימפּעטאָרן, קלאָגאַרן (און: קלאָגאַקע), קנעיטאַרן[1]) (ווײַער זעלטען; נורם: קנעיטאַקע), שיבאַרן[2]) (איך זעלטען; עפּטער: שיבאַקע), שענקאַרן, א. אַ. וו.

אָנמערקונג 4. — פּאָפּולערישער איז אין שיעדלעין די ענדונג ‑קע, — אַזוי: בעידאַקע, וועלגאַקע[3]), זוופּאַקע, ליגנאַקע[4]), כשופמאַכאַקע, נאַשאַקע[5]), איטנפּיצאַקע[6]), פּישאַקע, פרעסאַקע, קרעימאַקע, שווינדלאַקע, שליסטאַקע, שלעפּאַקע, שנאַדאַקע, וכ׳. —

3) באַ ליפּשיצן געפונען מיר נישט קיין סך סובסטאַנטיוון מיט דעם סופיקס[7]). — צ. ב.[8]): געווינערן, וואַרטאָרן, זײַגערן, חן-מאַכערן, נאַשערן, נעיטאָרן, פּ....ן, קימפּעטאָרן, שוועיגערן[9]). — דער אויטאָר פאַרצײַכענט נישט זוגאַר אַזאַ וואָקאַבעל, ווי (אין קרעמענעצער טראַנסקריפּציע): אַרביטאָרן[10]).

אָנמערקונג 5. — אין אַנדערע ווערטער פּרעט באַ ליפּשיצן אויף דער סופיקס ‑נע: וועשנע, קעכנע[11]). —

באַ אַקטענפעלדן l. c.: קימפּעטאָרין, שענקערין[12]).

אין יואל ליןנעצקיס „דאָס פּוילישע יונגעל"[13]): בעדערין, זאָגערין, פורזאָגערן, טיקערין, נאַשערין, שפּרעכערין (און: שפּרעכערקע)[14]), אַ. אַ. וו. [אויך: „קעכני"[15])][16]).

[1]) באַ מצות. — [3]) פּעמינינום צו שיבאַ (שיבער) [דאָס איז דער הויפּטבעקער: ער זעצט די מצה אין אויוון אַרײַן]. — [3]) באַ מצות. — [4]) אין קרעמעניץ: ליגנאַטי (זול דאָס זײַן דיאַייִגענע ענדונג, מיט וועלכער מ׳בילדעט פּעמינינאַ פון העברעישע סובסטאַנטיוון? אודער פּשר אונז איז די דערשײַנונג פון דיסימילאַציע: דער ג שטופּט‑אַרויס דעם ק פון דער ענדונג, וועלכער גייט‑איבער אין ט?). איך קען מען הערען אין קרעמעניץ: מאַכאַטי. — [5]) אין קרעמעניץ: נאַשאַרן און נאַשאַטי. — [6]) אויך: מודליסטקע. — [7]) אין די דרום‑רוסלענדישע פּ"ם קומט ער איבערהויפּט זעלטען פור. — [8]) 69, 89, 95, 100, 131, 133, 161, 187, 209. — [9]) קיין פּעמינינא אף ‑ן צו זועלכע נעמען, וואָס באַצײַכענען צוגעהעריקייט צו שטאַט, לאַנד, שטאָדט, געפינען מיר באַ ליפּשיצן נישט, ער ברענגט אין זײַן ווערטערבוך איבערהויפּט קיין שום אייגענ‑נעמען נישט. — [10]) צו אַרביטאָרא (ליפּשיץ 45: אַרביטאָרער) [מיט פאַרלוסט פון דער זילב ‑ער‑]. — [11]) 93, 200. — [12]) ז"ז 34, 2. — [13]) „אדעסא. פערלאַג פאן פערין בלאמניצקי... תרל"ה". — [14]) 13, 9, 19, 13, 13, 19 (28). — [15]) ז׳ 57 [אין קרעמעניץ: חעשנע, קעכנע]. — [16]) און פּאַטשטאַרקע (ז׳ 91). —

אַנמערקונג 6.— אײן פעמינינום צו טירנעמען נוטירט ליפשיץ: הינ-דיטשקע[1].

4) באַ האַרקאַווין זענען פאַרנאָטירט[2]:

געווינערין[3], פוצהענדלערין, ווירטהין, וועשערין (אויך: וועשערקע), טוקערין (אויך: טוקערקע), פוצמאַכערין, נעטערין, צויבערין, קייזערין, קעכין (אויך: קעכנע), קעניגען, שוועגערין, שנײַדערין (אויך: שנײַדערקע), שעפערין, שפינערין;—אויך (פעמינינום צו נעמען פון חיות): עזעלין[4], (און: עזעליכע)[5].

אַנמערקונג 7.— פעמינינא מיט k-סופיקס באַ האַרקאַווין[6]: וואַר-טערקע (=האַרטאָרין), זאָגערקע, טהוערקע, טענדלערקע, טענצער-קע, מאַכערקע, מאַרקיזערקע, סטאָליאַרקע (אויך: סטוליערקע), שמוק-לערקע[7];—מיט ch-סופיקס[8]: לײַביכע[9].

5) אין איציק פײַטעל שטערנס „מררשםפד"[10] געפינען מיר די פאָלגענדיקע אַרטיקלען, אין וועלכע עס קומען-פאָר פעמינינאַ אַף ־נ

1) ז' 85.— 2) 106, 238, 146, 148, 164, 238, 215, 284, 303, 307, 308, 323, 338, 339, 340.— 3) מאַסקולינום: געווינער— גאָר מיט אַנ'אַנדער באַטײַטונג (דער, ווער עס געווינט — געלט, אַ פּרוצעס וכ').— 4) 224.— 5) באַ מיכל גורדון („יודישע ליעדער". וואַרשע. 1889): בעדערין, שנײַדערין, שוסטערין (ז' 55).— 6) אויסער די דרײַ אויבען שוין געבראַכטע.— 7) 142, 149, 162, 166, 166, 192, 353, 218, 336.— 8) אויסער דעם אויבענגע-בראַכטען.— 9) 185.—

10) דרוקפעלערדיק. ס'דאַרף זײַן: „מדרש ספר".

דער גאַנצער טיטעל פון דעם בוך (לויט דעם צווייטען אויסגאַב, וועלכען איך האָב אין מײַן ביבליאָטעק):

„מררשםפר, לתנהקדש אשקנז ואשקנס לתנהקדש.

„LEXIKON der jüdischen Geschäfts- und Umgangs-Sprache von Itzig Feitel Stern. — Jüdisch deutsch und deutsch jüdisch. —

„MEDRASCH SEFER (ass mer habst Kenservaziums-jexekum). Minha Lus-nekodesch aschkenas ve aschkenas Lussnekodesch. — Bes Plaget. Ei kizer Dakdek, luss-nekoudisch ze lamdene, Chittisch Meloche vun Itzik Feitel Stern. —

אויס די ייִדישע מ"מ פון „פראַנקען, באַיערן, שוואַבען, הע-
סען און דעם אַמאָליקען דײַטשישען ריין" [1], אין ערשטען
פערטעל פון 19-טען יאָרהונדערט [2].

| | |
|---|---|
| Bechte[3], cGriefin[4], dien Grofen seyhn Isshe. | ז' 19: |
| Beth sog[5], Gattin, Ehgattin. | ז' 21: |
| Dukese[6], Ferstin; Herzogin. | ז' 31: |
| Gallachte, Pfarrerin. | ז' 34: |
| Gefire[7], Gemahlin, Gattin, Frah[8]. | |
| Gissise,[9] Schwägerin. | ז' 35: |
| Gwinerin[10], Kindbettere[11], Gebärerin. | ז' 37: |
| Ifmes[12], Brudersfrah, Schwägerin. | ז' 41: |

„Jüdisch af deutsches unn deutsch af jüdisches Kenservaziums-Lexekum van Itzik Feitel Stern, beduchen Sophri Jehudim". —

[דער ערשטער אויסגאַב איז אַרויס אין מינכען אין יאָר 1833 (זעה נויבויער טאַללעמאַנט III ז' 239); דער צווייטער—אין לייפּציג אין יאָר 1859, אַלס בינער טייל פון שטערנס „געזאַמעלטע שריפטען"]. —

[1]) „מרשבפדר" ז' 7. — [2]) דאָס ערשטע ווארט איז אין די טרמיקלען ט העברעיש, די איבעריקע—ייִדישע דערקלערונגען. — [3]) פּעמינינום צו פֶּחָה—גובערנאַטור, פּאַשאַ („מלון של כים" 926). — [4]) גוּלְפֶּן (—גרעיפען): אין די ייִדישע מ"ם, וועלכע זענען פאַרמערטען אין שטערנס ביבעל, געפינען מיר ? מיקענען לאַנגען e פון אַנדערע ייִדישע מ"ם (למשל, פון די פּוילישע), אין דיזעלביקע גרע-נעצען, ווי אין דער וויינגערוווער מ' („זאַמעלביכער II 258 א.וו.). — [5]) — בַּת-זוּג („מלון של כים" 245). — [6]) פעמינינום צו דוּכָּס (דער מאַסקולינום—„מלון של כים" 163, ספּ' יהואש 57). — [7]) גְבִירָה (ספּ' יהואש 47). — [8]) —פרוי. [מה"ד vrouwe, vrou א. אַ. וו. (לעק' 356—357]. — [9]) גִיסָה („מלון של כים" 120). — [10]) דאָס ייִדישע ווארט פון דייטשישער אָפּשטאַמונג איז ניט ריכטיק פאַרמגעשטעלט צווישען די ווקאַבלען מיט העברעישען שורש. — [11]) דרוקפעהלער: די ענדונג דאַרף דאָ זיין: in—. — [12]) יְבָמָה (אווע-לאַל. IV 379). —

Igeret, e T e u f l i n, dien Suten sein Frah.
Ioledisch [1], K i n d b e t t e r i n.
Keserte, K a i s e r i n. ז' 45.
Klafte, H ü n d i n. ז' 46:
Korohfa [2], F r e u n d i n, Base [3]) ז' 47:
Malke, K ö n i g i n. ז' 52:
Melechte, K ö n i g i n. ז' 58:
Meschorse [4], Magd, D i e n e r i n. ז' 60:
Natke [5], Hur, E h b r e c h e r i n. ז' 64:
Napchete [6], e S c h m i e d i n. ז' 65:
Noafte [7], E h b r e c h e r i n. ז' 66:
Nozret, e N a z a r ä e r i n, d. i. C h r i s t i n.
Ossen [8], die E s e l i n. ז' 68:
Pillegsche [9], Kebsweib, Matress, Z u h ä l t e r i n. ז' 69:
Pokete [10], A m t m ä n n i n.
Schiffche, K ö c h i n, Magd. ז' 73:
Talmede, S c h ü l e r i n. ז' 79:
Uhefe [11], F r e u n d i n, Geliebte. ז' 81:
Tufne, S p i n n e r i n.

---

[1]) יוֹלֶדֶת (ספּיוואַק-יהואש 105). —

[2]) קרוֹבָה (ספ׳-יהואש 237). אין קרעמעניץ, ווי אין דער היינטיקער ליטעראַרישער יידישער שפּראַך, ווערט דער וואָקאַבעל געברויכט אין זין: „פ ע ר וו אַ נ ד ט ע“ (ר׳ родственница; פ׳ krewna). אין וואַרשע באַניצט מען אים נישט. פאַר׳ן בעגריף „פערוואַנדטער, פערוואַנדטע“ דינט אין וואַרשע דער וואָקאַבעל מִשְׁפָּחָה („מאַנס אַ שטיקל משפחה“ — דעם קרעמעניצער „מאַנס אַ קרוב, מאַני אַ קרובה“). אין דרום-רוסלאַנד (זעי אויך ליפשיץ 127) ווערט „משפחה“ געברויכט אין דער ריכטיקער העברעישער מיינונג: ר׳ семейство, פ׳ rodzina. —

[3]) מה״ד, נה״ד Base. — [4]) פעמ׳ צו מְשָׁרֵת (דער מאַסק׳ — „מלון“ 654, ספּיוואַק-יהואש 178). — [5]) נְפֵקָה („מלון“ 708; ספ׳-יהואש 188). — [6]) פעמ׳ צו נַפָּח. — [7]) פעמ׳ צו נוֹאֵף (דער מאַסק׳ באַ ספ׳-יהואש 183). — [8]) אָתוֹן („מלון“ 67). — [9]) פִּלֶגֶשׁ (l.c. 218). — [10]) פעמ׳ צו פָּקִיד (דער מאַסק׳ — „מלון“ 959). — [11]) אֲהוּבָה. —

אַנמערקונג 8.— קיין קאָנקורענצפֿיקסען טרעפֿען מיר בײַ דעם פֿאַרפֿאַסער נישט.—

אַנמערקונג 9.— „איציק פֿײַטעל שטערן" איז, קענטיק, אַ פּסעוודאָנים פֿון עפּעס אַ מחבר[1]). דאָס ביכעל זײַנס איז אָנגעפֿילט מיט עקעלהאַפֿטיקע אַנטיסעמיטיזמ, נידערטרעכטיקע העצערישע שפּיקיעך[2]). דאָך איז עס אַ גאַנצער אוצר פֿאַר דער ייִדישער דיאַלעקטאָלאָגיע[3]).

---

[1]) אויך אַוע-לאַללעמאַנט (l.c.) דענקט אַזוי.—

[2]) אַלס בײַשפּיל, אַ פּאָר „פּערל":

„A c h e l n, essen. Mir Jüden essen nor, was koscher unn toff is. Unnere Lamden unn schöne Geister acheln mit die Gojim öz aach trehfere sachen, ze zeigen, ass mir in die Kultivekaziuhn aach net die Letzten senn". (13 'ז)

„A d o n hahst Herr. Mir Jüden senn die rechten Herren". (14 'ז)

„A f r e s, Sünden. Unnere grösste Sünden senn, ass mir die Gojim net genug meramme senn". (l.c.)

„A g a s s e m j e f i s c h e m senn derre Bern, ouder Hutzel. Sou süllen alle Gojim zesammen schrumpfen". (l.c.)

„H a n d e l n hahst souvill wie ganfen". (38 'ז)

„I e h u d a, unner jüdisches Reich.—Au waih! Wu is es?—Der Routhschild werds wieder ahnrichten". (40 'ז)

„K a p u l a s e y h n, Kenntniss vun Schächten haben. Ass e Jüd mich in Handel schächten ouder mir meramme seyhn will, froug ich ihn, öb er kapula is? Sagt er ja, so gibt mer zor Tschufe: Ich hebb kah Begima". (44 'ז)

„K o l l n i d d r e, is das Gebet an Ion Kipper, wu alle unnere Ahdschwür dermit oufgelöst unn ze nix gemacht wern". (47 'ז)

[3]) אַוע-לאַללעמאַנט, l.c. גיט דעם מוסר-להכעיס זײַן ערליך אויסקומעניש פֿאַר דאָס נאַרישע חוזק מאַכן פֿון די ייִדען, פֿאַר דאָס געמיינע רייצען אַף זיי, פֿאַר דאָס ניבול-פּה, וואָס שטערן דערלויבט זיך אין אייניקע שטעלען; אָבער ער קאָנסטאַטירט, אַז דער משומד זעיט דאָך אויס צו זײַן אַן אויסגעצייכענטער קענער פֿון דער ייִדישער פֿאָלקסשפּראַך.—

שטערן הוט דער ערשטער צווישען אלע, וואס הובען וועגן ניט איז געשריבען וועגען יידיש, אודער צונויפגעשטעלט יידישע ווערטערביכער, זיך געשטעלט דעם אויפגאב, צו געבען א לעקסיקון פון דער לעבעדיקער יידישער פאלקסשפראך מיט פונעטישער אויסלייגונג[1].

דאס ווערקעל באשטייט פון צוויי טיילען: a) העברעישע וואקאבלען[2] פון דער יידישער שפראך, דערקלערט מיט יידישע ווערטער; — b) הויכדייטשישע וואָקאבלען[3], איבערזעצט אף, אין יידישען איינגעווארצעלטע העברעישע ווערטער. — אי די העברעישע[4] ווערטער, אי די יידישע זענען טראנסקריבירט אזוי, ווי עס פלעגט זיי ארויסרעדען די יידישע מאסע אין פראנקען, באיערן, העסען, א. א. וו., אין אנהייב פון פארגאנגענעם יארהונדערט.

כ'איז איבעריק צו דערקלערען, ווי וויכטיק דער מאטעריאל, וועלכען מיר געפינען אין „מדרש ספר", איז פאר דער היסטאריש-וויסענשאפטליכער פארשונג פון די יידישע מונדארטען.

מיט דעם ביכעל וועלען מיר זיך נישט איינמאל דארפען טרעפען אין דעם אינצטיקען עפיזד און אין די ווייטערדיקע. —

באַ טענדלאַו (l.c.[5]) הייסט עס, אין דער פראַנקפורטער-צַם

---

[1]) „מדרש ספר" ז"ז 6—7. — [2]) אף 72 זייטלעך, קליין 8°, צווייספאלטיק געזעצט, 3203 וואקאבלען. — [3]) אף 95 ז"ז. — [4]) קיין גרויסער למדן אין העברעיש איז שטערן, לויט אלע סימנים, נישט געווען. גענוג צו ווייזען אף די ערשטע צוויי שורות פון מיטעלבלאט (זעי איבען, אנמערקונג 10 אונטערן טעקסט אף ז' 105), אובער דאס יידישע לעבען הוט ער דוך געקענט און די העברעישע ווערטער אין דער יידישער פאלקסאויסשפראך אויך. —

[5]) ד. ה.:

„Sprichwörter und Redensarten deutsch-jüdischer Vorzeit.—Als Beitrag zur Volks-, Sprach- und Sprichwörter- Kunde.—Aufgezeichnet aus dem Munde des Volkes und nach Wort und Sinn erläutert von Abraham Tendlau. — Frankfurt am Main. Verlag von I. Kauffmann".

די הקדמה צו דעם בוך איז אונטערגעשריבען „אים אפריל 1860". —

מאין יידישער מונדאַרט): געטין[1], ציצעס-שפּינערן[2], קינדבעטערין[3]. —

93 § — אין עלטערען יידיש איז דער סופיקס, נאַטירליך, געווען דער דאָמינירענדיקער.

1) אין „ספר של ר׳ אנשיל"[4]) באַגעגענען מיר, למשל:

[1]) ז׳ 82. סעמ׳ צו גאַשט (גאַסט). דער לעצטער וואָקאַבעל פלעגט אין די ייִדישע מ"ם אין דײַטשלאַנד געברויכט ווערען הויפּטזאַכליך אין זין: „בעטלער" (אַלס געגענזאַץ צו „אורח"—בכבודער גאַסט). —

[2]) ז׳ 102. ציצית-שפּינערן. אין דער רעדענסאַרט: „גע ה מיר מיט דער ציצעס-שפּינערן". — „די שפּינט אַך קאַן ציצעס", — פלעגט מען אין פראַנקפורט זאָגען אַף אַ פאַרשײַט פרויענצימער. — [3]) ז׳ 83! —

[4]) „ספר של רבי אנשיל והוא מרכבת המשנה לקונקורדנציה, והוא פירוש על כל תנ"ך ע"פ ערכין א"ב לשון הקודש ולשון אשכנז".

[זעי: „ספר שפתי ישנים" פון שבתי בס (צווייטער אויסגאַב. זאלקווי, תקס"ו) ז׳ ח׳ נומער 108; — „אוצר הספרים" פון יצחק אייזיק בן-יעקב (ווילנא 1880) ז׳ 373 נ׳ 2292; — „Jüdischdeutsche Chrestomatie" פון ד"ר מאַקס גרינבוים (לייפּציג 1882), ז׳ 23 l. —

וועגען מחבר פון דעם ווערק איז פאַראַן אַ חילוקי-דעות.

געדרוקט איז דאָס בוך געוואָרען צוויי מאָל:

a) אַף דעם ערשטען אויסגאַב איז דאָס אורט און דאָס יאָר פון דרוק נישט אָנגעוויזען (אַזוי שרײַבט גרינבוים, וואָס הוט דאָס בוך געזעין אין דער מינכענער קעניגליכער הויף- און מלוכה-ביבליאָטעק); באַס וויַזט-אָן (איך וויים נישט, אַף וואָס זיך שטיצענדיק) אַלס דרוקאָרט — קראָקע; בן-יעקב ברענגט (אַף וואָסער סמך — דערקלערט ער נישט) אַלס דאָס יאָר פון דרוק — רצ"ד (1533 אודער 1534);

b) דער צווייטער אויסגאַב איז דערשינען אין קראָקע אין יאָר שול"ח (1583 אודער 1584; נישט 1581, ווי גרינבוים מיינט).

מ. פּאָרוסאָוו („די ביבליאָטעק פון יידישען פילולוג" ז׳ 15) דערמאָנט נאָך אַ אויסגאַב פון יאָר 1552 (פונוואַנען הוט ער דאָס גענומען?).

אין דעם עקזעמפּלאַר, וועלכען איך באַזיץ אין מײַן ביבליאָטעק, פעילען דער פאָדערבלאַט און די ערשטע בלעטלעך פון דער הקדמה — ווייס איך נישט, צו וואָסער אויסגאַב ער געהערט.

זאַך דער עקזעמפּלאַר פון ווארשעווער סינאַגאָגע-ביבליאָטעק הוט נישט דעם שער. —

דף י"א, ד' b ¹): הָאָתוֹן — די איזלין (במדבר כ"ב כ"ג) ²);
" " " : אֲתוֹנוֹת — איזלינס [בראשית י"ב י"ו ³)];
" כ"ה " a : הוֹרָתָם — איר טרגרין ⁴) [הושע ב' ה' ⁵)];
" ל' " " : לְזוֹנָה — צו איינר אוסטעטעגרי' ⁶) [בראי' ⁷)]:
" " " " : זוֹנָה — איין ספייזירין (יהושע ב' א');
" " " " : זוֹנוֹת — ספייזירינס [מלכי' א' ג' ט"ז ⁸)];
" ל"ה " " : וְהַלְלָה ⁹) — אוג' ור סוועכרין ¹⁰) [ויקרא כ"ט ד' ¹¹)];
" " " " : הַמְחוֹלְלוֹ ¹²) — דען טעכלן (שופטים כ"א כ"ג);
" " " b : תְּחוֹלֶלְכֶם — אויהר גיוויכרין (ישעי' נ"א ב');
" ס"ב " " : לְטַבָּחוֹת ¹³) — צו קעכינס (שמואל א' ח' י"ג);
" ס"ג " a : הַטּוֹחֲנוֹת ¹⁴) — די דאלרינס ¹⁵) (קהלת י"ב ג');
" ג"ג " " : מְכַשֵּׁפָה ¹⁶) — לייבירין (שמות כ"ב י"ז);
" " " b : לָבִיא ¹⁷) — ליפרטין (יחזק' י"ט ב');
" ס"ה " " : וְהַנּוֹאֶפֶת ¹⁸) — אונ די אונקויסרין (ויקרא כ' י'):

¹) a באצייכנט די ערשטע זייט פון בלאט, b — די צווייטע. —
²) אין אוריגינאל קומט קיין שום אינטערפונקציע נישט: דאס העברעישע ווארט, די יידישע איבערזעצונג און די קוועלע־אנווייזונג — איינס נאכ'ן אנדערן, אהן בײשטריכען, גענדאנקענשטריכען און האלבע־לבנות.
³) ס'איז אינטערעסאנט: ר' אנשיל שרייבט נישט: ט"ז, ווי היינט אנגענומען נאר: י"ו. — ⁴) טראגערין. — ⁵) טעות; דארף זיין: ז'. — ⁶) דרוקפעילער; דארף זיין: אוכסטעטעגרי (ד. ה.: „אונגעשטעגרין"). — ⁷) בראשית ל"ח ט"ו. — ⁸) דארף זיין: י"ו. — ⁹) l.c.: „וְהַלְלָה — צו זיינר ור סוועכר (ויקרא כ"א ד')". — ¹⁰) פארשוועכערין. — ¹¹) טעות, דארף זיין: כ"א ז'. — ¹²) דארף זיין: הַמְּחוֹלְלוֹת. — ¹³) l.c.: „לְטַבָּח — צוס קוך [שמואל א' ט' כ"ב (טעות; דארף זיין: כ"ג)]. — ¹⁴) l.c.: „טוֹחֵן — מאלר (שופטים י"ו, כ"א)". — ¹⁵) קענטיקער דרוקפעילער: אין אגלויט דארף זיין מ- („מאלערנס"). — ¹⁶) l.c.: „וּמְכַשֵּׁף — אונ' לייבירער (דברים י"ח י')". — ¹⁷) l.c: „וּכְלָבִיא — אונ' אז איין ליפערט [בראשי' מ"ט ח"' (דארף זיין: ט')]. — ¹⁸) l.c.: „הַנֹּאֵף — דער אונקויסר (ויקרא כ' י')". —

דף ס"ב, ו' b : מְנַאֶפֶת [1]) — די חוּנקוּיסרין (משלי ל' כ');
" " " " : הַנְּבָלוֹת [2]) -- די שעלקינס (איוב ב' י');
" ע"ח " " : עֲקָרָה [3]) — חון טרעכטרין (בראשית י"א ל');
" פ"ד " " : פְּקֻדָּתוֹ [4]) — ... ביפעלהרן (תילי' ק"ט ח');
" צ"ב " " : הַקְּדֵשָׁה [5]) — די ביריטרין (בראשית ל"ח כ"א);
" צ"ד " " : לַמְקוֹנְנוֹת — לו קלחגירינס (ירמיה ט' י"ז);
" צ"ט " " : רוֹעֶה [6]) — הערטרין (בראשית כ"ט ט');
" ק' " " : לְרַקָּחוֹת — לו ווירללריכס (שמואל א' ח' י"ג);
" ק"ב " a : הַשּׁוֹאֲבוֹת [7]) — די שעפריכס (ברא' כ"ד י"א);
" ק"ו " b : שַׁלֶּטֶת — גיוועלטגרן [יחזק' ט"ז ל' [8])]. —

2) געבען מיר אַ זוך דיזעלביקע ווֹקאַבלען אַף די אַנטשפרעכענדיקע שטעלען אין יוסף וויצענהויזענס תנ"ך-איבערזעצונג [9]), —

---

[1]) אין „משלי": מְנָאֶפֶת. — [2]) l.c.: „הַנְּבָלִים — דער שעלקין (שמואל ב' י"ג י"ג)". — [3]) בראשית י"א ל': „עֲקָרָה". — l.c.: „עָקָר — חון טרעיכטיגכ (דברים כ"ג כ"ו)". דרוקפעילערדיק: אויסלויז-כ' אַנשטאַט -ך. — „הֵרָיוֹן — טרכט" (דף כ"ח). —

[4]) l.c.: „פְּקִדִים — ביפעלר (בראשית מ"א ל"ד)". —

[5]) l.c.: „קָדֵשׁ — ביריטר [דברים כ"ג ל"ח" (דארף זיין: י"ח)]. —

[6]) l.c.: „רוֹעֵי — מייני הירטן [בראשי' י"ג ז'" (דארף זיין: ח')];
„רוֹעֶיךָ — דייני הירטר" (l.c.). —

[7]) l.c.: „שׁוֹאֵב — שעפר (דברים כ"ט י')". — [8]) דארף זיין: ל'. —

[9]) דער גאַנצער שער פון דעם ווערק:

„תורה נביאים וכתובים
„מלשון הקודש נעתקים · ובלשון אשכנז נכתבים:
„על פי מפרשים גדולים וחשובים · הלא מה המאורות הגדולים בשמות נקובים: תרגום יונתן · רשי · אבן עזרא ורד"ק: רבינו ישעיה · ורבינו סעדיה גאון · ורלב"ג: באר משה · מגיד · אילה שלוחה · חבורי לקט · מכלל יופי: דרך פשוטה בלי שום דופי:
„על ידי הישיש הר"ר יוסף בר אלכסנדר זצ"ל בלשון צח ויפה' ומנופת

געפינען מיר: די אַזילין, אַזילינס[1]), ספייזירינס[2]), טעגלירינס[3]),

---

בשלש עשרה גפה: במהדורא בתרא על ידי הגאון הגדול מופת דורנו כבוד שמו מוה"ר מאיר שטעריין נר"ו' ר"מ ואב"ד דק"ק אשכנזים יצ"ו בק"ק אמשטירדאם יע"א: דהיינו שמונה דפים מן פרשת משפטים עד תוך פרשת נשא' ומתחלת שמואל א' עד תוך ירמיה קאפיטול ב': ארבע עשרים דפים' בין הכל ל"ב דפים: והשאר הוגה בעיון נמרץ על ידי אנשים חכמים ונכונים' אשר המה בלשון הקודש ובלשון אשכנז בטוב מבינים' להגות באמרי שפר' כאשר עיניכם תחזינה בתוך הספר:

„דיז ספר גלייכן איז פאר דיזס ניט מין וואָרדן גידרוקט אין דער גאנצן וועלט' אונ' מאן האט אויך דא אן גישפארט קיין געלט: אונ' האט דא לו גינומן גוטי נייאי אותיות' פין פפייאר' אונ' גוטי טינטע' דאס עס קאן לייאנן איין איטליך קינט: אונ' ווען איר אירגינט מעכט זעהן אזא איין ספר אז ווען עס ווער גידרוקט פאר צווייא אודר דרייא יאר' גלייבט עס ניט דען עס איז ניט וואר: יום ב' ך' כסליו תל"ט לפ"ק איז עס גישעהן' דאס דיזר ספרים איינס דאס ערשטי מאל איז וואָרדין גיזעהן: בייא דען חכמי ק"ק ספרדיים אין אירי בתי מדרשות' אונ' האבן עס אויף גישריבן לזכרון דאס עס איז פנים חדשות: דרום אויך ליבה רבותי טוט קייני שקרים לו הערין' בזכות זה ווערדן מיר ווידר אין ארץ ישראל קערין: אונ' השי"ת ווערט אונס פון אלן פיר עקין דער וועלט ברענגן לו זאמן' אונ' ווערט אונס שיקן משיח בן דויד אמן: במהרה בימנו וכן יהי רצון'

„בהסכמת המאורות הגדולים ראשי ישיבות בצירוף הרוזנים וקצינים ארבע ארצות מדינות פולין:

„אונ מיט דער לויב דער עדילי הערן שטאטן פון הולאנד' אונ וועסט פריז לאנד:

„גדפס בבית ובמצות הבחור הנחמד עמנואל עטיאש בן האלוף והקצין יוסף עטיאש בן הקדוש אברהם עטיאש יצ"ו.

„באמשטירדם

„שנת תבואתה לראש יוסף לפ"ק"—

[1]) וויצענהויזען געברויכט שוין: ט״ז (נישט י"ו).— הוֹרָתָם (בא אים הושע ב' ד') ועצט ער איבער: „דיא זיא גיטראגן האט".— זוֹנָה (יהושע ב' א') — „איינע פרויא איין הור". — [2]) נַחֲלָה — „גישוועכטי".— [3]) תְּהוֹלָלָם-- „דיא אייך מיט שמערצן גיוואונן האט"—

קעכינס[1]‚ אינקייסירן, סעלקינס‚ און טרעכטיגירן[2]‚ קלעגעריגס[3]‚
סירטין‚ אפוטיקיריגס‚ סטעפפירינס[4]‚ —

3) אין אַ ווילנער כתב-יד[5]) פון יאָר תע"ד (1713 אודער 1714)

---

[1]) הַטּוֹחֲנוֹת וועצט ער איבער: „דיא מילר"; — מְכַשֵּׁפָה — „דיא לויבריני פרויא" (בא אים: שמות כ"ב י"ח); — לָבִיא — „איין ליביני"; — דעם פסוק ויקרא כ' י' זעצט ער איבער: „וועד דא ווערט אוס קייסן מיט אייגס אנדרין זייגס וייב דער זאל גיטויט ווערן' אלי ביידי דער מאן אוג' דיא פרויא". —
[2]) פְּקֻדָּתוֹ — „זיין אמט". — דברים כ"ג י"ח שרייבט ער: „עס זאל קייני אן בירייטי הור ... אוג' עס זאל קיין אן בירייטר"... — [3]) בא אים: ייִמיה ט' י"ו. — [4]) שַׁלֶּטֶת וועצט ער איבער: „דיא [און זיך זעלבירט] גיוועלטיגט". —
[5]) ס'איז זייער א שיינער, ריין און געגוג דײַטליך אָנגעשריבענער, אין לעדער אײַנגעבונדענער מאַנוסקריפּט, אין קליין $8^0$, מיט'ן טיטעל: „שפה ברורה בני לשונות".

א וואקאַבולאַרי: העברעיש—יידיש—לאַטײַן.
נומערירט לויט די זײַטלעך.
פון א' ביז קנ"ב גייט דאָס ווערטערבוך.
אף דער 6-טער שורה פון ז' קנ"ב לייענען מיר:
„הנני באתי לחלות פני כל מעיין בספר הזה אם ימצא בו איזה טעות אל ידוני לכף הובה כי כן דרך הדפוס כנודע סהדי במרומים שעסקתי בספר הזה בדקדוק רב עם שני תלמידי בחורים חשובים שם האחד יאקב שעבּרשינר ליטיינר ושם השני גבריאל בלאנים מאיטליאה מעיר אליפייאני ולא זה היה כוונתי רק להדפיס ספר קבלה שהברתי רק משכתי ידי ממנו כי יש עדיין שעת חירום במדינות פולין ואין קונה על ספרי קבלה ולמצא טרף לביתי חברתי דבר השוה לכל אדם כ"ד המחבר וועירא דמן חבריא נתן נטע בן הקדוש מהור"ר משה הנובר וצל הי"ד אשכנזי שהיה מקדם מיושבי קהלה קדישא זפלב:". —

דאָסדאָזיקע נאָכוואָרט גייט-איבער אף דאָס פאָלגענדיקע זײַטעל, וואָס האָט נישט קיין נומער, און פאַרנעמט דורט 4 שורות.
נאָך דעם נאָכוואָרט שטייט געשריבען:
„נכתב זאת בשנת תיו עיין דלת לפק פה קק ווילנא המפוארה". —

נעפינען מיר: אום טרכֿטיגרן (עֲקָרָה), אן ברייטרין (קְדֵשָׁה), דער ציהרין (אוּמֶּנֶת), הערין (אְוֹנִית), ווידר שפּעניגן (מוֹרֶדֶת), פֿעררין (נִדָּה), פריינטין (קְרוֹבָה), קווטרין (סַנְדֶּקֶת), קינד בעטרין (יוֹלֶדֶת), קיניגין (מַלְכָּה), — און: לֵיבן (לְבִיאָה)[1].

4) אין „ספר מורה דרך כולל"[2]: אום טְראַכְטֶרְן, גִיפֿאַטֶרְן,

פון דעם געבראַכטען נאָכוואָרט איז צו זעהן, אַז דער כ״י איז אַן׳אָפּשריפט פון נתן נטע האַנאָווערס „שפה ברורה", וואָס איז ת״כ (1659 אודער 1660) ערויס אין פּראָג, העברעיש—יידיש—לאַטיין—איטאַליעניש [זעי: בן־יעקב ז׳ 607, נ׳ 1187].

דער אַנאָנימער ווילנער קאָפּיסט הוט דאָס איטאַליענישע נישט געפונען פאַר נייטיק אָפּצושרייבען.

האַנאָווערס נאָמען און די שטאָדט פון דרוק קומען־פאָר אויך אין טעקסט פון וואָקאַבולאַרי, דהיינו אף די ז״ו קי״ו—קי״ז:

| | | |
|---|---|---|
| „מַה שְּׁמֶךָ. | וויא איז דיין נאמן.. | קְווָאמָדָא וְוֶקַרִים |
| „נתן אשכנז עבדך. | נטע הנובר דיין קְנעכֿט..יאקב שעברש״נר | ..סֶערְוִוים טוּאוּם |
| „בֶּן אֲמָתֶךָ. | דער זון פון דיין מייד. | פִילִיאוּס אַנְסִילֶּלַע טוּעֶ |
| „מֵאֵיזֶה מָקוֹם. | פון ווּעלכֿר שטאט.. | עֶקְס קוַוא צִוִויטַטֶע |
| „אֲדוֹנִי.. | איז מיין הער.. | דָאמִינוּס מֶעאוּס |
| „מֵעִיר פְּרָאג.. | פון שטאט פראג.. | עֶקְס אוּרְבֶּע פְּרַאגַא..״ |

ס׳וואָלט אין פיל הינזיכטען אינטערעסאַנט געווען, צו פאַרגלייכען די קאָפּיע מיט דעם געדרוקטען אָריגינאַל, אָבער, צום באַדויערן, הוב איך נישט אין מיין ביבליאָטעק האַנאָווערס ווערק, און אויך אין דער וואַרשעווער סינאַגאָגעביבליאָטעק איז עס נישטאָ פאַראַן. —

[1]) ז״ו: נ״ח, נ״ט, נ״ב, מ״ח, נ״ח, נ״ט, נ״ג, נ״ג, נ״ב, מ״ז, מ״ג.—

[2]) „ספר מורה דרך כולל

„קבוצת הרבה מלות עבריות ותלמודיות וביאורם בלשון אשכנזי המדובר במדינתינו, בפי עמנו, —

„ומורי הנערים ילמדום המלות מעט מעט, ויסכו וישלמו, עדי יוחקו על לוח לבם בעט ברזל ועופרת, לזכר עולם למשמרת:

„בדפוס של השותפים דק״ק ווילנא שנת תקצ״ח לפ״ק״. — (אין דעם רוסישען טייל פון שער: 1837).—

דֶר צִיהֶרן, פַּרַײנֶדן, קִינד בֶּעטֶרן [1], קִינִגן [2], שְׁוֶוענֶן [1], לֵייבִּין [3]. —

94 § — 1) צווִישען די פעמינינאַ צו העברעיִשע נומינאַ אַפּעלאַטי-וואַ מיִט פערזענליִכער באַטײַטונג געפינען מיר אין ייִדישען זייער ווייִניק בײַשפּילען מיִט דעם סופיִקס, פון וועלכע ס'איִז די רייד אין די §§ 92—93.

a) אין אַלע פוילישע, ליטווישע און דרום-רוסלענדישע מ״מ ווערט געברויכט דער ווקאַבעל „רעביצנ״ [4]. — באַ טענדלאַו l.c. 339: Rewezen. — באַ אַווע-לאַללעמאַנט IV 454: רַבּלִין (rebbizin).

---

[בן-יעקב ז' 309, נ' 791 ברעינגט: „מורה דרך, הוא כעין ס'חנוך קטן, ללמוד הילדים עם בהמ״ו וק״ש וש״ד עם עברי טייטש: ווילנא, תר״ח. שם תרי״א. ווארשא, 1849, 12°. וו״ו כ״פ". — זולען דאָס זיין וויטערדיִקע אויסגאַבען פון דעם ביכעלע, וועלכעס איך האָב אין מײַן ביִבליִאָטעק?].

ו״ז 3—4 פאַרנעמט די העברעיִשע הקדמה מיט'ן טיִטעל: „לתלמוד תורה" (אף ז' 3) און „הלכות גידול בנים" (אף ז' 4). אף די ז״ז 5—10 גייט די ייִדישע הקדמה: „בן חכם מוסר אב ולץ לא שמע גערה".

אף די ז״ז 11—32 איז פאַר אונז אַ ווקאַבולאַרי, אײַנגעטײַלט אין י״ז סימנים. דאָס איז מער ניִשט, ווי אַ עטוואָס פאַרקירצטע קאָפּיע פון האַנוווערס „שפה ברורה", אָהן דעם לאַטײַן, און אַנדערש אויסגעשטעלט: די העברעיִשע ווערטער, מיט גרעסערע אותיות געזעצט, אין איין שורה, און די ייִדישע איבערזעצונג, מיט קלענערע אותיות, אין אַ באַזונדער שורה, איבער דער לשון-קודשדיִקער. קומט-אויס אַ אינטערליִנעאַלע איבערזעצונג. — הגם דאָס ביכעלע איז נאָך קיין 100 יאָר ניִשט אַלט, איז די שפּראַך פון דער ייִדישער איבערזעצונג דורך אַלטפעטעריש: טערמינאָ-לאָגישע טײַלס טראָגען אָפּשריפטען פון האַנוווערס לשון, אובער געפינטעלט (באַ האַנוווערן זענען די ייִדישע ווערטער אָהן ניקוד).

אף די ז״ז 33—48: „ברכות הנהנין", „ברכת הגומל", „ברכה אחרונה", „קריאת שמע על המטה" — דאָס רוב מיט ייִדישער איבערזעצונג. — ז״ז 49—60: „הנהגות", געגראַמטע פּורשריפטען פאַר קינדער אף העברעיִש. —

[1] ז' 21. — [2] ז' 24. — [3] ז' 20. —

[4] ליפשיץ 204; האַרקאַווי 314; ספּיוואַק-יהואש 241; גולומב 400; ליִנעצקי l.c. 9, 10, 14, 16, 19 א. א. וו.; עטינגער l.c. 31; מ. גורדון l.c. — אין „מצות נשים" (ווענעציע 1552): „פון ורומן רב אונ' קוישטליכן רֶביצין" (ציטירט

b) אין ווארשע: כאוואטארנג[1]); אי דרילטש: כאוועטארנג;
אין קרעמעניץ: כאוואטארנג.

c) אויך דאס ווארשעווער „לעיקוכנג"[2]) געהערט, איגענטליך, אהער. — נאך געבראכט מען אין ווארשע, אין דערזעלביקער טייטש:
„לעיקיכורנג"[3]).

d) פרוע-לאל׳ IV 329 ברענגט, פון די יידישע מ"מ אין דייטש-לאנד: „אופכרין"[4]) (auphnerin).

2) אלס נורם, ווערען אין די יידישע מ"מ אזעלכע פעמינינא צו העברעישע מאסקולינא געבילדעט מיט א t-סופיקס, און האבען די ענדונג -טע (-טי).

a) שטערן ברענגט: Bechte, Gallachte, Keserte, Klafte,

---

נאך: אליעזר שולמאן, „שפת יהודית-אשכנזית וספרותה. מקץ המאה הט"ו עד קץ שנות המאה הי"ח". ריגא תרע"ג. ז׳ 74. —

[1]) צו חבר. — בײ שטיינגערן l.c. ז׳ 44. —

[2]) איך האב עס געבראכט אויבען אף ז׳ 99, מהמת ס׳איז, לויט דער באַטײַטונג, א ספעציפיש-יידישע בילדונג, חגם פון א העברעישען שורש. —

[3]) שטערן l.c. 50 ברענגט: Lekeache (דאס נעמען, דאס אפנעמען, גנבה), Lekeachen (נעמען, גנב׳ענען, באקומען). — פרוע-לאל׳ IV, אויס די דייטשיש-יידישע מ"מ: לקח (lokach) [ער האט גענומען, געגנב׳עט], לקיחה (lekicho) [דאס אננעמען, אוועקנעמען, גנבה], לוקחנן (lokechnen) [נעמען, גנב׳ענען], לוקחר (lokecher) [גנב]. —

[4]) צום מאסק׳ „אופנר" (auphner) = בעקער. — אויך ער, ווי שטערן, ברענגט „גוויכרין" (ז׳ 348) צווישען די העברעישע וואקאבלען.

אונטערן נאמען „Jüdischdeutsches Wörterbuch mit Abbreviaturen", גיט פרוע-לאל׳, אייגענטליך, נור די העברעישע וואקאבלען פון דער יידישער שפראך אין דייטשלאנד. ניטהעברעישע ווערטער געפינען מיר דורט זייער ווייניק; אויסער דעם אויבענאנגעוויזענעם, נאך: אויסטרהכטן, אויסגיסמייכילט ווערדן, אורן (ז׳ 326), אלמאכנר (ז׳ 329), בג (ז׳ 340), בכסן, בכטסן (ז׳ 342), ברייליפט ברייליף (ז׳ 345), גוויכן (ז׳ 348), הויערן (ז׳ 358), קרעכק, קריג דיה קרעכק (ז׳ 369), כביך (ז׳ 407), כייהרט (ז׳ 411), פג (ז׳ 432), פיללל (ז׳ 433), פלכגכן (ז׳ 435). —

Melechte, Napchete, Noafte, Pokete 1), Ch sitte 2), Krourette 3), Menevulte 4).

b) בּאַ טענדלאַו l.c.: Balbóëste, Hamrazeste 5), Melee-septe 6), Menuwelte 7), Schlemielte 8), Schlemóchemte.

c) בּאַ אַווע-לאַללעמאַנט l.c. 9): בעלביתטי (baalboiste), גנבתי (ganewte), דוכסתי (dukeste), חסידתטי (chasideste), כלבתה (klawta), סוחרתה (socherte), רשתה (roschaita), שדכנטה (schadchente), שוכנתה (schochente).

d) ליפשיץ ברעינגט 10): באַלבאָסטע, מחותנתטע, שדכנטע 11).

---

1) זעי אויבען ז״ז 106—107. — 2) ז׳ 115. — 3) ז׳ 48 (אין טייטש: Nichte, Bruderstochter). — 4) ז׳ 59. — 5) ז״ז 178, 55. — 6) ז׳ 165. מְיַלֶּדֶת (הייבאַם). — 7) ז׳ 83. —

8) פּעמ׳ צו שלעמיל. — טענדלאַו ווייזט אָן, אַז בּאַ די דייטשישע יידען בּאַצייכענט דאָס ווארט שלעמיל אַ שלימזל, אייגעם, האָט קיין זאַך געראָט אים נישט, וואָס אַלץ גייט אים מיט דער פּוטער אַראָפּ, אַ Pechfogel (горемыка, неудачникъ). פּעטער שלעמיהל איז דער העלד פון דער באַקאַנטער נאָוועלע פון אַלבערט שאַמיסאָ. — אויך אין שידלעץ הערט שלימיל געברויכט אין דער טייטש (כאָ־אָן אַ דערציילונג פון י. מאַסטבוים וועגען אַ פּאַרשוין פון דעם טיפּ און מיט דעם נאָמען).

ס׳קען דאָס ווארט אַרויספירען פון דעם העברעישען אייגען-נאָמען שְׁלֻמִיאֵל (במדבר א׳ ו׳; ב׳ י״ב). טענדלאַו רעכענט, אַז „שלעמיל״ שטאַמט פון schlem (הוט די טייטש: quer, schief), און אַז די אורשפּרינגליכע פורם פון דעם כונסטאַנטיוו איז געווען „שלעמעל״ (אייינער, וואָס אַלץ גייט אים „שלעם״). טענדלאַו זוכט צו זיין השערה אַ שטיצע אין די ווערטער „שלעמוֹכעם, שלעמוֹכעמסטע״, וואָס ווערען בּאַ די דרום-דייטשישע יידען געברויכט אין דעמזעלביקען זין, ווי „שלעמיל״. „שלעמוכעם״, ווידער, מיינט טענדלאַו, איז ענטשטאַנען פון „שלעם-אוך-אים״ („אוך-אים = ווײַ-אים״; רעדענסאַרטליך: „אוך איז אים און ווײַ איז אים!״). — נור מיר דאַכט, אַז די דערקלערונג איז געקינסטעלט. די בּאַטונונג פון די ווערטער און דער סופיקס פון דעם פעמינינום דערלויבען גיכער צו דענקען, אַז פאַר אונז איז אַ העברעישער שורש. —

9) ז״ז 341, 349, 353, 372, 389, 417, 459, 464, 468. — 10) 81, 120, 209. — 11) ווי מיר זעען, נישט קיין סך. אויבער דאָס בּאַווייזט דורכאויס נישט, אַז ליפשיץ זול נישט האָבען געהערט מער ווערטער פון דער קאַטעגאָריע. ער פאַרצייכענט

e) האַרקאַווי נוטירט: בעל הביתטע, מחותנתטע, שדכנטע, שכנטע[1]).

f) אַ סך אַזעלכע פעמינינאַ ברענגען ספיוו׳-יהואש[2]): אביונטע, אוילטע, או[illegible]הטע, אכזרטע, אפיקורסטע; בחורטע, בכורטע, בעל-גאוהטע[3]), בעל-הביתטע (בעל הבתטע), בעל-צדקהטע, בעל-שמחהטע, בענטע; גבאי-טע, גבירטע (אויך: גבירענטע), גזלנטע, גנבטע, גרטע; דבר-אחרטע; חברהקע, חברטע, חזירטע, חזנטע, חקרנטע; טפשטע; יהכנטע, יקרנטע; כזבנטע, כלבטע, כעסנטע; מבינטע, מגידתטע[4]) (און: מגידקע), מומחנטע, מחותנתטע[4]) (און: מחותנת), מכשפטע (און: מכשפה), מלהטע, מלומדתטע[4]) (און: מלומדת), ממזירטע (און: ממזרת), מנוולתטע[4]) (און: מנוולת), משומדתטע[4]) (און: משומדת); נאמנטע, נביאהטע[4]) (און: נביאה), נגידתטע[4]) (און: נגידה), נדבנטע, נותנטע; סבלנטע, סוחר-טע; עקשנטע, ערלטע (און: ערלטע); פזרנטע, פחדנטע, פלוניתטע[4]), פריצטע; צדקתטע[4]) (און: צדקת, צדקנית); קבצנטע, קונהטע, קמצנטע, קצבטע, קרובהטע[4]) (און: קרובה); רגזנטע, רופאטע, רוצחטע, רצחנטע;

---

אין זיין ווערטערבוך איבערהויפּט זייער ווייניק „פעמינינומספארמען", ווי פ׳רופט עס אף דייטשיש, ד. ה. ווערטער, וואס זענען ארויסגעפירט פון אנדערע מיט דער הילף פון פארשידענע סופיקסען. בלויז אלס מוסטער, ווי ס׳שיינט, ברענגט ער נור עטליכע פון די גאר פארשפרייטסטע, פון יענע, וואס איר קענט זיי הערען, ווי זאגט מען דאס, „10 מאל אף דער מינוט". —

[1]) 90, 198, 322, 333. אויך נישט קיין סך. האַרקאַווי האט אים אלגע-מיין ליב צו נוטירען ארויסגעפירטע ווערטער, נור די מיט סופיקס אויס מאסקולינא געבילדעטע פעמינינא ברענגט ער קארגליך. —

[2]) ז"ו 2, 2, 7, 10, 15; 25, 29, 34, 35, 38, 38, 39; 47, 47, 50, 54, 55; 56; 81, 81, 86, 86, 95; 102; 109, 112; 118, 120, 123; 140, 140, 146, 151, 157, 159, 159, 161, 162, 175; 181, 181, 182, 183, 185; 191, 193; 210, 211; 216, 217, 218, 222; 226; 229, 233, 235, 236, 237; 241, 242, 242, 245; 250, 254, 256, 257 (258), 261, 264, 264; 267. — [3]) שטיינגער l.c. 44. —

[4]) ווי מיר זעען, איז דאס ווארט, אפילו אהן דער ענדונג -טע, פעמינינום, און די ענדונג איז, אייגענטליך, איבעריק. נור דאס פילאלאגישע חוש פון פאלק איז שוין געוויינט צו זען אין דעם ן-סופיקס דעם סימן-המין פון העברעאישע [illegible]

שַׁדְכָנטע, שוּתּפטע, שכּרטע, שָׁכֵנטע (און: שְׁכֵנָה), שַׁמָשטע, שַׁכְּנטע, שְׁתַּדְלָנטע; שְׁדָרָה׳סטע.—

g) גולומב פאַרצייכענט וויַיניק פעמיניַנאַ פון דער קאַטעגאָריע. איינס ברעינגט ער, וועלכעס ספּיוואַק-יהואש הובען דורכגעלוזען: יוֹרשטע (ז׳ 399).

h) באַ אַקסענפעלדן .l.c: אַחבראָשטע (ז״ז 57, 58), עוֹכרטע (ז׳ 58).

i) די פעמיניַנאַ פון די פונקטען d—h זענען מעיר-וויַניק באַקאַנט אין אַלע יידישע מ״מ.-- אין קרעמעניץ קען מען נוך הערען: ראַמיַטי [1]; — אין שידלעץ: קעיסאַטע; — אין וואַרשע: כאָכימטע [2], מוֹירירַאָיטע [3], מוֹיליכטע [4].

אַנמערקונג 1.— אויך צו העברעישע אייגענ-נעמען ווערען געבילדעט פעמיניַנאַ מיט דעם סופיקס -טע. למשל: זֶרַח׳טע, פֶּרֶץ׳טע וכ׳.—

אַנמערקונג 2.— אין „ספר מורה דרך” ז׳ 24: הֶעריַנְטי [5], — דער איינציקער נישטהעברעישער פעמינינום, וועלכען מיר קומט-אויס צו באַגעגענען ביַי דעם סופיקס.—

אַנמערקונג 3.— פעמינינום צו קיסר ווערט על-פי-רוב געבילדעט מיט אַנדערע ענדונגען: קאַיסאָריני (וואַרשע), קאַיסעריני (פולטוסק, דרילטש) [6]; — קעיסאַריני (שידלעץ) [6]; — קעיסאַריני (קרעמעניץ), קעיסעריניע [7] [ליפשיץ 187, הורוויץ 85 [8]].—

אַנמערקונג 4.— אויך מיט דעם t-סופיקס קונקורירט אין אַ געוויסער מאָס דער פוילישער k-סופיקס. צו די העברעישע מאַסקולינאַ מיט דענטאַלען עקספּלאָזיווען אין אויסלויט קענען פעמינינאַ איבערהויפּט געבילדעט ווערען נור אַף -קע [9];

נומינאַ אַפּעלאַטיווא מיט פערזענליכער באַטייַטונג און גיט-צו די ענדונג -טע וונגער דורט, וווּ מ׳דאַרף זי לחלוטין נישט.—

[1]) צו רַמאי.— [2]) צו חָכָם.— אירונישע פורם. די נייטראַלע פורם: כאַכאַמעס (חכמות) [אויך: כאַכאַימעטטע].— [3]) צו מוֹרֶה-הוֹרָאָה.—

[4]) קונטראַבאַנדיסטין — צו מוֹיליכוֹ (קונטראַבאַנדיסט); מוֹיליכן — דורכפירען קונטראַבאַנדע. אין דער דייַטשישער גנבים-שפראַך: (נומען) מוֹליך, (ווערב) מוֹליך-זיַין (שמע-לאַללעמאַנט IV 575). פון העברעישען ווורצעל הָלַךְ [הוֹליך — פירען („מלון” ז׳ 204); כאַראַקטעריסטיש: הֶלֶך — וועגשטייער, צול (l.c.)].— [5]) איבעריעצונג פון אֲדוֹנִית.— [6]) מיט דער פוילישער ענדונג -ina (מאַלעצקי l.c. II 59).— [7]) מיט דער רוסישער ענדונג -ЫНЯ.— [8]) אויך: קייזערן.— [9]) נוך באַ מטשה

אין וואַרשע: פּאָסיטקע[1], מלאַמיטקע[2], שויכיטקע[3], שמאַטקע[4] א. אַ. וו.[5]. —לינעצקי l.c. 38: מגידקע[6]. — אין פולטוסק אויך: סויפּעקע[7]. —

אַנמערקונג 5. — מענליכע נעמען אַפּעלאַטיווע מיט פּערזענליכער באַטײַטונג, וואָס זענען געבילדעט פון העברעישע שרשים מיט דער רוסישער ענדונג -ניק (-никъ), האָבן לעבן זיך פעמינינע מיט דער אַנטשפּרעכנדיקער רוסישער ענדונג -ניצע (-ница)[8]. — בײַ ספּיוואַק־יהואַש[9]: אשת־אישניצע; בעזבושני־צע, בעזהרפּטניצע[10], בעל־תאוהניצע, בעל־העזהניצע, בעל־מצוהטניצע[10], בעל־תאוהניצע, בעל־תשובהניצע א. אַ. וו.[11]. —

§ 95 — [אַלם דעמינוטיווסופיקס]. — 1) סאָנאַנטישער נאַזאַל איז פאַר אונז אויך אין סופיקסענקאָמפּלעקס „-כן", מיט וועלכן עס ווערט אין איניקע יידישע מ"מ געבילדעט דער דעמינוטיוו צו סובסטאַנטיוון מיט ן אין פרײַען אויסלויט.

ליפשיץ[12] ברענגט: באַרילעכן (בערילעכן)[13], געילעכן[14], ווײַסלעכן[14], שפּילעכן. —

בײַ דרייזינען[15]: געלכין, ווײַסליכען[16]. — בײַ הורוויצן[17]: ווײַסלעכן[18].

---

מאַרקוזע (ספר „ספר רפואות, הנקרא עזר ישראל", 1790) געפינען מיר פעמינינא (אמת, יידישע) מיט דעם פּוילישן סופיקס, ווי למשל: לו זייגערקעס, לו יוי־גערקעס, חכופה טרייבערקעס (דף צ"ב ז' b). —

[1]) חסידקע (אויך ספּיוו׳-יהואַש 94). בײַ איוע-לאַללעמאַנט, ווי מיר האָבן געזעען (אויבן ז' 118): הסידתטי! — [2]) מלמדקע (אויך אין קרעמענין; בײַ ספּיוו׳-יהואַש 160). — [3]) שוחטקע (אויך אין פולטוסק, שידלעץ, קרעמענין; בײַ ספּ׳-יהואַש 252). — [4]) שמדקע (קומט-פאָר אין פאָלקסלידער). די פאָרם איז, אייגענט־ליך, נישט אַרויסגעפירט פון מאַסקולינום, נור דירעקט פון נומען אַבסטראַקטום „שמד". — [5]) אין „בת־יחידקע" (ספּ׳-יהו׳ 45) איז -קע — דעמינוטיווסופיקס. — [6]) אויך ספּ׳-יהו׳ ז׳ 140. — [7]) סופר'ס ווײַב. — [8]) ס'זענען אויך פּוילישע ענדונגען: -nik, -nica [מאַלעצקי l.c. II 51; מייערסאָן § 221]. — [9]) 18; 33, 33, 34, 35, 37, 39, 39. — [10]) אין דעם וואָקאַבעל איז דער סופיקס אַ טאָפּעלער. — [11]) פון „בעל-מפונק" — בעל-מפונקיצע! (l.c. 37). — [12]) ז"ז 56 (63), 70, 90, 218. — [13]) צו פּוילישע: baryła, bareła (פאַס). — [14]) פון א. י. — [15]) 122, 45. — [16]) אָבער: מיילכעל, שפּילכיל (616, 169). — [17]) ז' 45. — [18]) אויך: ווײַסלעטך; אָבער: געלכעל (ז' 34). —

בײַ שקסענפעלדן l.c.: „מאַליכין" (ז' 13), „פּאַטשײליכין" (ז״ו 35, 41), „קױפּיליכין" (ז' 37).—עפּינגער l.c. 151: „טרינקט דיער־װײל איהר שעלעכען קאַװע" ¹).—ליִנעצקי l c.: „מײליכען" (ד. ה.: „מײלעכלעך), „שיליכין" ²).—

אין גאַליציע איז די ענדונג פון אַזעלכע דעמינוטיװאַ „‑אַכן" ³).

אַנמערקונג I.—פֿאַרשפּרײטער איז דער סופיקסענקאָמפּלעקס „‑כל".

אין װאַרשע: מאַלוכל ⁴), מילוכל, פּיטשאַילוכל, שילוכל, שפּילוכל ⁵).

אין פּולטוסק: געילעכל ⁶), מאַלעכל, מילעכל, פּאַטשאַילעכל, פּאַלעכל, פּעלעכל, קאַלעכל, טילעכל, שפּילעכל.—אירענטיש — אין אופּאָלע.

אין דרילטש: מאַלעכל, מילעכל, פּאַטשאַילעכל, פּאַלעכל. פּעלעכל, קאַלעכל, שילעכל, שפּילעכל ⁷).

„‑כל"—אױך אין װיערזשבוו, װישעגראָד, מאַקאָוו ⁸).—

אין שיעדלעץ: געילאַכל ⁹), מאַלאַכל, מילאַכל, פּאַטשעילאַכל, פּאַלאַכל, פּעלאַכל, שילאַכל, שפּילאַכל ¹⁰).

אין קרעמעניץ: געילאַכל, װאַסלאַכל, מאַלאַכל, מילאַכל, פּאַלאַכל, פּעלאַכל, שילאַכל, שפּילאַכל, וכו'.

---

¹) עפּינגער 37: פּעלכער; דאָס איז טערצאַל פון פּעלכן, פּעלעכן (דעמינוטיװ צו „פּעל"). די פּױליש־ידישע מ"ם, װאָס בילדען אַלע דעמינוטיװיש איבערהױפּט מיט ‑כע (‑כע א. אַ. װ.) האָבען דעם פּלוראַל צו זײַ אַף ‑כער (זײַ „זאַמעלביכער" II 322).

²) ז״ז 48, 13.—³) „זאַמעלביכער" II 323.—⁴) ד—פֿאַרשעװער אױספּראַך פון [נאָך כ (זײַ אױבען ז' 56).—⁵) צו: מוּל, מיל, פּיטשאַילע, שיל, שפּיל. אױבער: ס'געילוכל, ס'װאַסלוכל (פון װאַ),—אַלז, ניט דעמינוטיװום. — ⁶) אױבער: װאַסל.—⁷) צו מױל, מיל, פּאַטשאַיל (אָדער: פּאַטשאַיל), פּאַל, פּעל, קױל, שיל, שפּיל. (אַז׳אַ היט אין דרילטש: שטעלעכן (f), װאַסל (n) און געילעכן (n) אָדער געילעכל] —⁸) „זאַמעלביכער" II 311‑312, 313, 323.—⁹) אַז׳אַ היט: שטעל (f), אױט (f), װאַסל (n) און געילאַכל.—¹⁰) צו געיל (טריעקט), מױל (מיט קורצען o), מיל, פּאַטשעילע, פּאַל, פּױל, שיל, שפּיל [דער a פאַר דער ענדונג ‑כל און די דעמינוטיװ איז איבעריקורץ, אַזױ כמעט־דיק, אַז מ'קען אים אײנעמען גור בײַ אָנשטרענגונג פון געהער]. —

חאַרקאַווי ברענגט אִיבערהויפּט קײן דעמִינוטִיווא נִישט[1], נור אִין זײַן „היש משפט"[2] ווײַזט ער אָן, אַז סובסטאַנטִיוען אַף ־ל הובען דעמִינוטִיווא אַף „־כּעל"[3].— אִין קולינע איז די ענדונג „־כּעלי"[4].—

2) העברעִישע דעמִינוּטִיווא: „קל׳כען"[5] (ד. ה. „קעלכן") [לִינעצקי, „דאָס חסידִישע יונגעל"[6], ז' 76]; — „בְּתוּלָהכען" (l. c. 148)[7].

אַנמערקונג 2.— אִין קרעמענִיץ: קעלאַכל, פּסילאַכל; אִין וואַרשע: ...לוכו, פּסילוכו; אִין דרילטש: קולעכו.— גערזון 48, ספּיוואַק-יהואש 233: ...כעל, קעלכעל.—

... — [פלעקסִיע פון אײגענ-נעמען]. — ... אִיז, נאָך דִיאײגענע קונסונאַנטען, פלעקסִיע פון דאַטִיוו און אַקוזאַטִיוו סִינגולאַרִיס פון יִדִישע אײגענ-נעמען און בײנעמען (וואָס ווערען, ווי באַקאַנט, געברויכט אָהן אַרטִיקעל) און פון אײניקע נומִינאַ אַפּעלאַטִיווא מִיט פּערזענלִיכער באַטײַטונג[8].

אַזוי, למשל, אִין קרעמענִיץ:

1) לאָזאַרן, לעיזאַרן[9]; שוילן, קאָסרִילן[10];— וואָלפן, יוסִיפן[11]; יאַנקִיוון, אלִיוון, עיסִיוון[12];— אִיצִיקן, יוילִיקן[13]; באָראַכן, נויאַכן, פּעיסאַכן[14]; דאָווִידן[15]; טודרִיסן, פּינכּיסן[16]; ערשן[17], פּאַווִישן; פּעירִיצן[18].

---

[1]) בלויז: „געלכּעל" (ז' 348); אובער (144): וויסעל (פל': ווײַסלען, ווײַסלאך).—[2]) „היש משפט לשון לשפת יהודית? תשובה ברורה לשוטני שפת יהודית המדברת, מאת אלעכסנדר האַרקאַווי". ניו-יאָרק; תרנ"ו. ז' 22.—[3]) זעי אויך: גערזון 48, ז. רײַזען („יודִישע גראַממאַטִיק". וואַרשע 1908) ז' 40.—[4]) „זאַמעלבִיכער" II 323.—[5]) צו קול.—[6]) „דאָס חסידִישע יונגעל, דיא לעבענס-בעשרײַבונג פון אַ פּוילִישען יודען, פון זײַן געבוירען ביז זײַן פערלוירען, צו דער צײַט פון'ם אנפאַנג דעם יעצטִיגען יודִישען יאהר-הונדערט. פון עלי־קצין הצחקו־אלי. מק"ק וציוני. דיא צווייטע פאָלקאָמען איבערגעאַרבייטע אויסגאַבע, פון מײַן פוילִישען יונגעל". ווילנא, תרנ"ו. [דִירוזִיקע אויסגאַבע וועט ווייטער איבעראַל ציִטירט ווערען אַלס „לִינעצקי II"].—[7]) לִינעצקי II 158: „אַ יונג אַלְמָנָה׳כען" (־כן—נאָך ה פון דער אויסלויטזילבע).—[8]) פאַרגלײַך: גערזון 46—47.—[9]) צו: אֶלְעָזָר, אֱלִיעֶזֶר.—[10]) שָׁאוּל, כַּתְרִיאֵל.—[11]) יוֹסֵף.—[12]) יַעֲקֹב, אִיּוֹב, עֵשָׂו.—[13]) צו דעמִינוּטִיווא פון יִצְחָק, יוֹאֵל.—[14]) בָּרוּךְ, נֹחַ, פֶּסַח.—[15]) דָּוִד.—[16]) פִּנְחָס.—[17]) הערש.—[18]) פֶּרֶץ.

אַנמערקונג 1.—דאָס רוב זענען די נעמען העברעיִשע.—

2) לערנערן; — פּולטוראַקן, פּרישבערגן; ראַפּופּורטן, עפּריסן, אורוויטשן, וכ׳.—

3) דים טאַטן, דים זיידן, דים אַלדן, דים מענטשן[1]); משלאַכן.

אַנמערקונג 2.—אין וואַרשע אויך: „דים ברילדורן"[2]), „דים אײַגנ-טימורן"[3]), „דים האַרן"[4]).—

§ 97 — [סופיקס פון אַדיעקטיוון]. — 1) ־ן-סופיקס האָבן מיר אין די אַדיעק-טיוון: — אופן[5]), געלאַסן, טרוקן[6]), זעלטן[7]).

אַנמערקונג.— בײַ ליפשיצן 132: ניכטער, אָבער ניכטערנער [ד. ה. די אומפלעקטירטע פורם — אָהן ן-סופיקס, די פלעקטירטע — מיט] .— בײַ משה מטרקוזע l.c. קי״ה: „ניכטרן"; בײַ טענדלאַו l.c. 300: nüchtern; בײַ לינעצקין l.c. 55: ניכטערין (אומפלעקטירטע פורם מיט ן)[8]).—

2) אויך אין די העברעיִשע (אין קרעמעניצער טראַנסקריפּציע): מסוּכּן[9]), משוגן[10]), קאָטן[11]).—

§ —1) אין ן[12]) ווערטער, נאָך די שוין דערמאָנטע קאָנסאָנאַנטען, פאַר-קומט אויך דער סופיקס, מיט וועלכען עס ווערען אין יידיש געביל-דעט די שטופנפּאַצייכנענדיקע אַדיעקטיוון (על-פּי-רוב פון סובסטאַנ-טיוון, וואָס באַצייכענען חיות, געוויקסען, מינעראַלען און עלעמענ-טען).

ליפשיץ ברענגט: אײַזערן, בליבערן, ביינערן, בלײַערן[13]), גלעזערן, הערן, הילצערן, זילבערן, טכוירן, טשאַוואָנערן, לעמערן, ערדערן, פּאַפּירן, צווערן, צינערן, קופּערן, רינדערן, שטיינערן[14]);

[1]) אויך: „דים אַלד, דים מענטש".— [2]) „מיאַי גיקימע פי מאַאַ ברי-דורן". — [3]) „צהלנגיגענע צי דים אַיגנטימורן". — [4]) „כ׳דאַנק שטאַרק דים האַרן".—[5]) ליפשיץ 36. ווילמטנגס II 436. — [6]) ליפשיץ 106: „טריקן". וויל-מטנגס l.c. — [7]) ליפשיץ 96. ווילמטנגס II 437. — [8]) אויך אין וואַרשע אַזוי.— [9]) מסוּכּן. — [10]) ספּיוואַק-יהואש 175: משוגע׳ן — (בלויז די פלעקטירטע פורם; די אומפלעקטירטע ווערט געברויכט אָהן דעם סופיקס). — [11]) קטן. — [12]) מה״ד -en, נה״ד -en (זעי ווילמטנגס II 438). — [13]) און: „בלײַען". — [14]) 8, 57, 58, 60, 63, 83, 85, 95, 104, 106, 115, 140, 145, 169, 175, 187, 205, 211.—

וואָלן, טאָילן [1]), מעטאַלן, פלאַנעלן, פעלן [2]); — שאָפּן [3]), יאַמ־שאַוון [4]); — טאָמבעקן; ציגן; בלעכן [5]); — ברילִיאַנטן, געווענטן, די־מענטן, דראָטן, זע־הינטן, טאַפּטן, טשערעטן, לאַווענטן (לייווענטן), לאַנקאָטן, סאַמעטן, פּאָישטן [6]); גאָלדן, זיידן [7]); — אוקסן, אַטליסן, גיפּסן, וואַקסן (און וועקסן), פּימסן, פּיקסן, פלאַקסן, פליסן [8]); זאַמשן, שמוישן [9]); ברונזן, גענזן, האָזן [10]); הירזשן [11]); ווייצן, מאַראַנצן, ציצין, קאַצן [12]); וועלטשן [13]).

אָנמערקונג. — אייניקע פון די געבראַכטע ביישפּילן [14]) זענען, אייגענטליך, צונויפגעשטעלט מיט דעם טופּעלען סופיקס „־ערנ" [15]).—

2) אויך פון העברעישע ווערצלען ווערען געבילדעט אַזעלכע אַדיעקטען אַף ־ן: טרעיפן [16]), כעילעוון [17]).—

§ 99—[פלעקסיע פון אַדיעקט]. — 1) ־ן איז, נאָך דיזעלביקע מיטהילכער, די פלעקסיע פון אַדיעקט:

a) פון געניטיוו סינגולאַריס מאַסקולִיני און נעווטרי, ווען ער שטייט פאַר'ן סובסטאַנטיוו, וועלכען ער באַלייט;

b) פון דאַטיוו סינגולאַריס מאַסקולִיני און נעווטרי;

c) פון אַקוזאַטיוו סינגולאַריס מאַסקולִיני.

למשל, אין קרעמעניץ:

א) פּוזיפּיוו: a) „דאָס איז דים גרויסן רעבמס [18]) מופת"; „וויל גיפעלט'אַך דים קליגן [19]) קינדס תשובה?"; — b) „כ'וו גישעינקט אַ ביך דים אַלטן פראַנט [20])"; „וואַרפט אַביין דים עלגטן אינטל"; — c) „פאַר וואָס אוסטו גישלאָגן דים אימגליקלאַכן בעיטלאַ?" —

---

[1]) ליפשיץ לעיגט־אויס: טאָיל (רוסיש: тюль; פויליש tiul); וויל ער מיט דעם י חעלען איבערגעבען די פּאַלאַטאַליזירונג פון ט? אודער פון ל? — [2]) 88, 102, 124, 162, 164. — [3]) ליפשיץ 208 לעיגט־אויס: „שאָפּען", נור ס'איז קענטיק מער ניש ווי א דרוקפעלער. — [4]) 107. — [5]) 102; 170; 60. — [6]) 64, 70, 75, 80, 96, 102, 107, 113, 112, 134, 142. — [7]) 66, 95. — [8]) 41, 3, 67, 88 (92), 159, 161, 162, 163. — [9]) 94, 216. — [10]) 63, 71, 81. — [11]) 85. — [12]) 90, 118, 176, 184. — [13]) 92. — [14]) דער ערשטער, 3־טער, 4־טער, 5־טער, 7־טער, 10־טער, 11־טער, 12־טער, 15־טער, 17־טער, 18־טער. — [15]) = אה"ד rn-iri, מה"ד erîn-, נה"ד ern- (ווילמאַנס II 439). — [16]) ספּיוואַק־יהואש 103: טרפ'ען. — [17]) l.c. 90: הלב'ען. — [18]) רבינס. — [19]) בלומען. — [20]) פריינט. —

און (נאָך ביישפּילען): „דעם ביטאַרן, דאַנקבאַרן, טייאַרן, פינצטאַרן, קלאָרן, שווערן, שיטאַרן; געילן, ווילן, פילן, קילן, שטילן, שמאָלן; — טיפן, שאַרפן, שלאַפן; בלאָווּן, גראָוּן; — גישמאַקן, דיקן, שטאַרקן; קאַרגן, אויכן[1], בלייכן, געילבלאַכן, גרינבלאַכן, ווייכן, קאַלטלאַכן, קילבלאַכן, קריסטלאַכן, ראַכן[2], רויטלאַכן, שוואַכן, שוואַרצלאַכן; — אופטן, אַרטן[3], בּרייטן, גידעכטן, פאַכטן[4], קאַלטן, רויטן, רעכטן, שלעכטן; בלינדן, ווילדן, מילדן; אייסן[5], בלאַסן, גיוויסן, וואַסן[6], ז.סן, נאַסן; בעיזן, לויזן; אידישן, אינגלישן, אַלטפרעינקישן, דאַטשישן[7], דורפישן, וואַבאַשן[8], טאַבלישן[9], טערקישן, לאַטישן[10], מעידלישן, נאַרישן, עינגלישן, פוילישן, פראַנצייזישן, פרישן, קינדישן, ריסישן, שטאָטישן, שליסטאַשן, שנאַדאַשן; פאַלטשן; גאַנצן, קערצן, שוואַרצן, וכ׳. —

ב) קומפּאַראַטיוו: „דעם עלטאַרן, פילאַרן, טיפאַרן, דיקאַרן״ וכ׳. —

ג) סופּערלאַטיוו: „דעם ביטאַסטן, פילסטן, טיפסטן״ וכ׳. —

2) ענליך—באַ אַדיעקטען פון העברעישע ווארצלען. — אין קרעמעניץ:

א) פּוזיטיוו: „דעם קאָשאַרן[11]; — כאָשיוון[12]; — מיסן, עמיסן[13]; אַפּיקורסישן[14], באַלבאַטישן, באַלגאַווישן[15], גאַזלאָנישן, גווירישן, גנייווישן[16], טיפּשישן, יאַכסאָנישן, יכוימישן, כאַזאָנישן[17], כאַזאַשן[18] (און: כאַזירישן), כסידישן, לומדישן[19], מאַגידישן, מאַמזערישן (און: מאַמזאַשן)[20], מיוונישן[21], מילאַמדישן[22], מימכישן[23], נגידישן, סוכ-

1) הויכען. — 2) רייכען. — 3) האַרטען. — 4) פייכטען. — 5) הייסען. — 6) ווייסען. — 7) רייטשישען. — 8) ווייבערשען. — 9) טייבלישען. — 10) לייטישען. — 11) צו: כָּשֵׁר (ספּיוואַק-יהואש 126). — 12) צו: חָשׁוּב (l.c. 97). — 13) צו: מֵאוּס, אֱמֶת (l.c. 138, 13). — 14) פון: אַפּיקורסיש (l.c. 15). — 15) בַּעַל־הַבַּית׳יש, בַּעַל־גַאֲוָה׳יש. — 16) פון: גַזְלָנ׳יש, גְבִיר׳יש, גַנָב׳יש (l.c. 50, 47, 54). — 17) פון: יַחְסָנ׳יש, יְתוֹמה׳יש, חַזָנ׳יש. — 18) l.c. 86: חָזִיר׳ש. — 19) פון: חָסִיד׳יש, לוֹמד׳יש (l.c. 94, 132). — 20) פון: מַמְזֵר׳ש (l.c. 161). — 21) פון: מֵבִינ׳יש. — 22) פון: מְלַמֵד׳יש (l.c. 160). — 23) פון: מומחה׳ש. —

דישנ[1]), עוויוינישנ[2]), פריצישנ, קאמצאנישנ[3]), קאפצאנישנ[4]), קאבצא־ווישנ[5]), רוצכישנ[6]), שוכטישנ[7]), שכיינישנ[8]), וכ'.—

ב) קומפאראטיוו: „דעים קאשאראַרנ; כאשיוואַרנ; — מיסאַרנ, עמיסאַרנ; אפיקורסישאַרנ, באַלבאַטישאַרנ”, וכ'.

ג) סופערלאטיוו: „דעים קאשאַסטנ, כאשיפסטנ, מיסטנ, וכ'.

§ 100 — [אין הויפטצאָלװערטער]. — אין נ ווערט אָפגעשוואַכט דאָס צווייטע גליד אין די נומעראַליאַ פון 13 ביז 19.

בא ליפשיצן[9]): דרייצנ, פיפצנ, אַכצנ, נײַנצנ.—„פערצנ” און „זעכצנ” הוט ער פשוט פאַרפעילט, און אָנשטאָט „זיבעצנ” געפינען מיר באַ אים, קענטיק מיט אַ טעות-הדפוס: „זיבעצין”[10]).—

אַזוי—אין אַלע יידישע מ"מ. נאַטירליך, מיט געוויסע עטימולאָגישע ניואַנסען בנוגע צו דעם איבעריקען לויטבאַשטאַנד פון די וואָקאַבלען[11]). —

§ 101 — [פלעקסיע פון אורדנונגסצאָלווערטער]. — נ איז די פלעקסיע פון אורדינאַלע צאָלווערטער:

a) פון געניטיוו סינגולאַריס מאַסקוליני און נעווטרי, ווען ער שטייט פאַר'ן הויפטוואָרט, אודער פאַר'ן אַדיעקט, וואָס באַלייט דעם סובסטאַנטיוו;

b) פון דאַטיוו סינגולאַריס מאַסקוליני און נעווטרי;

c) פון אַקוזאַטיוו סינגולאַריס מאַסקוליני.

אין קרעמעניץ: דים עיאַשטנ, צווייטנ, דריטנ, פערדנ, פיפטנ, זעקסטנ, זיביטנ, אַכטנ, נאַנטנ, צענטנ, עליפטנ, צוועליפטנ[12]), ...

---

1) פון: נגיד'יש, סוחר'יש (l. c. 182, 193). — 2) פון: אביונ'יש. — 3) פון: פריצ'יש, קמצנ'יש (l. c. 222, 235). — 4) פון: קבצנ'יש. — 5) פון: קבצ'יש (l. c. 236), — 6) פון: רוצח'יש. — 7) פון: שוחט'יש (l. c. 252).— 8) פון: שכנ'יש.— 9) ז"ז 80, 160, 25, 132. — 10) ז' 95. — 11) אין קרעמעניץ, אין שיעדליץ: דראַצנ, זיביצנ, נאַנצנ; אין פיליה: דראַאַצנ, זיבצנ, נאַאַנטסנ (אים איבעריקען—ווי אין קרעמעניץ, ווי באַ ליפשיצן); אין וויטעגרוד: פפיפטצנ, זזאַכטצנ, זזיבטצנ, אַכטצנ, נאַאַטצנ (אים איבעריקען—ווי אין פיליה); אין וואַרשע: פאַרצנ, זאַכצנ, זיביצנ, נאַאַנצנ (אים איבעריקען—ווי אין פיליה); אין דריליפש: אַכטצנ, נאַאַצנ (אים איבעריקען—ווי אין וואַרשע).— 12) אין וואַרשע: עיושטנ (עישטנ),

צוואָנציקסטן, איינינצוואָנציקסטן, צווייִנצוואָגציקסטן, ... נאַגינאַנציקסטן, אינדאַטסטן[1], צווייִנדאַטסטן, ... טויזנטסטן[2], צווייטויזנטסטן", א. ט. ח., א. א. וו. —

§ 102 — [אין נומעראַליאַ צו צייטבאַצייכנונג]. — 1) די פּויליש-יידישע מ״מ האָבען אַ ספּעציעלע גרופּע נומעראַליאַ, וואָס דינען צו צייטבאַצייכ־נונג. אין איינינקע מ״מ גייט אַ טייל פון דידזיקע צאָלווערטער אויס אַף נ.

— „אַינסן, פּירן, פּיניוון, זעקסן, אַכטן, עליוון, צוועליוון"[3], — איז אין פּיליוו, אין אופּאַלע, אין לענטשנע דער ענטפער אַף די פראַגע: „ווי שפּעט איז?", אודער: „ווען (זול דאָס און דאָס גישין ווערען)?" —

אויך: „פּאַר אַינסן, נאָך אַינסן; פּאַ פּירן, נאָך פּירן" א. ט. וו. —

אין לענטשנע אויך: „האַלב אַינסן, האַלב פּירן", א. ט. ח.

[אין אופּאָלע, דאַגעגען: „האַלב אַינס, האַלב פּיע", וכ׳].

אַנמערקונג 1. — אין וואַרשע איז די פראַגע: „ווי שפּעט איז[4]?", אודער: „ויפוּ שפּעט איז?"[5]. — די תּשובה: „אַינסע[6], צוואַיע, דראַיע, פּירע, פּיניוועע, זעקסע, זיבינע, אַכטע, נאַאַנע, צעינע[7], עליוועע, צוועליוועע"[8].

ענליך אין גאַשעלסק, פּלענדוו, לאַגוחיץ, קינסק, א. א. ח.

---

צווייטן, פאַרדן, נאַאַנטן, צעינטן (אים איבעריקען — ווי אין קרעמעניץ) ז אין דרילטש: עשטן, נאַאַט, טצעיט, עליפטן, צוועליפטן (אים איבערי־קען — ווי אין װאַרשע). —

[1]) אין וואַרשע: הינדוטסט. — [2]) אין וואַרשע: טויזנטסטן. — [3]) אובער: „צוואַיין, דראַיין, זיבינו, נאַאַני, צעיני" (אין לענטשנע — דער ענדזילבוואָ־קאַל, אייגענטליך: שטאַרק געשלוסענער ע). זול די אורשפּרינגליכע פאָרם פון די לעצטע דריי האָבען געוועזען זיין: „זיבינין, נאַאַנין, צעינין", נור דער שלוסנאַ־אַל זול האָבען פאַרשוואונדען געוואָרען צוליב דיסימילאַציע? — [4]) אויך אין דרילטש. — [5]) אין פּולטוסק נוך: „וויפל אי דע זייגע?". — [6]) דער אויס־לויטוואוקאַל אין אַלע — געשלוסען. — [7]) ענליך אין דרילטש, נור דורט דער ענדוואָ־קאַל נוך מער געשלוסען. — [8]) אין דרילטש: עליווע, צוועליווע (מיט שטאַרק געשלוסענעם ענדוואָקאַל). —

אין פולטוסק, אין וויערושוו[1]) איז די ענדונג פון די צאַפּצייכנונגס-נאמינאליס: -י[2]); אין וויסקיט — ו (u); אין מאקאוו — ו (o).

אין ווישעגראד: „ווי פיל איז יעצט?" — „איסי[3]) דער זייגער; טצוואַיי, דראַיי, פירי, פיניווי[4]), זעקסי, זיבינגי, אַכטי, נאַאנע, טצעינע, עליווי[4]), טצוועליווי[4]) דער זייגער". —

אנמערקונג 2. — אין קרעמעניץ איז די פראגע וועגן דער צייט: א) „ויפל איז אַצינד דאַ זעיגאַ?", „ויפל קען אַצינד זאַן דאַ זעיגאַ?" — דער ענטפער: „איינס אַ זעיגאַ, צוויי אַ זעיגאַ", א. א. וו.[5]).

ב) „ווען (אודער: „ויפל אַ זעיגאַ) זאל'אך קימין?" — די תשובה: „זעיגאַ איינס, זעיגאַ צוויי"; אודער: „איינס דים זעיגאַ, צוויי דים זעיגאַ", א. א. וו.; אודער (קינדער און דער המון ענטפערן אזוי): „זעיגאַ איינס דים זעיגאַ, זעיגאַ צוויי דים זעיגאַ", א. א. וו. —

אין שידלעץ: א) „וויפל איז דאַ זעיגאַ?" — „דאַ זעיגאַ איז איינס, צוויי, דראַי" א. א. וו.; —

ב) „ווען אַ זעיגאַ זאל'אך קימען?" — „קימטץ איינס אים זעיגאַ, צוויי אים זעיגאַ", א. א. וו.; אודער: „קימטץ אַ זעיגאַ איינס אים זעיגאַ". —

נאַ לינעצקין l.c.: „געקומען בין איך ארום איינס אזייגער"[6]); — „גילערינט ביז זייגער צוויי"[7]); — „ארים זייגער דריי"[8]); — „מיר האבן אוף אים גיהארט ביז זייגער צוועלף"[8]); — „קורץ גירעט ארים צוועליף"[8]). —

2) וועגען דער נאַטור פון דעם -ג (ווי אויך פון די ענדונגען: -ין, -ען, -ע, -י, -ו, -ע, -י) אין די געבראַכטע שעה-באַצייכנונגנומעראַליאַ איז מיר פארלויפיק נאך שווער אַרויסצוזאָגען אַ באַשטימטע מיינונג. זול מען

---

[1]) אין וויערושוו, אלס אויסנאם: דראַאַ (ניט דראַיי). — [2]) אין ווארשע אין וויסקיט, אין דרילטש: האַלב אַינס, האַלב צוויי, האַלב דראַאַ א. א. וו.; אין פולטוסק, דאגעגען: האַלב אינסי, האַלב צוואַיי, האַלב דראַיי א. א. וו. — [3]) דער ענדוואקאל אין אלע דידוזיקע נומעראליא (אויסער דעם פערדען) נאַזאַלירט, אובער ניט שטארק. לויט די אלגעמיינע פארהעלטענישען אין דער ווישעגראדער מונדארט, קען מען דא זעין שפונטאנע נאזאלירונג, ניט שפור פון פאריאונדע נעם שלוסנאזאל. — [4]) ענדוואקאל אין דעם וואקאבעל זייער אופען. — [5]) „פאר איינס אַ זעיגאַ"; „נאָך איינס אַ זעיגאַ"; „האלב איינס אַ זעיגאַ". — [6]) ז' 34. — [7]) ז' 3. — [8]) ז' 29. —

די ענדונגען אָנעמען פאַר אַ פּלעקסיע? זולען די וואָקאַבלען אײַ־בערהויפּט באַטראַכט ווערען אַלס סובסטאַנטיוויִרטער קאַזוס (דאַטיוו?) פון נומעראַליאַ קאַרדינאַליאַ[1]? —

§ 103 — [פלעקסיע פון קאַרדינאַלצאָלען?]. — 1) נ זעיען מיר באַ קאַרדינאַל־צאָלען אין אַזעלכע אויסדרוקען, ווי:

קרעמעניץ: „גיבויגן אין פירנ״[2]). — שיעדלעץ: „גיבויגן אין פירנ, אין זעקסנ, אין אַכטנ[3]). — דרילטש: „אַגיבויגן אין פירנ[4])״. —

ליִנעצקי l.c[5]): „צוא בראָכען אונ פירען״[6]), „אין פירין צו זאַמען גיליִיגט״. —

2) זעי צו דעם §: ווילמאַננס III (צווייטע העלפט) ז׳ 446. —

§ 104 — [פלעקסיע פון פּראָנאָמינא]. — נ־פלעקסיע הובען אײניקע פּראָנאָמינאַ אַדיעקטיוואַ. — טווי, אין קרעמעניץ, למשל:

a) „דימדוזיקנ[7]) מענטשנס אימגליק״ (געניטיוו סינג׳ מאַסק׳), „דימדוזיקנ קינדס עלטאַרן״ (געניטיוו סינג׳ נעווטרי); — „כ׳וו דימדוזיקנ מענטש (אודער: קינד) נישט איין טובה שוין גיטוּן״ (דאַטיוו סינג׳ מאַסק׳ און נעווטרי); — „כ׳קען דימדוזיקנ מענטש נישט אָנקוקן״ (אַקוזאַטיוו סינג׳ מאַסק׳).

b) ענליך -- באַם פּראָנ׳ דעמונסטראַט׳ „דאַזעלביקאַ״[8]); — באַ די פּראָנומ׳ אינטעררוגאַטיוואַ און רעלאַטיוואַ: „וואָסאַראַ״,

---

[1]) פאַרגלײַך ווילמאַננס III (2־טע העלפט) 446. — [2]) און: „אין דרײַען״. אויך: „כ׳ל דאַ צישפּאַלטן יִם קופּ אוֹף צווײַען״ — [3]) און: „אין דרײַען״. — [4]) און: „אין צוואײַען, אין דראײַען״. — [5]) ז׳ 31. — [6]) און: „דער מלאך דומה צו שפּאַלט דעם מת דען בויך אוף צווייען״ (ז׳ 32), „צוא ברעכען אַפּוּם אין דרייען״ (ז׳ 33). —

[7]) פּראָנ׳ דעמונסטראַטיווום. — ליִפּשיץ 76: דערדוזיקער. — אין „ספר של ר׳ אַנשיל״, דף כ״ה ז׳ b: „זאת — דהם דהזיג״. — אין וואַרשע: „דאַדאָסיקע (אין אופּטלע: דעדאָסיקע — דידאָסיקע — דאָסדאָסיקע״. — [8]) אין „ס׳ של ר׳ אַנשיל״ דף כ״ו, ז׳ b: „ההוא — דער זעלביק״. —

„וועלאַבאַ״ [1]) ; — באַ די פּראָנאָמ׳ רעלאַטיווע: „איטלאַכאַ״ [2]) , „יעדאַ״ [3]) , „יעדאַראַ״;

c) „כ׳וב עימיצנ״ [4]) גיגיבם״ (דאָסיוו), „כ׳וב עימיצנ גיזעין״ (אַקוזאַטיוו);

d) „ר׳וט דאַלאַנקט אַ מתנה דים טאַטן איגרנ [5])... דים קינד איגרנ״ (דאַטיוו סינג׳ מאַסק׳ און נעוטר׳); — „ר׳וט באַגעגנט דים ברידאַ איגרנ״ (אַקוזאַטיוו סינג׳ מאַסק׳). —

§ 105 — [אינפיניטיווענדונג]. — 1 -נ איז (נאָך די אַוויפיל מאָל שוין דערמאָנטע קאָנסאָנאַנטען) די ענדונג פון יידישען אינפיניטיוו. — באַ ליפשיצן [6]):

בלעטערנ, האַרנ, קעהרנ, שאַרנ, שערנ, שפּאַרנ; אַילנ, היילנ, וועלנ, קוועלנ, קנעלנ, שטעלנ; — לויפנ, קויפנ, שטיפנ, שטראָפנ, שלאָפנ, שלייפנ; פּרייונ, פּאַרפּלאָוונ; — באַקנ, ברוקנ, הקנ, לעקנ, קוויקנ, קנאַקנ; וועיגנ, זאָגנ, זייגנ, ליגנ, נאָגנ, קלאָגנ; ברעכנ, זיכנ, לאַכנ, קוכנ, קריכנ, שטעכנ; — בעטנ, בעיטנ, האַלטנ, היטנ, קנעיטנ, שעלטנ; באָדנ, בינדנ, זידנ, לאָדנ, רעדנ, שניידנ; הייסנ, וויסנ, עסנ, פרעסנ, רייסנ, שיסנ, וואַשנ, ווישנ, יודישנ, לעשנ, מישנ, נאַשנ, קישנ; בענטשנ, גליטשנ, ווינטשנ, טייטשנ, קוועטשנ, קנייטשנ; האַלזנ, וויינג, לוזנ, מיזנ, נעיזנ, שפּייזנ; הייצנ, זיצנ, קריצנ, רייצנ, עוויצנ, כניצנ, א. א. ח. —

---

[1]) „וואַסאַרנ וויכטי?״, „וועלאַכנ וויכטי?״ — ; — „וואָסערנ די וויסט — נעם דאַ״, „נעם דאַ וועלאַכנ די וויסט״. [ליפשיץ 88: װאָסער; l.c. 92: וועלכער (מאַסק׳), וועלכם (נעוטר׳)]. — [2]) ליפשיץ 8: איטלעכער, -ע, -לעכס. — [3]) ליפשיץ 109: יעדער, יעדע, יעדעס. — הארקאַווי 173: יעדער. — [4]) פּראָנ׳ אינדעפיניטום, אָהן געשלעכט. הארקאַווי 50, דרייזין 297: אימעצער. — [5]) פּראָנ׳ פּאָססעסיווום. — [6]) 60, 83, 199, 208, 218, 218; 8, 84, 92, 186, 199, 212; 111, 181, 211, 212, 214, 215; 166, 146; 55, 63, 83, 115, 186, 199; 92, 93, 95, 113, 128, 183; 64, 95, 112, 181, 201, 212; 61, 61, 82, 84, 199, 217; 51, 59, 95, 111, 206, 217; 84, 91, 140, 167, 205, 214; 89, 91, 108, 110, 123, 131, 188; 62, 68, 91, 103, 180, 199; 82, 90, 111, 121, 133, 218; 85, 96, 201, 205, 209, 217. —

אָנמערקונג. — דאָס זענען אויך די פֿורמען פֿון ערשטער און צווייטער פּערזון פּלוראַליס פּרעזענטיס אינדיקאַטיווי און אימפּעראַטיווי! [אויסנאַם: ווילן (אינפֿ׳: וועלן)]. —

§ 106. — 1) די צײַטווערטער מיט העברעישן שורש טיילן זיך אין דער הינזיכט אַף צוויי גרופּעס: אין איינער ווערט די אינפֿיניטיוו-ענדונג (נאָך די מיטהילכער, וועלכע זענען אָנגעוויזן אין § 90) אָפּגעשוואַכט אין ‑ן, אין דער אַנדערער — נישט. — למשל, אין קרעמעניץ:

a) אַיוואַרן, אַסערן, דאַבאַרן, כאַוואַרן זאַך, כאַזאַרן, מאַסאַרן, מיסאַרן, פּאַטאַרן, פּעיגאַרן, קאַשאַרן, שיקאַרן [1]); פּוילן [2]); — נויפֿן, קישיפֿן, רוידיפֿן [3]); ילשיוון זאַך, קאַסווין [4]); — מאַזיקן, ניזיקן, סאַפּיקן זאַך, סיליקן, עיסיקן זאַך [5]); אוירינגן, נעריגן [6]); אוילאַכן, כוישאַכן [7]);— געטן, מישפּיטן, שעכטן [8]); שמאַדן [9]); ייכיסן זאַך, מיסן זאַך, מעימיסן, עידיסן זאַך, פּאַקנאַסן, קאַסן זאַך, שמיסן [10]); איפּישן, כאַלישן, כידישן זאַך, ראַשן [11]); אויסשייגיצן [12]).

b) מאַליגעירין [13]); — כאַנפֿין, סאַרפֿין [14]); גאַנווין, קאַסווין [15]);— באַטקין, דוויקין זאַך, מייקין, פּאַסקין [16]); אַרגין, דאַגין [17]); אַלכין [18]); —

[1]) ספּיחאָק-יהואָש: אַויר׳ען, אַסר׳ען, דבר׳ען, חבר׳ען זיך, הזר׳ען, מסר׳ען, מוסר׳ען, פּטר׳ען, פּגר׳ען, כּשר׳ען, שכּור׳ען (ז״ו 5, 14, 57, 81, 86, 164, 146, 217, 214, 126, 256). — [2]) l.c. 215: פּועל׳ען. — [3]) l.c.: נואף׳ען, כּשוף׳ען, רודף׳ען (184, 125, 242). — [4]) l.c.: ישוב׳ען זיך, כּתב׳ען און כּתב׳ענען (113, 127). — [5]) l.c.: מזיק׳ען, נזוק׳ען, ספּק׳ען זיך, סלוק׳ען, עסק׳ען (149, 185, 197, 195, 208). — [6]) l.c: הורג׳ען, נהרג׳ען (63, 183). — [7]) l.c.: הולך׳ען, השכּ׳ען (63, 97). — [8]) l.c: גט׳ען, משפּט׳ען, שחט׳ען (50, 178, 254). — [9]) l.c. 260: שמד׳ען. — [10]) l.c.: יחוס׳ען זיך, מאוס׳ען זיך, ממית׳ען, עדות׳ען זיך, פּאַרקנס׳ען, כּעס׳ען, שמועס׳ען (108, 138, 161, 201, 214, 123, 260). — [11]) l.c.: עפּוש׳ען, חלש׳ען, חדוש׳ען זיך, רעש׳ען (208, 91, 81, 245). — [12]) l.c.: 5. — [13]) l.c. 166: מעלה־גרה׳ן. — [14]) l.c.: חנפֿ׳ען און חנפֿ׳ענען, שרפֿ׳ען (93, 267). — [15]) l.c.: גנב׳ען און גנב׳ענען, כּתב׳ען און כּתב׳ענען (54, 127). — [16]) l.c.: בּדק׳ען און בּדק׳ענען, דבק׳ען- און דבק׳ענען זיך, מקיא׳ן און מקיא׳נען, פּסק׳ען און פּסק׳ענען (22, 56, 155, 177, 221). — [17]) l.c.: הרג׳ען און הרג׳ענען, דאגה׳ן און דאגה׳נען (69, 55). — [18]) l.c.: הלכ׳ען און הלכ׳ענען (65).

סוידין זאַך [1]; קאַנסין [2]; דאַרשין, יאַרשין [3]; דאַראַגזין [4]; עיצין [5].

2) דער הויפּטאונטערשיד צווישען די צוויי גרופּעס באַשטייט אין דעם, וואָס די ווערבען פון דער ערשטער האָבען מערסטענטיילס די אינפיניטיוועגדונג אין דער דריטער זילב [6]) נאָכ'ן הויכטאָן [7], די ציַיטווערטער פון דער צווייטער גרופּע — שטענדיק אין דער צווייטער זילב נאָך דער געקוועטשטער [8].

אַנמערקונג. — דעם יידישען שפּראַכגעפיל זענען, אויבער, קענטיק, אומאַנגענעם, אומבאַקוועם העברעיִש־שטאַמיקע ווערבען מיט דער אינפיניטיוועגדונג אין צווייטער זילב נאָכ'ן הויכטאָן. און אין דעם, וואַרשיינליך, שטעקט די דערקלערונג פון דער אינטערעסאַנטער דערשיינונג, וועלכע וואַרפט זיך אין די אויגען אין די אַנמערקונגען 18-14,4 אונטער'ן טעקסט אף ז' 132: כמעט לעבען איטליכען ווערב פון דער גרופּע b [9]

---

1) l.c. 192: סוד'ען. — 2) l.c. 236: קְנָס'ען און קְנָס'ענען. — 3) l.c.: דַרש'ען און דַרש'ענען, יַרש'ען און יַרש'ענען (61, 113). — 4) l.c. 59: דער'רַגז'ען און דער'רַגז'ענען. — 5) l.c. 209: עֵצָה'ן. —

6) נאַטירליך, די ריִיד איז דאָ פון די איינפאַכיקע פאָרמען, נישט פון די קאָמפּאָזיטע מיט איינער פון יענע פּרעפּאָזיציעס, וועלכע נעמען איבער דעם הויכטאָן אף זיך. —

7) אויסנאַם: „פּוילן, געטן, שעכטן, שמאַדן, מלסן, קנאַסן". — אין „קאַסן" און „ראַשן" איז דער a לאַנג, כמעט איבערלאַנג (ווי פאַרמופּעלט).—

8) נוך אַ שטריך: דער וואָקאַל פון דער געקוועטשטער זילב אין די ווערבען פון דער ערשטער גרופּע איז על פי רוב דערהייגענער, ווי אין דעם העברעיִשען שורש (אין דער פאָלקסאַימליכער, מונדאַרטליכער הברה). אין קרעמעניץ: אוילאַכן (יידיש) — אוילַיִך (העברעיִש; ═ הולך); אין ליטע: הייִלעכן (יידיש) — היילעך (העברעיִש).

אין די ציַיטווערטער פון דער צווייטער גרופּע, דאַגעגען, ווערט דער וואָקאַל פון דער הויכטאָנטער זילב אין העברעיִשען שורש וויִער אויפּ קוואַליטאַטיוו געענדערט; דער זעלבסטהילכער פון דער ערשטער נאָכהויכטאָניקער זילב פאַרשווינט דערביַי, און דאַדורך ווערט עס דאָס וואָרט אָרימער מיט אַ זילב [זע פּסיכאָ יהואש 108, 113: יוֹרֵש — יַרְש'ען]. — ווען דער העברעיִשער שורש איז געווען איינזילביק, שפּרינגט אַמאָל דער קוואַליטאַטיוו געענדערטער וואָקאַל וויַיטער איבער הינטערוויַילעכין [זע פּס׳ יהואש 220—221: פְּסָק — פַּסְק'ען]. —

9) אַלע ציַיטווערטער פון דער גרופּע זענען צווייזילביקע (נאַטירליך, נישט רעכענענדיק די מעגליכע פּורזילבען). —

עקוויוואלענט א פאראלעלישע דרייזילביקע[1]) פורם, וואס איז געבילדעט פון דער צווייזילביקער מיט דער הילף פון דער זילב -ענ-[2]), וועלכע ווערט אריינגעשטעלט צווישען העברעישען שורש און דער אינפיניטיוו-ענדונג[3]). די דרייזילביקע פורמען איז אין מויל פון פולק עפטער צו הערען, ווי די צווייזילביקע[4]). —

3) צו דער צווייטער גרופע דארפען פארעכענט ווערען אויך יענע פון העברעישע שרשים געבילדעטע ווערבען, וואס האבען צווישען וואר-צעל און דער אינפיניטיוו-ענדונג אַ וואסער ניט איז סלאווישען סופיקס. — אזוי, באַ ספיוואַק-יהואש[5]): בַעל-הַבַת'עווען, לֶצ'עווען[6]): צבוע'יאַטשען[7]).

§ 107 — [סופיקס פון פאַרטיציפיום פרעטעריטי]. — 1) שטאַרקע ווערבאַ ביל-דען דעמדוזיקען פאַרטיציפ מיט דער ענדונג „-ען", וועלכע ווערט, נאָך די אין § 90 דערמאַנטע מיטהילכער, פאַרקירצט אין -ן̥. — צ. ב. אין ווארשע:

---

[1]) אויך ניט רעכענענדיק די פורזילבען. — [2]) אלזו, מיט א ן-סופיקס. —

[3]) לעצן̥ (ספ'-יהואש 136: לֶצ'ען), וואס באלאנגט צו דער גרופע a, האט אויך א פאראלעלישע פורם לעצווען (l.c. לֶצ'ווען). —

[4]) פון די פורמען מיט דעם ן-סופיקס, וואס זענען געבראכט אף ז' 132 אין די אנמערקונגען אונטערן טעקסט, ווערט אין קרעמעניץ ניט געברויכט בלויז: „דאנה'נען". צו „שַרפ'ען" האט די קרעמעניצער מונדארט א פאראלעלישע פורם: „סאַרפינען". — [5]) ז"ז 35, 136, 225. —

[6]) די זילב -עוו- (w-סופיקס) == דעם פוילישען -ow-, -yw- [אין דער ענדונג פון אינפיניטיוו -ować, -ywać (זעי ד"ר אנטאני מאלעצקי l.c. I 314)]. דעם וו-סופיקס זעען מיר אויך אין רוסישע ווערבען (אין די זילבען -ов-, -ев-, -ыв-, -ив- פאר דער אינפיניטיוו-ענדונג -ать), ווי אויך אין קליינרוסישע (אין kupowaty וכ'). —

[7]) אין דער זילב -אַטש- איז פאר אונז דער ווערבאלער טש-סופיקס, וואס שטאמט פון נומינאלען ק-סופיקס. צוויאַטשען — פון צוויאַק [„צבוע'יאק" (ספ'-יהואש 225)], ווי די פוילישע dziwaczyć, łajdaczeć (łajdaczyć) — פון dziwak, łajdak; ווי די רוסישע дурачить, околпачить, чудачить, ополячить, отуречить — פון дуракъ, колпакъ, чудакъ, полякъ, турокъ. —

גיװירנ[1], גיפּרוירנ (אויך: צוגיפּרוירנ א. ז. װ.), פּאַלוירנ, גי-שווירנ, גישוירנ[2]; גיפּולנ[3], גיקוואָלנ[4], גישוואָלנ[5]; — באַדוירפנ[6] (אויך: גידוירפנ), גיהולפנ, גיוואָרפנ, גיטרופנ, גילופנ, גירופנ[7],

---

[1]) אויך אין דרילטש, אופּאַלע, סומפּולנע. — אין טאַרלע: גייעט; אין קרעמעניץ: גייאַט. — אין יוזעפּוו (לובל. ג., פּילעט. א.): גייעט (אין נייטראַלער פּראָזע; למשל: „ס'טײַק הוט שוין גייעט") און גיוירנ (אין פּרעג-זאַץ: „ס'טײַק הוט שוין גיווירן?") — אינפיניטיוו: יערנ (אין סומפּולנע: יוירנ). —

[2]) אויך אין קרעמעניץ, דרילטש, טאַרלע, יוזעפּוו, אופּאַלע, סומפּולנע אאַז. — אינפּ': פּרירנ [זעלטען אפילו. עפּעס: גיפּרוירנ ווערנ (דרילטש, טאַרלע, אופּאַלע, סומפּולנע א. ז. װ.)], פּאַלירנ (סומפּולנע: פּערלירנ), שווערנ, שערנ. —

[3]) אויך אין גער, דרילטש, טאַרלע, יוזעפּוו, אופּאַלע, סומפּולנע. — אינפּ': גיפּעלנ (וואַרשע, גער, יוזעפּוו, סומפּולנע), גיפּעלנ (דרילטש, טאַרלע). — אין קרעמעניץ דער פּאַרט' גלײַך דעם אינפּ': גיפּעלנ (ליפשיץ 71, אינפּ': גע-פּעלנ). —

[4]) ד. ה. „געסרײַט זיך, צופרידען געווען, הנאה געהאַט". אין דרילטש, טאַר-לע, יוזעפּוו, אופּאַלע, סומפּולנע — ווי אין וואַרשע. — אין קרעמעניץ איז דער ווערב שוואַך (פּאַרט': גיקוועלט). ליפשיצן l.c. ז' 53: „אָן גיקוועלט". — אינפּ': קוועלנ (וואַרשע, יוזעפּוו, אופּאַלע, סומפּולנע, קרעמעניץ), קוועלנ (דרילטש, טאַרלע). —

[5]) אויך אין דרילטש, טאַרלע, יוזעפּוו, אופּאַלע, סומפּולנע, קולנע, קרעמע-ניץ. — אינפּ': גישוואָלנ ווערנ (וואַרשע, דרילטש, טאַרלע, יוזעפּוו, אופּאַלע, סומפּול-נע, קרעמעניץ); גישוואָלנ ווערנ (קולנע); שוועלנ [אין דרילטש (אפילו זעלטען געברויכט)]; גישווילנ (סקאַטשעוו). —

[6]) אויך: בעדוירפנ, ב'דוירפנ (געדוירפנ, ג'דוירפנ). — דער ווערב איז שטאַרק אויך אין ראַדזימין, יוזעפּוו, אופּאַלע, ראַדזין, פּאַרטשעוו, דרילטש, טאַרלע. אינפּ': באַדאַרפנ (עפּעס: בעדאַרפנ, בידאַרפנ, ב'דאַרפנ), דאַרפנ. — אין קרעמעניץ: באַדאַפט, גידאַפט (אינפּ': באַדאַפנ, דאַפנ). — אין סומפּולנע איז דער ווערב לגמרי אומבאַקאַנט. —

[7]) אינפּ': העלפנ (אין דרילטש, טאַרלע: העלפנ), וואַרפנ (אין קרעמעניץ: וואָרפנ), טרעפנ, לויפנ, רופנ. — די פּאַרט' אין דרילטש, טאַרלע, יוזעפּוו, אופּאַלע, סומפּולנע, קרעמעניץ — ווי אין וואַרשע. —

גוטן ווייס הש"י וויל האבן דען הש"י הייסט (טוב) אונ די נשמה פון מענשן הייסט אויך (טוב) ווייל זי איז איין טייל פון די שכינה אונ דער (ילד טוב) איז איין (אפוטרופס) איבר די נשמה דרום הייסט ער (ילד טוב)" ...

אין „ספר ספורי הפלאות" [1]) ט': ..."דא פֿאנגט אן דר יונגסטר ברודר מיט איין (מזות מלח) אונ זאגט · איר ליבע לייט איצונד זעהט

---

החשובה הגבירה מרת הייה אלמנת ר' אליטלך וצ"ל. בשנת ופריו ימתק להיך הקורא בו לפ"ק.

[ אף דעם ראנד פון שער-בלאט פון אלע 4 זייטן פסוקים. רעכטס, פון אונטן ארויף: „אורך ימים בימינה בשמאלה עושר וכבוד"; לינקס, פון אויבן אראפ: ...„היא למחזיקים בה ותומכיה מאושר"; אונטן, מיט'ן קאפ אראפ: „דרכיה דרכי נועם וכל נתיבותיה שלום"; אויבן... (אין מיין עקזעמפלאר אפגעריסן) ].

דאס ספר איז — די יידישע איבערזעצונג פון „קיצור שני לוחות הברית", דער מחבר פון העברעישן אָריגינאל — ר' יחיאל מיכל ב"ר אברהם סג"ל עפשטיין. [בן-יעקב, ז' 535 נ' 531, רעכענט-אויס בלויז די העברעישע אויסגאבן; דערמאנט אפילו די יידישע איבערזעצונג, נור הייסט נישט אן, ווען און וואו זי איז געדרוקט געוואָרן]. —

[1]) „ספר ספורי הפלאות אדער געריכטע געשיכטע. דיזעס ספר איז נידרוקט געווארן בשנת תס"ה. ונקרא בשם מעשה בוך. אונ איצונד האט הרבני מוהר"ר אליעזר פאווער ספרא דק"ק זאלקווי דאס ספר מעתיק געוועזן ללבון לח ונקי. כדי אז יעדרר זאל קענן בהענד לייענן. וירוץ הקורא בו ונקרא בשם ספורי הפלאות ווייל אין דיזן ספר ווירד דער ציילט פיל וואונדרליכע מעשיות פון הגאון החסיד ר' יהודה ואביו הגאון ר' שמואל חסיד זכותם יעמוד לנו. אויך ווירד דרינן דער ציילט זאר מעשיות נפלאים. דרום מאנן אונ ווייבר זאלן קופן דאס ספר בהענד. אונ זאלן ניט חס זיין אויף דעם געלד. בזכות זה ווערט קומן אונזר גאולה גשווינד אונ באלד. אמן כן יהי רצון: — ווארשא... שנת תר"ה לפ"ק. 4°

בן-יעקב ז' 424 נ' 468 רעגיסטרירט: „ספורי הפלאות. ה"ר אליעזר פאווער ספרא דזאלקווא...: זאלקווא, תקס"...; ווילנא, תקצ"ז, 4°; ווארשא, תרי"ג, 8°" (אף ז' 353 נ' 1794 פארצייכנט ער באזונדער אלעמגערגער אויס-

ווי מיינע ברודר מיט מיר ביז אהער האבן גהאנדלט· אילונד זעס איך
דז דעכט וועגן האבן מיר מיינע ברודער אלע ווילי געלד גגעבן

---

גאב פון יאר 1851, 4⁰). — דער אויסגאב, וועלכען איך ציטיר, איז בא דעם ביב·ליוגראף נישט דערמאנט. — [איך הוב אין מיין ביבליוטעק אויך דעם ווארשעווער אויסגאב פון יאר תרי״ג און נוך אנ׳עקזעמפלאר, אין 4⁰, נור אהן טיטעלבלאט (קעניניק, אנ׳עלטערער דרוק; מעגליך, דער זשולקווער אודער ווילנער)].

ס׳איז דאס בארימטע „מעשה-בוך״ [יידישע איבערזעצונג פון העברעישען „ספר המעשה״, וואס זיין מחבר איז געוועזען ה״ר אשר אנשיל ב״ר ליזר הזן (זעי: בן-יעקב ז׳ 353 נ׳ 1793)]. מ. גרינבוים (l.c. 385 — 458) באהאנדעלט צוויי אויסגאבען פון יידישען „מעשה-בוך״: איינער געדרוקט אין „ווילמרשדארף״ (דעם יאר פון דרוק נישט אנגעוויזען), דער צווייטער — אין רעדעלהיים אין יאר תקי״ג (1753) [דעם ערשטען רעגיסטרירט אויך בן-יעקב]. — אליעזר פאווער הוט בלויז איבערגעזעצט דאס ווערק פון דייטשישען יידיש אפ׳ן פוילישען יידיש פון זיין צייט, ווי ער דערציילט אליין אפ׳ן טיטעלבלאט, ווי אויך אין „מליצת המעתיק״ (לינקע זייט פון שער): „הן כל יקר ראתה עיני, ומה נכבד היום שבא לידי ספר הנכבד מעשה בוך שהיה נדפס זה זמן וזמנים טובא בשנת תקס״ה לפ״ק בדפוס אמשטרדם ובו יסופר מעשיות ומאורעות נפלאים ויקרים מן הגאון ר׳ יהודא חסיד זללה״ה ומאביו הגאון החסיד ר׳ שמואל נ״ע. ושאר ספורים המושכים את לבו של אדם לשומעם ולהפות אזנם אליהם. וחיך המטעמו לי לי אומר: אמנם כן הספר הלז היה נדפס בלשון אשכנזי. שהיו משתמשים בהם סבי האשכנזים. אשר אנשי מדינתינו הנמצאים כעת ממש רובם לא יבינו ולא ידעו מהות הסיפור. והנה רבים וכן שלמים חלו ובקשו פני שאעתיק להם את הספר הלז בלשון קל ונקי ומלאתי את רצונם והעתקתי את הספר הלז כאשר עיניכם תחזינה מישרים בלשון צח וקל למען יבינו כלם אנשים ונשים וטף. וקראתי את הספר הלז בשם סיפורי הפלאות כי נפלאים מעשיותיו המה מאוד מאוד. והקורא בו שנים ושלש גרגרים ירוה צמאונו. ויאמר אליהם כי טוב הוא. לכן עם ה׳ חושו עושו וקנו את הספר הישר הלז ואל תחוכו אל כספיכם כי טוב סחרה מסחר כסף. ובגין דא יבלו ימיהם בטוב ובנעימים ויעלו לציון ברננים. אמן כי״ר״: — [„תקס״ה״ איז דא א קענטיקער טעות; ריכטיקער אפ׳ן שער: תס״ה (בן-יעקב דערמאנט אנ׳אמסטערדאמער אויסגאב פון תס״א)].

די שפראך פון פאווערס „איבערזעצונג״ איז ווירקליך אנ׳אנדערע (נאנטער צו אונזערער), ווי אין די אלטע אויסגאבען (איך הוב פארגלייכט מיט די שטעלען, וועלכע גרינבוים ציטירט). —

ווייל זיי האבן דם גגאלע האב אוך גוט אויש דעס קאסטן ארויס גנומן
אוך האבן סטייגר אין קאסטן הריין גלייגט"[1] ... —

3) אין וואַרשע: פינדעסטוטוועיגן[2], פינדעסוטוועיגן[3], פינדעסטן[4], דעסוועיגן[5] (די אַלע 4 פורמען = „פונדעסטוועגן" אין טײַטש b). —

4) אין ווישקאָוו: פינדעסטערוועיגן[6] (= „פונדעסטוועגן" אין טײַטש b). —

5) אין יאַגיסטאָוו[7]: פינדעסאַרטוועיגן[8]. —

6) אין מונקעביט[9]: פינדענסטוועיגן[10]. —

---

[1]) l.c. י״ב: ... „דעסטה האלבן בין איך דא דאם איך וויל דיר דיין נשמה נעמן"... [„דעסט האַלבן" = „דעסט וועגן" (אין טײַטש a)], שטערן 49: „Leche (ד. ה. לכן) = dorum, döshalb, döst-wegen" (טײַטש a). —

[2]) דאָס מיטעלגליד פון דעם אדווערב דערמאַנט דאָס מה״ד dëster (ווי אויבען ז' 157 אָנמ' 2 אונטער'ן טעקסט), צו וועלכען ס'איז, וואַרשײַנליך, צוגעקומען אַן עפּיטעזע-t [אַלזאָ, אײַגענטליך: *פינדעסטערטוועיגן (נאָר דער r נישט אויסגעשפּראָכען לויט'ן כלל פון § 6)]. —

[3]) וועיט־אויס, געבילדעט פון דער ערשטער פורם דורך דיסימילאַציע (דער ערשטער t אַרויסגעשטופּט דורכ'ן עפּיטעזע-t!). —

[4]) זאָל דער -ן פאָרשטעלען דאָס איבערעשטעל פון רעדוצירטען „וועיגן"? — אויך אין דרילטש ווערט געברויכט די פורם. —

[5]) קלינגט, ווי דאָס נה״ד deswegen (הגם הוט אַנ'אַנדער טײַטש). —

[6]) דאָס מיטעלגליד פון דער פורם דערמאַנט דאָס מה״ד dëster אין ריינעם געשטאַלט. —

[7]) יידישער נאָמען פון דער שטאָדט אַוגוסטוו (סוואַלק. ג.). —

[8]) אין טײַטש און עטימאָלאָגיע — אידענטיש מיט דער צווייטער וואַרשעווער פורם. —

[9]) יידישער נאָמען פון מוקובודי (שעדלעצער גס. און א.). —

[10]) = „פונדעסטוועגן" (אין טײַטש b). דער -נ-, וואַרשײַנליך, דערשײַנונג פון שפּונטאַנער נאַזאַליזירונג. —

7) אין סומפּולנע: פינדעסנטוועיגן[1]. —
8) אין אַמשינאָוו: פינדעסן[2]. —
9) אין טאַרלע: פינדעסוועיגן[3]. —

§ 114 — אין קרעמעניץ, דובנע: פּאַמעלאַכן (ממ"ס, „ווינשפינגע. 33: „פּאַמעליכען").

אַנמערקונג 1. — ס'איז דעמינוטיוו (אודער פאַרשטאַרקונגספאָרם) פון פּאַמעלאַך[4]) [אין קרעמעניץ אויך: פּאַמעלאַכאַ (קאָמפּאַראַטיוו)]. — אין וואַרשע: פּאַמעלאָכו און פּאַמעלאָכוטשקע[5]) (אַלס דעמינוטיוו). — אין פּולטוסק: פּאַמעלעך[6]) און פּאַמעלעכטשקע[5]) (אַלס דעמינוטיוו). — אין לובלין[7]), אוּפּאַלע[8]): פּאַמעלעך. — אין דרילטש, טאַרלע: פּאַמעלעך. — אין פּינסק: פּאַמעלאַך

---

1) == „פּונדעסטוועגן" (אין טייטש b). דערמאַנט דאָס נה"ד des-sentwegen (טיאַנדער 1422). —

2) == „פּונדעסטוועגן" (אין טייטש b). — פאַרגלייך מיט דער דריטער פּערשעווער פאָרם. —

3) == „פּונדעסטוועגן" (אין טייטש b). —

4) ממ"ס l.c. 67: פּאַמעליך; — מאָני דלוגאַטש l.c. 25, 75, 84, 103, 116: פּאַמעלעך; — ליפשיץ 144 און 54: פּאַמעלאַך און באַמעלאַך; — האַרקאַווי 234: פּאַמעלאַך; — דרייזין 240: פּאַמעלעך. —

5) -טשק- איז דער באַקאַנטער יידישער סופיקסענקומפּלעקס, מיט וועלכען עס ווערען געבילדעט דעמינוטיוון צו אַדיעקטען, — ווי (אין ליטעראַרישער אויסלייגונג): „אַלטיטשקער, קלייניטשקער (און: קלייניטשיקער) וכ'. — דער טאָפּעל-סופיקס איז פון סלאַווישער אָפּשטאַמונג. מיר באַגעגענען אים אין פּויליש, אין וועלכע דעמינוטיוון, ווי: babeczka, babunieczka, babuleczka, babuli-neczka, babusineczka [אַנטוני מאַלעצקי l.c. II 60]; אין רוסישען, אין וועלכע פורמען, ווי: малюточка (אימינוטיוו) тихоничка וכ'. —

6) עפּטער: פּאַוואָלי. — ליפשיץ 142: פּאַוואָליע (== „פּאַמעלאַך"); האַרקאַווי 232: פּאָוואָליע; דרייזין 240, הורוויץ 69: פּאַוואַליע. — פּויליש: powoli. —

7) אויך: פּאַוואָליע. — 8) בלויז אין מויל פון אַלטע לייט (ס'יונגוואַרג גע-ניוצט: „פּאַוואָליע"). —

און פּאַמעלאַבּקע (אַלס דעמ׳). — און מישנין: פּאַמעלאַך און פּאַמעלאַכל (רעפּ׳). — און קליניע, יאקובשטאַט: פּאַמעלעך [1]. —

אָנמערקונג 2. — נאָך בּאַ ליפשיצן איז נאָטירט, ווי מיר האָבּען געזען, די פאָרם מיט b און אַנלויט. — משה מאַרקוזע דף צ״ד: בּאַמעלאַך [2] דף צ״ו: בּאַמעלאַכער (קאָמפּאַראַטיוו). — און „זמירות של שבת״ [3]: „הליכּ

---

[1]) און פּוּסעלאַט (קוונ. ג.) ווערט דער אַדווערבּ כּמעט אַנטיוויירט. פּאַראַן דורט אַ רעדענסאַרט: „אַ האַסטיקער פּאַמעלעך״. — [2]) דף כ״ד b: בּמלאה; דף ד׳ b: בּמלה. —

[3]) „זמירות של שבת עם פירש מטה יהודה על כתב עברית ולשון אשכנז: נעים זמירות ישראל. אשר זקני׳ עם נערי׳. נושאים אלומת רנן. ויהגו בגרונם רוממת אל. ביום השבת יערכנו. ולבקרי׳ יפקדנו. ובלילה שירה עמם יתרועעו אף ישירו. וזמירות יאמרו. ומקדמונים אחזו שער שירי ההרוזות בשרשר׳ גבלו׳ מעשה אבות המליצות אחוזו׳. משובצים זהב במלואו ותקועי׳ בראשיהם שמות׳ רמוזות. אך לא רבים יחכמו. להבין דגלי משבצותיה׳. כי בשוט לשון החבאו ודרכי השיר לא דרכו ברגליה׳. ונופת תטופנה. שפתותיה׳. ועל במתי קולה ישאו מדברותיה׳. ויפתוהו בפיה׳ מלב לא נכון ויחרגו ממסגרותיה׳. וינסך על יה׳ רוח תרדמ׳ הגי׳ והוטי׳ בלשוניה׳ ע״כ קם שבט מיהודה. ועל מאור׳ צפוני שירות אלה ידו הרה. והיבור פירו׳ מספיק וקרא שמו מטה יהודה לזאת עוררינו לבבי לאמר את המטה יהורה הזה תקח בידך אשר תעש׳ בו את אותו׳ העתק על לשון אשכנז אשר אנשי׳ באות מאירי׳ אות׳ וכל אחד ירווה צמאונו. ולא יכשל בלשונו. וענת׳ בי צדקתי. כי למען לזכו׳ את הרבי׳ זאת עשיתי. לזה אהלי מאת אח״בי אבות ובנים. אתם תהיו לי ממלכת קוני׳ לרצות בריבוי כסף הוצאו׳ הדפוס עשר׳ מוני׳ בזבות זה תעלו לציון ברננים:

„Franciszek Salezy Lukawski dziedzic Dobr y Miasta Laszczow

„בדפוס השותפים ה״ה הרבני המופלג מו׳ יהודה ליב רבין שטיין וה״ה הרבני המו׳ מוהר״ר שאול משה גאלד שטיין — זמרו לשמו כי נעים לפ״ק״. — [יאָר תקע״ו — 1816].

ס׳איז, וועט-אויס, איינס פון די ערשטע יידישע ספרים, און וועלכע די יידישע איבערזעצונג איז געדרוקט נישט מיט מאַשקעט נאָר מיט אותיות מרובעות (און מיט נקוד), און און וועלכע די העברעישע וואָקאַלן זענען נישט אויסגעשיילט פון יידישען טעקסט מיט האַלבע לבנות.

דַיין גַאנְג: תהא בנחת זָאל זַיין בַּאמֶילְךָ״ [1]). —

אין „סדר זמירות של שבת״ [2]) כ״א: „הלוכך תהא בנחת דַיין גַאנְג זָאל זַיין בַּאמֶלֶךְ״. — אין ווילנער כתב־יד [3]) פון יאָר תע״ד, דף ע״ה: „לָאַט [4])..
בְּמֶעלֶךְ.. פולַטִים״. — אין „ספר לב טוב״ [5]): ...„נאך איז דר דרך ארץ דס אין פרויא ניט זאל הוך רידן עס איז פון איין מאן קיין דרך

---

דער ציטירטער אויסגאַב איז, וואָרשיינליך, נישט דער ערשטער,—ווי ס׳איז זיך מ׳שער צו זיין לויט דער „הסכמת הרב המאה״ג אב״ד דק״ק לאשצוב ובית דין הצדק דפה״. מיר לייענען אין דערדוזיקער הסכמה: „יען כי הועד לפני, כי בהיות, בעל המדפיס מזמירות ושיר השירים עם דייטש בכתב עברית, פה הרשה, עוד הפעם להדפיסם, יען כי ספו וגם תמו הנדפסים על ידו מכבר, ולא יגיע לו שום נזוק מהמדפיסים שנית״... א. פ. ח.

דאָס ספר איז בא בן־יעקב נישט רעגיסטרירט. —

[1]) אַף דף ה׳ (פאַגינירט זענען אין דעם ספר׳ל נישט אַלע בלעטער). —

[2]) „סדר זמירות של שבת עם אתקינו סעודתא מהאר״י ז״ל עם פירוש הגאון בעל מנחת יעקב. — יען ראינו בני עליה והמה מועטים, ורבים מבקשים לעלות והסולם נלקח מביניהם הנה הקרה ד׳ לפנינו פירוש נחמד מהגאון בעל מנחת יעקב והנה ראיתי שפירוש הזה הוא נתעלה מאוד מזמן קדמון על כן אזרנו כגבר חלצינו והתקנו אותו בלשון אשכנז כדי שיבין כל אחד בו ובזכות זה תמלא הארץ דעה את ה׳ ונעלה לציון ברנה אמן: — קעניגסבערג, שנת תרכ״ו לפ״ק״. —

[3]) זעי אויבען ז׳ 114 אָנמ׳ 5 אונטער׳ן טעקסט. —

[4]) ווינצענהויזען (שמואל ב׳ י״ח ה׳) ועצט־איבער: לאכלוס [„אונ׳ דער קיניג גיבאט (יואב׳ אונ׳ אבישי׳ אונ׳ אתי) לו זאגין׳ גיט לאכליס אוס פון מייכט וועגין מיט דעם יונגלינג (אבשלום)״...]׳ —

[5]) פרק חמישי: „הלכות דרך ארץ״ („דאָש פירד חלק איז דער דרך ארץ פון ווייבר אונ מיידן״). — דאָס ספר איז לגמרי נישט פאַגינירט.— דער גאַנצער שער:

„ספר לב טוב איר אלי מאנן אונ פרויאן: אונ אל די פון בישעפר זיין גיהואין; די דיא ווענלט אונ יעני וועלט וועלן בויאן: קומט דס הערליך בוך אן לו שויאן: איך גלויב עס ווערט נימנט גרויאן דר עס דרוך אויס לייאנט׳ דר פינט די גאנץ יודשקייט. נאך דר לענג אונ נאך דר ברייט: אין צווענליג פרקים אויס גשפרייט. ווער עס ווערט דורך אויס לייגן: דר ווערט זיך מיט זייגן גאנץ הער׳ן פרייאן: אונ מיט גרויסי זעגפטקייט דר מייאן: הויך אלי לגאל מען דריכן לייאנן׳

ארן מכל בכן פין הייכר פרויא אז דר פסוק גיט בייא דר לדקית (וחנה היא מדברת על לבה רק ספתיה נעות וקולה לא ישמע) איך הנה זי הט גרעט מיט זיך זעלברט אוג אירי לעפלן פר ויאגלטן אבר איר קול לוס זי ניט הערן דען עס איז איין פרילות ווען איין פרויא הזוי

---

אבר פר אל דינג פאר אן וויל איך עגק וויסן לאזן אן קענן אוג לעזן ליגט ניקס דראן: עס ליגט נייארט אן האלטן אוג טאן: זייא וואס עס וויל איין פרש אן: ער האלט איכן אין זיין גיוואלט· אלי דם מענכן דינים וויא מן זיך פר האלט· פון זייכר גיבירט ביז ער ווערט אלט: אוג אלי (הנהגה) אין אליר גיסטאלט· זוימט ניט נור קויפט באלד: וויל אירש נאך פיל פינט· דר עס ניט וואול בילאלט דר זינט: (עולם הבא) ווערט איר דר מיט פר דינן: גרויס עהר אוג רייכטיס ווערט אייך נימר נימער אנטרינן אמן סלה: — נדפס פה ק״ק פאריצק — תחת ממשלת אדונינו הארון הגדול החסיד יאסניע וויעלמאזני שטשענסני טשאצקי על קסיעניסטוואי פאריצק ובראסילוב וסעלין וסערהאוויטש קאוואליער ארדערא ביאלעגא ארלא ירום הודו: בדפוס השייך לששה המשותפים ואחת מהם האשה החשובה הגבירה מרת חייה אלמנ[illegible] ר׳ אלימלך ז״ל לפרט קנו הספר לב טוב לפ״ק״.— 4°.

[אפ׳ן ראנד פון שער: אויבען — „זה השער ליי צדיקים יבואו בו״; רעכטס (פון אויבען אראָפּ) — „פיה פתחה בחכמה ותורת חסד על לשונה״; לינקס (פון אונטען ארויף) — „יקרה היא מפנינים וכל חפציך לא ישוו בה כי מוצאי מצאו חיים״; אונטען (מיט׳ן קאָפּ אראָפּ) — „ויפק רצון מה׳. צור תעודה חתום תורה בלמודה:״].

דער מחבר — יצחק בן לא״א מהור״ר אליקום זצ״ל מק״ק פוזנא (אונטערגעשריבען אַף דער הקדמה).

בן־יעקב ז׳ 254 נ׳ 20 רעגיסטרירט די אויסגאַבען פון אלטזולצבאך (דאָס יאָר פון דרוק אומבאַקאַנט), פראָג (יאָר ש״פ), אמסטערדאַם (ת״ל), ווילמרשדארף (תל״ט), פראַנקפורט אַם־מיין (תמ״א), פראָג (תס״א), זולצבאַך (תס״ג), פראַנקפורט אַם־אודער (תס״ה), פראָג (תס״ה).

אויסער דעם איז דאָס ספר נאָך געדרוקט געווארען מיט דעם ביילאַג „ספר לב חכמים״ (פון ר׳ חיים ב״ר יעקב ארביך אדפיס): אין קראָקע (ת״א), אמסטערדאַם (תס״ו), פראַנקפורט אַם־אודער (תס״ח), פראָג (תס״ט), ווילמרשדארף (תע״ד), פראַנקפורט אַם־מיין (תע״ה), אמסטערדאַם (תפ״ג), זולצבאַך (תפ״ג), ווילמרשדארף (תפ״ד), שקלאָוו (תקנ״ג),... (תקס״ה), און נאָך אַ סך מאָל [בן־יעקב ז׳ 254 נ׳ 21].

אײן הוך קול אויף ווערפט אז דר פסוק גיט בײ דר פרוגה (ויהי בהרימי קול) זי שפראך דא איך האב מײן קול אויף געווארפן האב איך אײן גרוס געשרײא געהאט דא זעהן מיר יוא וואול דס בײ דר פרוגה שטיט געשריבן דא איך מײן הוך קול האב אויף געווארפן אבר בײ דר לנועה שטיט זי האט לאגוס במעלך גירעט דרוס זאל אײן פרומה פרויא זיך אוג אירה קינדר געווינן במעלך לו רידן דס אירי שכינים ניט זאלן הערן אירי ריד אוך גיט די גמרא (ר' מאיר אומר אף הקולנית) די משנה רעכנט אלי די פרוגות די דא מוזן אויז גין פון מאן אן כתובה זאגט ר' מאיר דרוס איז אוד אײן בײזי זאך פון אײן פרויא די אזו הוך רידיג איז איר מאן זאלט ניט פון איר לײדן· אוג ווערן די ריד הימר גהערט אוג ווילגר אן גינעס פון די ווײבר די במעלך רידן מיט אירס גזינד דז דר פסוק גיט (דברי חכמים בנחת נשמעים) ווען די קלוגי לײט זאנפט רידן מיט דען לײטן דא ווערן אירה ריד גיהערט מער וועדר דער די לײט אן שרײאט די נארישי ריד ווערן ניט גהערט כלומר זי ווערן ניט אן גינעס"... [1]) —

---

בא א. שולמאן l.c. 91 געפינען מיר דעם שער פון פראגער אויסגאב פון יאר ש"פ (1620), וועלכען דער שריפטשטעלער האלט, ווי ס'זעיט-אויס, פאר דעם ערשטען [דער שער פון פורינצקער אויסגאב שטימט, אויסער קלײנע אפווייכונגען, אינגאנצען מיט דעם פראגער]. —

[1]) אין א שפעטערדיקען אויסגאב פון דעמזעלביקען ווערק געפינט זיך די גע. בראכטע ציטאטע אף דף ל"ד ט. — די ערשטע צוויי מאל אויסגעלייגט: במעלך; דאס דריטע מאל: במעליך.

דער שער פון דעמדוזיקען אויסגאב — מיט עטליכע נייאנסען. איך ברענג אים דעריבער אינגאנצען: „ספר לב טוב חלק ראשון עם חלק שני איר אלי מאכן הוג' פרויאן· הוג' אל דיא פון דען בספר זײן גזויאן· דער דיא וועלט הוג' יעני וועלט טוט בײאן: קומט דאס הערליך בוך אן נו שויאן: איך גלויב עס ווערט נימאנט רײאן· דער עס דארך אויס לעאזט דער פינד ד א גאנלי יודשקייט: נאך דער לענג הוג' נאך דער בריט· אין לוואגליג פרקים אויס גשפרייט· ווער עס ווערט דאדך אויס לייאנן: דער ווערט זיך מיט זײנן גאנלן הערלן פרײאן· הוג מיט גרושי זנפטיקייט דער מײאן אויך אלי לערנר מעגן דריכן לײאנן: אבר פר אלי דינג דיא פרויאן וויל איך אייך וויסן לאזן· אן קענן הוג לעזן ליגט

ווי מיר זעען, איז דאָס געשטאַלט מיט b אין אָנלויט אַן׳אַלטער בירגער אין דער יידישער שפּראַך.

מאַקס גרינבוים [1]) רעכענט, אַז דער וואָקאַבעל איז גענומען פון סלאַווי־שען. — ער שטיצט זיך אויט אַף וואָס: אין אַ עלטער דײַטשיש ווערק וואַרפט זיך דורך mevlich אין זין פון gemächlich, באַמערקט דערצו יוהאַן לעאָנאַרד פריש אין זײַן „דײַטש־לאַטײַנישען ווערטערבוך" [2]): „אפשר איז דאָס סלאַוואָנישע malo אַ קרוב מיט meylich; די פויערן אין די דײַטשישע געגענדען פון בײמען שרײַען אַף דאָס שפּאַנפי, ווען זיי ווילען, עס זול גיין לאַנגזאַם: Pomali!". — ווײַטער: בײַ אַ שלעזישען מחבר קומט־פאָר bemählich, ווערט אין „פּרומאַנס צײַטשריפט" (V, 476) אָנגעווי־זען, אַז דאָס איז וואָרשײַנליך פאַרדײַטשונג פון סלאַווישען pomalig (צפון־ביימיש: pumâlich).

מיר דאַכט זיך, אובער, אַז צוציען דאָס סלאַווישע איז דאָ איבעריג. — אין „ס׳ של ר׳ אנשיל" דף נ״ה לייענען מיר: „לְאַט — גימעליך (שמואל ב יח ה)". „גימעליך" [3]) דערמאַנט דעם מה״ד אדיעקט „gemechlich" [4]) און אדווערב

---

ניקס ד־אן: עס ליגט כייארט אן האלטן אוג טאהן· עס זייא וואס עס וויל פר איין פרשאן· ער האלט איכן אין זיין גוואלט אלי דאס מענשן דינים: וויא מן זיך פאר האלט· פין זייכר גיבורט ביז ער ווערט אלט אוג אלי (הנהגה) אין אליר גשטאלט· זוימט כיט נור קויפט באלד: וויל אירס נאך פיל פינד· דער עס גיט וואול בילאלט דער זינד (עולם הבא) ווערט ער פר דינן· גרויס עהר אוג רייכטוס ווערט אייך נימר מער אנטרינן אמן סלה: — בדפוס של הרבני הנגיד המפורסים מוהר״ר דוד סעדי׳ ישעי׳ בן הרבני המופלג ההריף הגביר המפורסים מוהר״ר בצלאל וואקס נ״י: בשנת תקפ״ז לפ״ק נדפס פה ק״ק יוזעפאף". — [אין דער פראַזע: „אבר פר אלי דינג דיא פרויאן", זענען די לעצטע צוויי ווערטער דיבטונג פון יוזעפאָווער אַרויס־געבער. אין פורצקער אויסגאַבּ געפינען מיר: ..„פאר אן" (דער דגש אין דער „פ" דרוקפעילער); אין פראַגער אויסגאַבּ פון יאָר 1620 (א. שולמאַן 91): „אבר פאר אלי דינג פאָר אן"]. —

1) l.c. 547. — 2) בערלין 1741. —

3) אויך אין אַנדערע גלאָסאַרען קומט דער וואָקאַבעל פאָר. —

4) האָט די טײַטש: bequem, bedächtig, ruhig, langsam, zu-thunlich, zahm (לעק׳ 67). — נאָך געפינען מיר מה״ר (לעק׳ l.c.): ge-mach = l (סובסטאַנטיוו) ruhe, wohlbehagen, bequemlichkeit א. אַ. וו., l.c. ge-

[1]) „gemechlîche“ — ווי פר. ל. ק. וויגאנד ווייזט־אָן [2]) קומט אין דער צווייטער העלפט פון 15־טען יאָרהונדערט בא דייטשישע שריפטשטעלער פור: gemêlîch. — „בעמעלך“ [3]), „בְּמֶעלְך“ [8]), קען מען פאר געוויס רעכענען, איז אנטשטאנען פון „גימעליך“ דורך פארבייטען די פורזילב גי־ אף בע־, בא־.

טענדלאו l. c. ברענגט נאך א ביישפיל פון אזא בייט: benügen (אָנשטאט genügen); אזוי, אין „הלכות דרך ארץ“ [4]), וואס יוהאן כריסטיאן וואַגענזייל [5]) ציטירט אין זיין „בעלעהרונג“ [6]) (ז' 312): „er soll sich be-nugen lassen mit Dem, was ihm Gott beschert“.

---

mach (אדיעקט) = [gleich, bequem, angenehm], gemach (אדווערב) = [bequem, gemächlich, langsam]. — פארגלייך מיט'ן ווארשעווער: „לו־מוך גימאַך“ (ד. ה. „לוז מיך צו רו“); ליפשיץ 70: „געמאַך לוזן“ (отцѣп-ляться, оставить въ покоѣ); האַרקאַווי 107: „געמאַך“ (אדיעקט און אדווערב) = [ווייך, זאנפט, רויק; לאנגזאם, פויל, שווער], געמאַכליך (אדווערב) [= קוט־פורטאבל, רויק, לייכט, מילד, צארט], לוז מיר געמאַך!“. —

[1]) זעי אָנמ' 4 אף ז' 169. —

[2]) „Deutsches Wörterbuch“, 2 Auflage I 555 (ציטירט נאך מאקס גרינבוים 496). —

[3]) מ. גרינבוים 547. — [4]) ארויסגענומען פון אויבענדערמאנטען „ספר לב טוב“? — [5]) געלעבט 1633 — 1705. —

[6]) דער גאנצער שער פון דעמדוזיקען ווערק איז:

„I. Chr. Wagenseil's Belehrung der Iüdisch-Teutschen Red- und Schreibart, durch welche alle, so des wahren Teutschen Lesens kundig, für sich selbsten, innerhalb wenig Stunden, zu sothaner Wissenschaft gelangen können. In einem weitläuftigen Fürtrag wird klärlich erwiesen, dass solche Erfahrenheit denen hohen und niedren Obrigkeiten, wie auch deren Rathgebern und anderen Rechtsgelehrten, denen Theologis, Medicis, Handelsleuten, und insgemein Jedermann, nützlich, auch fast nothwendig sey. Unter anderen Jüdischen Büchern, wird dargestellet: מסכת נגעים oder das Talmudische Buch von dem Aussatz: was es nemlich mit dem Aussatz der Menschen, der Kleider, und der Häuser, ehemahlen in dem Jüdischen Land, für eine Bewantnus gehabt. Zur Zugabe wird ein Bedenken beygefüget, wodurch die viel und lang höchst-strittig

טענדלאַז איז זיך משער, אַז בע- איז דאָ די העברעישע פּרעפיקס בְּ- (זעי גולומב 41). ער באַרופט זיך אַף די פאָלגענדיקע פראַזע פון די „הלכות דרך ארץ" (בײַ וואַגענזייל 322): „Die Peruzah erhebt ihre Stimme, die Zenuah aber redet belanzum bemälich".

אַזוי ווי „לאַנצום" איז אין דער אַלטער יידישער ליטעראַטור די געוויינליכע פאָרם פאַר „לאַנגזאַם" און ווערט תמיד געברויכט אָהן שום פּרעפּאָזיציעס, וויל טענדלאַז דערפון אַרויסדרינגען, אַז be- אין belanzum איז דאָס העברעישע „בְּ-", און אַז ממילא איז שוין אויך דער be- אין bemälich העברעיש. די השערה איז, אָבער, שווער אָנצונעמען. אויך בײַ דײַטשישע שריפטשטעלער קומט פאָר, ווי שוין אָנגעוויזען (אויבען ז׳ 169), די פאָרם מיט be-. אויסער דעם איז מיר דער „בעלאַנ- צום" בײַ וואַגענזייל איבערהויפּט אַביסעל פאַרדעכטיק, וואָרום אין „לב טוב" [1] לייענען מיר: ...„לאַנצום במעלך"...

אַקעגען דער סלאַווישער אָפּשטאַמונג רעט אויך דער e אין „באַמעלעך". ווען דער אַדוועַרב זול שטאַמען פון סלאַוישען, וואָלט אַמהאָרשײַנליכסטען געווען, אַז ס׳איז דאָס פאַריידישטע (אָדער פאַרדײַטשטע) poinalig אודער pumâlich (אַנדערש וואָלט זיך שווער געווען צו דערקלערען דעם ch אין „באַמעלעך"), אָבער דאַן וואָלט דער a נאָך m געבליבען אָהן ענדערונג, אודער איבערגעגאַנגען אין o אודער u (קיינמאָל ניט אין e!). — נעמען מיר אָן, אַז דער אַדוועַרב שטאַמט פון מה״ד gemechlich, דאַן דערקלערט די ענדונג -lich דעם אומלויט פון a (אין ge-mach). —

## § 115 — אין וואַרשע: מיקלאָמפּושטנ; אין סומפּאָלנע: מיקלאָמ- פּערשטנ.

אָנמערקונג 1. — אין וואַרשע אויך: מיקלאָמפּושט; אין פּולטוסק:

---

gewesene Frage: Ob die Heil. Schrift einem Manne erlaube zwey Schwestern nach einander zu heyrathen? dermaleins zu bescheiden, und die Bejahung allerdings fest zu setzen gesucht wird. Königsberg, gedruckt in dem 1699 Heyl-Iahr. In Verlegung Paul Friederich Rhode Buchhändlers daselbst".

(זעי אַוועלאַללעמאַנט III, ז׳ 216, אָנמ׳ אונטער׳ן טעקסט). —

[1]) זעי אויבען ז׳ 166 פ״פ. —

קל־ומעשט און קל־ומפעשט¹)؛ אין דרילטש: קל־וימעשט, קל־ומפעשט؛ אין טארלע: קל־ומפעשט؛ אין אופאלע: קל־וימעשט؛ אין לובלין: מיקל־וימאַשט؛ אין מישניץ: קלומפערשט؛ אין קרעמעניץ: קל־ומפאַשט. — ליפשיץ 188: קלומערשט, קלומפערשט („будто бы, подъ предлогомъ, извѣтомъ“)؛ הערקאַוי 177: כלומר׳סט [אויך: כלומר׳סטענער (אַדיעקט)]؛ הורוויץ 86: קלו־מערשט (=„כמו, כאשר לו, כאלו“)؛ דרייזין 40: קלומערשט (=„אַזוי ווי“, „будто, будто-бы“)؛ ספיוואַק-יהואש 121: כְּלוֹמֶר׳שט²) (=„אַזוי ווי, מע־בענדיק דעם אָנשטעל פון, ניט ריכטיק מיינענדיק, וונגנאַנט“)؛ אווע-לאַללעמאַנט (פון דײַטש־יידיש) IV ז׳ 390: כלמר (klaumer ,klomer) [אין טײַטש: als wollte man sagen, so zu sagen] און די רעדענסאַרט: כלמר קעז³). — אין דער שפּראַך פון די דײַטשישע גנבים (אווע-לאַללעמאַנט IV 559): Klomerkäs [=„פּוילע פּיש“ (דער אויסדריק ווערט געברויכט „צו באַצייכענען אומאויפריכטיקייט און פאַרשטעלטקייט“)]⁴).

אָנמערקונג 2. — די אַלע פורמען שטאַמען פון תלמודישען⁵) כְּלוֹמַר [וואָס זיין טײַטש איז: „ווי געזאָגט; עס איז געמיינט; דאָס הייסט“ (זעי גולומב 188)], נור הובען, ווי מיר זעיען, אַן אַנדער באַטײַטונג. —

§ 116 — אין וואַרשע, פּולטוסק, לובלין, אופּאַלע, קרילוו (פּעלם. ג.), טאַרלע: אַזוֹסטנ̥ (מיט דער טײַטש: „ווען נישט..., אַז נישט..., „אויב נישט“...).

אָנמערקונג 1. — אין קרעמעניץ: זיסט⁶). — ליפשיץ 3: אַזוֹסט (= „иначе, въ иномъ случаѣ, а то“). —נה״ד sonst און sonsten.

---

¹) ממ״ס, „ווינשפינגערל“ 26, 53: „קלאָמפערשט“. —

²) אקסענפעלד, „דער ערשטער יודישער רעקרוט“ ז׳ 38: „קלאָמערשט“؛ „שטערנטיכל“ (ז״ז 86, 93): „קלאָמערשט“. —

³) באַ טענדלאַו ז 93: „Kloomer Käs’!“. —

⁴) שטערן l. c. 46:

„Kloma. Wenn wir en Ahd schwören, dörfen mir nor der-bey sagen Kloma, is der Ahd nix. Kloma bedeut: Was ich gesagt unn geschworen hebb, is net wohr“.

„Kloma“ — מיט פאַרלוסט פון אויסלויט-ר. —

⁵) סנהדרין מו, כתובות סה. —

⁶) אקסענפעלד, „דער ערשטער יודישער רעקרוט“ ז׳ 34: „דאָס גליק

אין דראײַגענער טײַטש, ווי דער יידישער אדווערב[1]]. — עלטער איז די פורם פֿון אויסלויט-ג̥. מה״ד הוט sunst, sust; עלטער מה״ד און אה״ד: sus[2]). די אומאורגאנישע ענדונג -en (-ג̥) קומט-צו ערשט נה״ד[3]). — [דיאייגענע ניטאורגאנישע ענדונג ג̥ איז פֿאר אונז אין דורטג̥[4]) (אויבען ז' 150) און אין מיקל-ומפֿולשטג̥ (אויבען ז' 171)]. —

אנמערקונג 2. — אין „ספר אורחות צדיקים״[5]): „אויך מוז מען וויסען, דאס אויף זינד און אונרעכט קעגן מענשן מוז מען (קודם כל) דאס אונרעכט גוט מאכען דען זונסט[6]) העלפט דיא (תשובה) ניט״ (כ״ח b); —

---

פֿאר איהר איז, וואס דאס שטעטיל איז אצינד פֿאר פֿינצטערט מיט די יודישע רעקרוטין, זיסט וואלטין זיי זעך גימאכט אגאנצע שמחה דער פֿון״. —

[1]) טיאנדער 1167. — [2]) זעי: קלוגע 424. — [3]) זעי: ווילמאננס II 650, 630. — [4]) אויך אין נה״ד dorten (ווילמאננס l. c.). —

[5]) „ספר אורחות צדיקים תשמור למען תלך בדרך טובים מיט גאטס הילף האבן מיר דאס ספר אויף עברי טייטש געמאכט. איין (רפואה) צו דער (נשמה) איז דרינן גדאכט. פֿאר ווייבר און מאנס פֿאר־שון איז דאס וואָרן געמאכט. דער מיט וועלן מיר זוכה זיין צו (עולם הבא) אויף יעני וועלט. דרוף וועלין מיר זאגן (אמן): — ווארשא בדפוס של הרבני מהו' נתן שריפטגיססער בשנת תדי״ר לפ״ק. — [אין פוילישען אפשניט פֿון שער: 1854].

די לעצטע שורות פֿון דער „הקדמה״: „...אבער ווייל דאס ספר (אורחות צדיקים) איז גמאכט אויף לשון הקודש וואס ווער קיין למדן איז פֿר שטייט דרינן ניט אוך די (נשים) וויסן ניט דרום האב איך אויף עברי טייטש גשטעלט אז איטליכר זאל וויסן וואס אין דען ליבין ספר שטייט;״. — ס'איז, ווי ס'זעיט אויס, איינע פֿון די לעצטע יידישע איבערזעצונגען (אודער איינע פֿון שפּעטערדיקע אויסגאבען פֿון אַ'עלטער יידישער איבערזעצונג) פֿון דער העברעישער העתקה. — דער אוריגינאל איז דאס יידישע „ספר המדות״ (איזנא ש״ב, תקנ״ט; שאלוניקי תקנ״א); עס איז איבערגעזעצט געווארען אף העברעיש (פראג ת'ק'ר'א'; פֿראנקפֿורט אם-מײַן תמ״ז; פרעסבורג תרי״ט א. א. וו.) אונטער'ן נאמען „ארחות צדיקים״. — [וועגען דעם ווערק איז פֿאראן אַ גאנצע ליטעראטור; זעי בן-יעקב ז' 51 נ' 989, און א. שולמאן 86—188. —

[6]) == „אויב נישט, ווען נישט, אז נישט״. —

„אָן פְֿרֵייטָאג צו נַאכְט מַאכְט מֶען הַמוֹצִיא אִיבֶּר דֶעם אוּנטֶ֫רְשְׁטְן [1]) זוּנְסְט [2])
אפילו אָן יוֹם טוֹב מוּז מֶען אַ֫לֶע מָאל אִיבער דֶעם אוֹיבֶּ֫ערְשְׁטְן מַאכְן
הַמוֹצִיא" ... (ש״ב). —

117 § — אין וואַרשע, פּולטוסק, בערזשין, לוקוּוו, דריִלטש, שידלוּוועץ: דאַציִשנ [3])׃ אין גער: דאַטסיִשנ [4])׃ אין סקערניעוויִץ: דאַציִשנ׃ אין אופּאַלע: דעטשיִשנ. [נח״ד: dazwischen (טיִאגדער 277)]. —

118 § — אין וואַרשע: ציִנ׳עישטנ [5]), ציִם=עשטנ [5]).

ענמערקונג. — אין „סוד ה״ ל b: ...„כלך (ז׳ ימים) וואָר עס

---

[1]) „קוּבְן". — [2]) == „אויב ניִשט אין דעם פאַל"..., „אין אנדערע פאַלען"...
(אלזו, מיִט אנ׳אַנדער ניואַנס אין דער באַטײַטונג). —

[3]) == „איִנמיִטען", „דערין". — אין וואַרשע: „ציִשראַאַבם דאַציִשנ"
(ד. ה.: איִנדערמיִט). — אין פּולטוסק: „עיע שטעקט אוּוך דאַציִשנ". —

[4]) „טס-" גיִט דאָ איִבער אַ לויט צווישען צ און טש; ס׳איִז ניִשט דער איינפאַכער אפּריִקאַט „טס", נור עפּעס ווי ט מיִט פּאַלאַטאַליזיִרטען ס נאָך איִם.

דער פּאַלאַטאַליזיִרטער ס הוט אין די פּויליִש-יידיִשע מ״ם איִבערהויפּט אַ נטיה איִבערצוגייִן אין sch. אַלענפאַלס, דער פּויליִשער ś ווערט פון יידיִשען המון שטענדיִק אַרויסגערעדט ווי ש; אזוי, אין וואַרשע, למשל: „שאַטקע, שוענט״ == siatka, święty.

דערפון דער שטאָדטנאָמען שעדליעץ (Siedlce).

אויך דער פּויליִשער ć (ד. ה. פּאַלאַטאַליזיִרטער צ) ווערט פון יידיִשען המון אויסגעשפּראָכען גאָר נאָנט צו טש; — אזוי, אין אַ לידעל, וואָס איִז מיִט 40 יאָר צוריִק געזונגען געוואָרען אין אַ געריכט שטיִבעל אין וואַרשע:

ניעכצע אומאַטש, — טיליקו זשיִטש:
פאַנאַ בוגאַ פוכוואַליִטש!
כ׳ ווי׳ ני׳ שטאַרבם, נוּר לעיבם:
אַ בורא עולם א שבח אָאָפּציִגעיבם!

די דרײַ שפּאַציִרטע ווערטער זענען די פּויליִשע: umierać, żyć, pochwalić.

[5]) == „תחלת, פריִער". — זעי אויך אויבען ז׳ 31. —

ווידר גישוואלן וויא צום ע ר ש ט ן"..; דף ל"א: ..."אונד איז ווידר גאנץ איין (ערל) גיווארן, וויא צום ע ר ש ט ן"...

אין „ספר שחיטות ובדיקות" (פיורדא תקכ"ח) פ"א b: „ווען איין שירכא קומט פון איין (בועה מים זכים) מוז מן איין שאלת חכם מאכין· דען (מים זכים) מוז צו ע ר ש ט ן בדיקה הבן"...

אין „ספר עץ חיים" [„אות חא"]: ..."ביז יעקב אבינו איז גיקומן אונ האט תפלה דרויף גיטאן· אונ האט גיזאגט (רבונו של עולם) נעם מיין נשמה ניט פון מיר ביז איך ווער צום ע ר ש ט ן (צואה) טאן צו מיינה קינדר"..; ..."אונ ווען איינר ניסט אונ זיין חבר זאגט איס (אסותא) אזו זאל מן צום ע ר ש ט ן זאגן (לישועתך קויתי ה")"... — „צום ע ר ש ט ן זאל מן זיך דעם רעכטן שוך אנציהן אונ דר נאך דעם לינקן שוך אונ ווען מען וויל זיא צו קניפן זאל מען צום ע ר ש ט ן דעם לינקן שוך צו קניפן אונ דר נאך דעם רעכטן שוך"... („הלכות תפלה"). —

אין „ספר בחינת עולם" (יוזעפאוו 1845) ז 60: „צוּם עֶרְשְׁטִין הָאט עֶר גִיבָּאטִין אוֹף דֶער נְשָׁמָה וָואשׁ זִיא אִיז גִיזֶעסִין אִין הֵיילִיגֶן הִימֶל אַז זִיא זָאל גֵיין פוּן דִיא עֲצֵי עֵדֶן דָאשׁ מֵיינְט מֶען דִיא אָפּ גִישֵׁייטֶע שִׂכְלִיוֹת וָואשׁ דָאשׁ אִיז זֵייעֶר הוֹיךְ אוּנ זָאל רוּאִין אוֹיף דִי עֲצֵי הַשָּׂדֶה דָאשׁ מֵיינְט מֶען דֶעם גוּף וָואשׁ עֶר אִיז גְלַייךְ צוּ דִיא הָאלְץ פוּן דֶעם וַואלְד אוּנ דֶער נָאךְ עֶשִׂין אִים דִיא וֶוערִים אַזוֹ וִויא דִיא הָאלְץ אוּנ פוֹילוּנְג". —

אין „ספר אורחות צדיקים", ל"ב: „הַנְהָגַת הַתְּשׁוּבָה דָאס רֶעט וִויא דֶער מֶענְטְשׁ זָאל זִיךְ (נוֹהג) זַיין וֶוען עֶר (תּשׁוּבה) טוּט צוּם עֶרְשְׁטִן מוּז עֶר (הרטה) הָאבִּן אוֹף אַלִי זִינְד"... [1] —

§ 119 — [ענדונג פון פארהעלטעניסווערטער]. — 1) ליפשיץ 41: אקעגנ [2]) (הוט צו שאפען איבער'ן דאטיוו). — אין פולטוסק: אקיַגנ [3]). — אין

---

[1]) דאס ספר'ל איז געזעצט מיט אותיות מרובעות און מיט ניקוד, אויבער די העברעישע ווערטער זענען נוך אויסגעזונדערט מיט האלבע לבנות. —

[2]) == „насупротивъ, напротивъ". —

[3]) און: אַבּאַאַ. — ס'זאָגט: „אַ ווולינט אקיַגנ (אודער: אַבּאַאַ) מיַע". —

קרעמעניץ: אַקעיגנ אין קעיגנ[1]. — אין וואַרשע, דריִלטש: קיַיגנ.

פּקסענפעלד („דער ערשטער יודישער רעקרוט" 9): „נאָר סיַוויסיַי טאָרין מיר ניט זיַין אַקעגין רָצון הַקיַיזֶר יר"ה". — ליִנעצקי (l. c. 49): „שין גאַנץ גֶענוּג פון זַיין זַייט אַז עֶר שְׁטֶעלְט זִיךְ אַרוֹיס אַקעגין אַ האַלְבֶּער וועלְט יוּדְען אוּנ וַוייזְט זַייעֶרע פֶּעלֶער אַרוֹס". — אין „זמירות של שבת" (זעי אויבען ז' 165 אנמ' 3 אונטער'ן טעקסט), דף ל' b: „והנה אליהו הנביא לקראתו אַקעגֶן אים גִיקוּמֶן".

מענדעלע דלוגאטש l. c. 121: „עֶר שְׁטֶעלְט אוֹיס אַלאַוֶּוע חַזָנִים קֶעגֶן אַלַאווֶע רַבָּנִים"; ז' 117: „זֶעצְט זִיךְ פּוּנְקט קֶעגֶען מִיר". — אין „זמירות של שבת", דף ד': „גרוץ לקראתך דרום טואין מִיר לוֹיפִין קֶעגִן דִיר". —

אין „ספר שחיטות ובדיקות" ל"ט b: ...„אדר די ריפן ווערן רויט קיגן דען כקב מפילם"... — אין „ספר עץ חיים" („הלכות תפלה"): ...„אוג ווען מען זיך שטעלט סמוכה עסרה זאל מען זיך ניט גראד קיגן (מזרח) שטעלן נייארט אביסל זיך לענקן קיגן (דרום זייט)"...; ...„(מודים) גהער מען זיך לו בוקן ביז אלי גלידר ווערן גרירט פון דר (סדרה) דען אין דיא סדרה איז אכטלעהן גלידר קיגן אכטלעהן ברכות וואס אין שמונה עשרה איז"...

אין „בן המלך והנזיר"[2]) דף נ"ט: „היט דען [ברית] אוג דאס גזעלין שאפט וואס האסט דיר גשלאסין מיט דיין גזעלין · אוג קייגין דיין גוטין פריינט זאלסט דוא דיך ניט פאלש שטעלין · דיין (חבר) זיין (סוד) זאל זיין בייא דיר אין הארץ איין גגראבין · ווארוס או דוא ווערסט (מגלה) זיין דען (סוד) וועט מען אויף דיר לו זאגין האבין · דיא ערד טוט גוט היטן וואס אין איהר טוט אריינקומין: אוג בייא

(1 = contra. —

(2 דער עקזעמפּלאַר, וועלכען כ'ציטיר, האָט נישט קיין שער. די שריפט פון דעם בוך דערמאַנט די אופיבאכער דרוקען [ס'איז, טלזו, מעגליך, אז ס'איז דער אויסגאַב, וועלכען בן-יעקב, ז' 78 נ' 449, רעגיסטרירט, נישט ברעינגענדיק דאָס יאָר פון דערשיַינען]. די יידישע איבערזעצונג איז געדרוקט אונטער'ן העברעישען טעקסט און צייכענט זיך אויס מיט לעבֿטער, פליסיקער, רייכער, בלומיקער עבֿט-יידי־שער שפּראַך.

דיר איז דער (סוד) אויש דיין הארץ וואָרין אויש גנומין:"; — דף קי"ד:
„דיא בהארלטי אוג קלוגי מאַנין האבין אויף דען גלוסטיגן מענטש געגבין איין לייכין וועַן גלייך זיין (חבר) זינדיגט נישט קיגין איס טוט ער אויף איס פארט ברוגז זיין · אונ איז קארג (אפילו) אויף פרמד געלט · אונ טוט גלוסטין צו קריגן זעלכי זאַכין וואַס עס איז ניט אין דר וועלט:" — . —

---

אין מײַן ביבליאָטעק געפֿינט זיך נאָך אַן אויסגאַבּ פֿון דעם ווערק, אויך אָהן שער. אָן דער שריפֿט איז אָפּ זיכער צו אורטיילען, אַז ס'איז פֿירטער („פיורדא") דרוק [וואָרשײַנליך, דער אויסגאַבּ פֿון יאָר תקי"ג, וועלכער איז רעגיסטרירט בײַ בּן־יעקב'ן, l. c.]. אונטער'ן העברעישען טעקסט — אַ העתקה, וואָס שטעלט פֿאָר מער נישט, ווי אַ יידישע טראַנסקריפּציע פֿון עפּעס אַ הויכדייטשישער איבערזעצונג. די ערשטע שורות פֿון „הקדמת המחבר": „אמר המחבר עז זאגטי דער אויטאר · צור צייט דער געוואלטיגן קיניגן אין אינדיען · רעגירטי איינר דער לאסטרהפטעסטי אהן פר נינפטיגר * בלוד דירשטיגר קיניג * ער רעגיהרטי מיט ליסט אונ בטריגרייא * אויך זוכטי ער זיך דורך אלרלייא וואהל לוסטין צו בזעפטיגן ער דאכטי אויך ניכט דש פון דר אלמאכט גאטש הרשר אלר הערשארין זייני געוואלט · זונדרין גלויבטי ער פון זיך זעלבסטין דעפענטירה · ער פר ליזי זיך אויף דען ק-סטליכן פראכט זיינר מייסטעטט · הערליכן וועזן אונ' רייכטוס זיינס קינעגרייך: ער פיהרטי איבר הויבט איין ליטרליכס * פוילעגליס לעבין · אונ' ליבטה זולכה מענשין * דיא עבן פלס פרעסין זויפין אונ' ליטרליכס לעבין לו פיהרן זוכטן".

בּן־יעקב (l. c.) דערמאָנט נאָך אַן אויסגאַבּ פֿון יאָר תקכ"ט (איבערגעגעבען צום דרוק פֿון אײַזיק האָמבּורג, און דערשינען אין פֿראַנקפֿורט אַם־מײַן) און בּרענגט אַ. שטיינשנײַדער'ס מיינונג, אַז דערדאָזיקער אויסגאַבּ איז נור אַ יידישע טראַנסקריפּציע פֿון אַ ריין דײַטשישער איבערזעצונג. פֿון די ערשטע עטליכע שורות, וועלכע אַ. שולמאַן 106 ציטירט אויס דעם פֿראַנקפֿורטער עקזעמפּלאַר, קען מען אורטיילען, אַז ס'איז, וואָרשײַנליך, מער נישט ווי אַן איבערדרוק פֿון פֿירטער אויסגאַבּ (בלויז מיט איינצעלנע נישט וויכטיקע מאָדיפֿיצירונגען אין דער שפּראַך).

א. שולמאַן l. c. דערציילט נאָך פֿון אַ יידישער כּתב־יד־איבערזעצונג פֿון „בן המלך והנזיר"; זי שטאַמט קענטיק פֿון 15־טען יאָרהונדערט און געפֿינט זיך אין דער מינכענער ביבליאָטעק [דעם אויפֿבּאַכער אויסגאַבּ דערמאָנט שולמאַן נישט]. —

אָנמערקונג — אין „זמירות של שבת“, כ"ח b: „לְמֶלֶך גלעדי התשבי צו קֶעגֶן דיר וֶועט גֵין אֱלִיָהוּ הַנָבִיא“.

„ס' בחינות עולם“: „עֶר טוט ווידֶר שְׁפֶּענִיגִין אַנְטְקִיגֶן זַיין קִינִיג און אַנְטְקִיגֶן זַיין גָאט“ (ווזעפּוּוועֶר אויסגאַב, ז' 71), „עֶר טוט ווידֶער שְׁפֶּענִיגֶן אַנְטְקֶעגִין זַיין קִינִיג און אַנְטְקֶעגִין זַיין גָאט“ (ווארשעווער אויסגאַב דף כ"ט). —

§ 120 — לִיפּשִיץ 92: ווֶעיגְן [1] (הוט צו שאַפען איבער'ן דאַטיוו).

אָנמערקונג 1. — לִיפּשִיץ וויַיזט אָן, אַז די פּרעפּאָזיציע — דער פּרעפּאָזיציע „איבער“; אובער אין דער רוסישער איבערזעצונג ברענגט ער צוויי טײַטשן: a) объ; b) для, ради.

האַרקאַווי 146: וועגען = 1) about („זאָג קיין וואָרט וועגען דעם“ [1]); 2) on account of („ער מוז בלײַבן צו הויז וועגען זײַן קראַנקהײַט“ [2]). —

אין ווארשע, קרעמעניץ און אין די מונדאַרטען פון אַנדערע שטעדט איז נורם — די טײַטש a [3].

די טײַטש c [4]) קומט עפּעטער פור אין אַלטע שריפטען. למשל, אין „ספר מנורת המאור“ [5]: ...„איך לו לייטן לויפט דיא פרויא איועק וועגן פארכט פון דען מאן אין די פינשטער אוג פאלט אין איין גרוב אזו קען

---

[1]) אַלזו, = דער טײַטש a בײַ ליפשיץ. —

[2]) דידוזיקע טײַטש, וואָס טראָגט די אידייע פון סבּה, ווערט ווײַטער פיגוריִרען אַלס c. — די זעלביקע אידייע שטעקט אין „איבער“. —

[3]) אויך פאַר פּרונומינאַלאַדווערבען. למשל, אין ווארשע: „מ'-דאַרף זעיִ עפּעס צי טלִי ווֶעיגְן דאַפִּין“, „עטץ ט'שראַאַבם ווֶעיגְן דאַפִּין?“ — ; אין גרודנע: „מ'מוז רעדן ווֶעיגְן דערמִיט“.

אין ווארשע אויך: „מ'דאַרף צי קלערן דאַוועיגן“. — „דאַ-וועיגן“ — פּרונומינאַלאַדווערב (= „וועגן דעם“). —

[4]) זעי אָנמ' 2. —

[5]) „ספר מנורת המאור חברו החכם רבינו יצחק אבוהב הספרד ז"ל. זות מעשה המנורה עם שבעה נרותיה כתבניתם כאשר מראה בהר כולה זהב טהור: בהעתק ללשון אשכנז. למען יהגו מאורו המוני עמינו אשר אינם בקיאים בטיב לשון הקודש. בביאור היטב מלא וגרוש. לעיין בו דבר יום ביומו ומידי שבת וחודש.

זיא דר דורך אוס קומן"... [פרק קנ"ו]; ...„דרום אך איטליכר קלוגר מענש זאל גידענקן אן דען (יום הדין) אונ זאל זיך פערכטן פר די שטראף פון גיהנם · אונ זאל גיוועלטיגן אן זיין (יצר הרע) אונ אן אלי זיין גילוסטיקייט · אונ זאל ניט פר לירן די איביגי וועלט וועגן איין ווייניג הנאה די ער פון דר עבירה הט ... [פרק כ"ב]. — אין „ספר שמחת

---

וכל דברי יראה ומוסר ונהגות ומדות טובות בו נהקק ונגדש. וכל עניני תשובה תפלה צדקה בו נערץ ונקדש: הועתק ע"י החכם התורני מוהר"ר משה פרנקפורט דיין דק"ק אמשטרדם בעל המחבר זה ינחמנו. ונפש יהודה: בן להחכם השלם המנוה מהור"ר שמעון פרנקפורט זצ"ל. בעל המחבר ספר החיים. וספר תנוי: והוספנו על הראשונים מראה מקום הפסוקים: — לעמבערג תחת ממשלת ארונינו האדיר הקיסר אונגרין פיהם גליציאן עטלאדמריאן קיניגליכה אפסטאלישי מיישטט פראנץ השני יר"ה: בדפוס מהור"ר שלמה יאריש ראפאפורט

„Das beygehende hebräische Buch: Menorath hamaor nebst der jüdischdeutschen Uiber- setzung enthält nichts Zensurwidriges.

„Lemberg den 28 April 1797. Herz Homberg.

„Imprimatur Lemberg den 28 April 1797. D. S. v. Köfil.

„בשנת תקנ"ז לפ"ק". (4⁰). — [די ווערטער פון דעם צענזורדערלויבעניש וואלטען געקענט אריינפירען אין אַ טעות, צו מיינען, אַז אין דעם איבגאַב געפינט זיך אויך דער העברעישער טעקסט. אין דער אמת'ן, איז עס נור די יידישע איבערזעצונג (רעגיסטרירט בײַ בן-יעקב ז' 338 נ' 1451)].

איך האָב אין מיין ביבליאָטעק נאָך אַן אויסגאַב פון „מנורת המאור" — אויבען דער העברעישער טעקסט, אונטען די יידישע איבערזעצונג, — זייער שיין געדרוקט אין 2⁰. דער שער-בלאַט פעהלט, נור ס'איז לייכט צו דערקענען, אַז ס'איז אַמסטער-דאַמער דרוק [וואַרשיינליך, דער אויסגאַב פון יאָר תפ"ב (1722) — רעגיסטרירט בײַ בן-יעקב ז' 338 נ' 1447].

ר' משה פראַנקפורטס איבערזעצונג איז דערשינען צום ערשטען מאָל (גע-דרוקט צוזאַמען מיט'ן העברעישען טעקסט) אין אַמסטערדאַם (תמ"א); דערנאָך איז בערגעדרוקט געוואָרען אויך: אין פראַנקפורט אם-אודער (תצ"ג), אַמסטער-דאַם (תצ"ט), פיורדא (תקכ"ו), דיהרנפורט (תקנ"ח), זשולקעוו (תקס"ד) [בן-יעקב l. c.]. —

תנפש״ג״ב ¹): „איין אלמנה דארף קיין הונט אויף ליגן וועגן חסד״.—

---

¹) „ספר שמחת הנפש ראשון ווערט איר דרינן פינדן איין גוויסי (רפואה) צו די (דאגות דס רוב עולם) זיינן בהעפט מיט דאגות וואס שעדליך איז צו אירן (גוף ונשמה) ווער דא ווערט לייאנן די (רפואה) ווערן זיך זייני זארג פון איס אב טאן: (שנית) ווערט איר פינדן גרושה (נחמות) אונ צו ווייזן דען (בן אדם) דש ער זיך אין קיינר לייא זאכן זאל (מצער) זיין דען אלס וואס דען מענשן צו קומט איז אלס פון גאט אונ איז אלס (לטובה) אונ איז בעשר אונ בעשר ווער (יסורים) אויף דר וועלט האט: (שלישית) ווערט איר פינדן גרושי וויסן שאפט אונ (ראיות) וויא דיא (נשמה) בייא דען מענשן איז דש ער איז בישאפן ווארן גאט צו דינן דש עש איטליכר בקענן ווערט: (ד׳) ווערט איר פינדן גרושי (מוסר ותוכחה ראיות אונ משלים אונ מעשות גרושי חדושים) דש איטליכר ווער איין (יהודי) הייסט ווערט דען (אמת) מוזן דר קענן אונ ווערט ווייטר מוזן עריגלט זיין מיט גאט: (ה׳) ווערט איר פינדן אלי (דינים) פון איין גאנץ יאר וואס איטליכר (מחויב) איז צו האלטן (על פי דת ודין) אונ איטליכר קאן וויסן גאט רעכט צו דינן: אויך (דיני נדה חלה הדלקה אונ אלי דינים) וואס דר צו גיהערט דען אין ווייבר ביכלכר זייג עטליכי (טעות) דרינן אונ אויך ניט אלס גישטעלט דש ווערט איר אלס אין דיזן ספר פינדן· אויך אלי (דיני ברכת הנהנין) זיינן שון גידרוקט אטייל אין (ספרים זיין פיל (טעות) דרינן: אין דיזס ספר איז רעכט גישטעלט דר נאך צו ריכטן: אויך ווערט איר פינדן (רפואות בקילור וויא הגאון רבינו משה מיימן) שרייבט וויא זיך דער מענש פר האלטן זאל ווער גאט ליב האט· אונ זיך אונ זיינר (נשמה) וויל וואול טאן זאל זעהן אין דיזס (ספר) רעכט (בקי) צו זיין דען ווערט ער זיך גוויס (משמח) זיין: — נדפס בדיהרנפורט — אונטר דיא רעגיהרונג דעם הערן קיניגליכר פרייסישר ווירקליכר גהיימט עטאטס. קריגס אונד דירעגירנדר מיניסטר איבר דיא שלעזישי לנדי ריהטר דעם שווארצן אדלר ארדענס האך וואהל גבאהרנר גראף פאן האיום עקסלענץ — בדפוס המשותפים ה״ה אלמנה הצנועה הגבירה אשת חיל מרת רעכיל תי׳ ובניה האחים מייא בני הטנוה הרב המפורסם בתורה וביראה מוהרר יחיאל מיכל מייא מ״ס וצ״ל — בשנת תקס״ה לפ״ק״. — 4⁰.

לויט יוהאן כריסטופור וולף („ביבליאטהעקא העברעא״ III ז׳ 234; נ׳ 555) איז דער פערפאסער פון דעם קלאסישען ווערק ר׳ הענדעל בן וולף; לויט

אין „סוד ה׳״[1]): „איין (מוהל) דעס דיא הענד ליטרן וועגן[2]) עלטר אדר יונגשט וועגן אנדרי אורזאך דער מוז ניט מער יודשן" (דף כ״ט); „וועגין[3]) גרושן דרינגן איז פיל אייטר פון איס גאנגן" (ל׳ b). — אין „ס׳ שחיטות ובדיקות של הגאון מהר״י ווייל": „ווען מן שעכט איין עוף אונ׳ עז איז טריפה וועגן[4]) שהייה אודר דרסה אדר חלדה אודר גרמה אדר עיקר ברויך ער ניט מכסה דס צו זיין ווען עס אבר טריפה ווערט וועגן גישטרא אודר וועגן איין פגימה אין חליף מוז מן דאך מכסה דס זיין" (דף ל״ט). —

אָנמערקונג 2. — „וועגן" קומט פור אויך אין קומבינאַציע מיט „פון" און „פאַר" (זעי ווייטער, §§ 121 — 122). —

די פּרעפּאָזיציע „פון — וועגן" גייט־אַריין, ווי מיר האָבן געוויזען (§ 113), אין באַשטאַנד פון דעם אַדווערב „פונדעסטוועגן" (און פון זיינע וואַריאַנטען).

דעם לעצטען אַדווערב קען מען באַגעגענען אויך אָהן „פון". — זעי די פערדע וואַרשעווער פורם (אויבען ז׳ 163); אין דער אַלטער ליטעראַטור: „אויך זאל דער למדן גיוואַרנט זיין ניט צו עסן אויף סעודות נייארט ער זאל לוס ערשטן ווייזן מיט ווען ער ווערט זיצן (מגן אברהם) האב אוך דעסטע וועגן[5]) גשריבן ווען זיך איין למדן דער הינטר הלט אונ ניט אויף קיין „סעודות מלוה) ניט איס נישט פר אוס גוט צו האבן אונ נאך איס אויף קיינר (גאוה) ניט אום צו ליגן"[6]); — ערשטליך פון סימן א׳ ביז סימן ג׳ רעט דר [רב] דש [ספר] גמאכט האט דש ער איבר דיא

שטיינשניידער — ר׳ הענדעל קירכהאַהן (זעי: מ. גרינבוים 238, א. שול־מאַן 93). — דאָס ספר איז אַרויס צום ערשטען מאָל אין פראַנקפורט אַם מיין (תס״ז); דערנאָך איבערגעדרוקט געוואָרען: אין זולצבאַך (תע״ח), ווילמערס־דורף (....), פּראָג (....), פּראָג (תפ״ט), פיורדא (תקכ״ב) [בן־יעקב ז׳ 591 נ׳ 864]. — איך האָב אויך אַ וואַרשעווער אויסגאַבע פון יאָר תרכ״ה (גע־דרוקט מיט אותיות מרובעות, מנוקד). —

[1]) זעי אויבען ז׳ 151 אָנמ׳ 2 אונטער׳ן טעקסט. — [2]) מיר וואָלטען: „פון עלטער". — [3]) מיר זאָגען: „פון גרויסען"... א. אַ. וו. —

[4]) = „איבער". —

[5]) = „דעריבער, דערפאַר". — [6]) „ספר עץ חיים" (אָפּשניט „ברכות הנהנין"). —

עבירות ער סרעקין טוט וואס מעגכי לייט טוכין [1] דעסט ווענין [2] ער זיך פאר גכומן האט דיזש [ספר] לו מאכין" [3].

---

[1]) == „טוען" (3-טע פערזון פלוראלים פרעזענטים אינדיק'). —

[2]) == „רעריבער, צוליב דעם". — [זעי אויך אויבען ז' 162, צווייטע שורה אין טעקסט]. —

[3]) „ספר דרך הישר פירוש לספר אבן בוחן", דף ב' *b*. — נאך דעם ערשט געבראכטען טיטעל, לייגען מיר אפ'ן שער-בלאט:

„איר ליבן לייט זעהט דאש הייליג (ספר) דאס אין (לשון הקודש) פר פיל הונדרט יארן גימאכט איז · אונ' זיין (אילר החכמה) וואש דרינין איז לו פינדן איז אין טייטשן נית אויף דען עולם גוועזן זולכי פיני (משלים ודברי מוסר) דיא דרינן (בחכמה) גישטעלט זיין · דיא דען מענשן זיין הארץ לו גוטן עפנין טוכן · דרום טוט דאש ווייניג געלט וואש איר דרום געבן טוהט נית אכטן · ווען איר אנדרשט אויף דען (עולם הבא) וואלט טראכטן:

„דיזוז (ספר נחמד) איז (מקדס) גדרוקט ווארדן בק"ק זולצבאך בשנת תס'ה (ולעת עתה) האט מאן עס אין דייטשן אויף גוטן פאפיר אונ' היפשי אותיות· אונ' זעהר וואהל מוגה· ווידרוס נייאי הירוז גיגעבין על ידי התורני כהר"ר מיכל שטערין כ"ץ מק"ק פפד"מ:

„בשנת שתקות אנוש דמת לפ"ק". — $4^0$.

דאס אורט פון דרוק איז אף מיין עקזעמפלאר נישט אנגעוויזען. זע בן-יעקב ז' 3 נ' 53: „המבורג".

דער העברעישער אוריגינאל („אבן בחן"), פארפאסט פון ה"ר קלונימוס בר קלונימוס, דערשינען אין „נאפולי" (נעאפול) אין יאר רמ"ט (1489), איבערגעדרוקט אין וועגעדיג (יאר ש"ו), קרעמונע (שי"ח).

תס"ה (1705) איז דאס ספר ארויסגעגעבען געווארען (אין זולצבאך) צוזאמען מיט דער יידישער איבערזעצונג, וועלכע עס הוט געמאכט ה"ר משה בר יצחק אייזענשטאט מפראג (דער טיטעל פון דעם אויסגאב: „אבן בחן עם דרך הישר").

אין דעם אויסגאב, וועלכען איך ציטיר, געפינט זיך בלויז די יידישע איבערזעצונג אליין. — מיכל שטערן איז דער ארויסגעבער פון דעמדאזיקען אויסגאב. —

אין דעם „ס׳ דרך הישר פירוש לס׳ אבן בוחן״ דף ב׳ אויך: „אליין ווייל דיזש [ספר] פון דען זעלביגן [רב] אין [לשון הקודש] גימאכט ווארדן איז· אונ׳ דש [לשון] אזו זויבר גישטעלט דש ניט איטליכר פר שטין טוט· אונ׳ פון דעסיכט וועגין[1] וויניג אין דיזן [ספר] זיך ער מייאן קענין ווילן זיא זיין [לשון לח] ניט פר שטין האבן קענין· דרום האב איך דען עולם צו נוצין דיזש הייליג [ספר] פון [לשון הקודש] אין טייטשן גיבראכט דא מיט איטליכר זיך אין זיין געטליכי ריד אלי צייט בלייבן קאן· אונ׳ פון זייכה [דברי מוסר] אונ׳ [יראה] דיא ער אין דיזן [ספר] בישרייבן טוט גוטה לער אב נעמן· דעסיכט וועגין[2] איך פר אורזאכט בין דיא [הקדמה] אויך דר בייא צו שרייבן· אונ׳ מעלדן וואש דר אין האלט פון דיזן [ספר] איז״...

אָנמערקונג 3.— ר׳ משה זרח איידליץ אויס פּראָג אין זיין „מלאכת מחשבת״[3], געברויכט[4] דעם אַדווערב „דערא וועגן״[5]; אַזוי, למשל, קמ״ט:

...„אונד בווייל איהר וואש איבר בלייבט פון דיא גראד צו לינקין צו די גראדן צו רעכטין נעמין קענט· נעמליך אויז איין הונדרט צעהן צעהנר מאכין· וואש אבר איבר בלייבט צו רעכטין· ניכט צו דיא גראד צו לינקין נעמין קענט· דען אכט צעהנר קאנט איר צו קיין הונדרט מאכין· דערא וועגן מוסט איר אן פאנגין דיא קוואדראט ווארצל צו זוכן אין די צעלטי קלאש צו לינקין אונ׳ וואש אראויז קומט בעהלט איר צו

---

[1]) זעי די סומפּולנער פורם (אויבען ז׳ 164). — נור דאָ האָט דער אַדווערב די טייטש a. —

[2]) = „דערוּבער״ (פאַרגלייך מיט דער פורם פון דער פריערדיקער אָנמערקונג). —

[3]) דאָס ווערק איז אָנגעשריבען און געדרוקט צווייִשפּראַכיק: העברעיִש און ייִדיש, ביידע טעקסטען איינער אַקעגען אַנדערן (רעכטער עמוד — העברעיִש, לינקער — ייִדיש). — דערשינען אין פּראָג תקל״ה, קליין 8° [זעי: בן־יעקב ז׳ 330, נ׳ 1265 (אין מיין עקזעמפּלאַר פעלט דער טיטעלבלאַט און די ערשטע 4 דפים מיט דער התחלה פון דער לשון־קודשדיקער הקדמה)]. — ביידע הקדמות (די העברעיִשע און די ייִדישע) זענען זייער אינטערעסאַנט (נאָך מער איז אינטערעסאַנט די פּערזענליכקייט פון מחבר). —

[4]) אַף שריט און טריט; כמעט אַף יעדען דף 2 ··· אייניקע צו עטליכע מאָל.—

[5]) = „פונדעסטוועגען״ (אין פּויליש a), ·· ·· „דערוּבער״.

רעכטין · בווייל זולכי גוויס אין דיא זעלביגה קלאס ענטהאלטין איזט · אונ׳ ד ע ר א וו ע ג ן מוסט איר זעהן וואז די קוואדראט לאהל פון דער זעלבן קלאס איזט · אונד זיא דרונטער שרייבן אונד אפ ליהן · וואס אבר איבר בלייבט · בווייל זולכס גוויס פון דען מולטפלליכן דיא גראד לו רעכטין מיט דען זעלבן גראד וואז איר סוהן דיא וואהליל הט קומט · ד ע ר א וו ע ג ן מוסט איהר דיא קלאס דער פאהר בייא דעס איבר רעסט שרייבן" ¹)...

---

¹) אויך קומט אין דעם ווערק פור: „ד ע ר א ג ל יי כ ן". אזוי, אף דף קמ"ב:

„שאלה נח איך מעכטי גערן וויסן וויא איך מיך פר האלטין זאל· איינה וואהליל פון קוואדראט אודר קוביק · אונד ד ע ר א ג ל יי כ ן לו ליהן:

„תשובה זייט וויסן אלס אזוא וואול · אלס איר אייך אין אלי 5 ספעליוי האט מוזן ערסטליך גווינן לו וויסן · ייעדרי רעכנונג מיט אייניגה לאהלין ביז 9 אזוא וואול אין אדירן אלס אין סובטרירן · אונד ד ע ר א ג ל יי כ ן · אלזוא אויך מוסט איהר וויסן אלי דיא וואהליל ביז 9 לו פינדין אוים דיא גגעבני לאהלין · עז מאגן זיין קוואדרט לאהלין אודר קוביק לאהלין · אא"ו"...

אויך אין „ס׳ ד ר ך ה י ש ר פירוש לס׳ א ב ן ב ו ח ן", דף ב׳: „ד ע ר א ג ל יי כ י ן".

אפ׳ן שער-בלאט פון „מ ח ז ו ר ע ם כ ו ו נ ת ה פ י ט ן" (ווילצבאך, תקע"ט):...

„אונ׳ נאך פיל נייאי זאכן האבן מיר פאר מערט אין דיזן נייאן מחזור וועלכי ד ע ר א ג ל יי כ ן ניט לו פינדן זיין אין אנדרי מחזורים דיא ביז הערא גדרוקט זיין".

פארגלייך מיט דעם „ד ע ר י ג ל יי כ ן" אויבען אף ז׳ 153.

[אין „ש מ ח ת ה נ פ ש" (דיהרנפורט, תקס"ה) כ׳: „והעיקר דר זיך (בגאוה) האלט מיט זיין געלט אונ וועד מיט אוהן גיוועסני הענד עסט ד ר ג ל יי כ ן מעד זאלכס זאל דר מענש אין אכט נעמן אונ ניט (יחרעס) זיין ווען איס השם יתברך לו שיקט" ... — נח"ר: dergleichen (טיאנדער 284) I. —

אין „ספר מנורת המאור" (לעמבערג, תקנ"ז) באגעגענען מיר: „דרנט וועגן"; אזוי, אין פרק י"ד: „דרום אך אונזרי (רבנים די חסידים) ווען איינר איז פר זי צו משפט גקומן אונ הט איין מתנה אן זי גבראכט אפילו וואש ער איז שולדיג גוועזן צו געבן · אודר ווען איינר עטוואש גירעט הט ריד די שוחד זענן גוועזן אונ זי הבן בייא זיך זלברט גזעהן פיל לייכט זעלטן זי קיין רעכט משפט דרנט וועגן געבן אונ אפילו ווען זי שון הבן בייא זיך גדאכט זי ווערן דאך רעכט משפט געבן · הבן זי דאך ניט וועלן איבר דעש זילן · אונ הבן גזאגט צו זעלכי לייט איך בין אייך פסול צו משפטן"... [1])

אנמערקונג 4. — „וועגן" גייט אויך אריין אין באשטאנד פון פרעג־אדווערב „פונוועסטוועגן" (זעי אויבען ז' 157).

אין דער אלטער ליטעראטור — אהן „פון"; צום ביישפיל, אין „ס' מנורת המאור": „דען זוא בלד אלז זיא איין מאל רעכט עדות גזאגט הבן זוא קענן זיא ניט ווידר אנדרשט זאגן · דען פיל לייכט האבן זיא חרטה קריגט דען זי דענקן וואש זאל אונז דש דז איינר זאל דורך אונש גיטיט ווערן זוא ענטפערט דיא גמרא ווייסטו ווארום איך האב גמיינט דש איך הט לאזן גלויבן די עדים ווייל זיא איין אורזאך גיזאגט האטן וועסט וועגין זי האבן פאלש עדות גיזאגט דען זיא האבן עש גיטאן וועגן שנאה"... [פרק נ"ד]; ...„אונ איטליכר מענש איז שולדיג די תורה מכבד צו זיין מיט אל זיין מאכט · גלייך מיר געלערנט האבן אין (פרק חלק] ער זאגט (רבי יוחנן) וועסט וועגן הט (אחאב) זוכה גוועזן מלך צו זיין צווייא אונ צוואנציג יאר ווייל ער הט די תורה כבוד אן גטאן די דא גשריבן איז מיט דש (אלף בית] פון צווייא אונ צוואנציג אותיות"... [פרק קכ"ט]. —

---

[1]) אין „ס' דרך הישר פירוש לס' אבן בחן דף ב': „עש איז וויסנליך דש צו אלי ספרים דיא בייא אונז [יהודים] גידרוקט ווערן איין [הקדמה] אונ' איין [הסכמה] דר בייא גידרוקט ווערן מוז · דא מיט אין דר [הקדמה] דענין לייטן פאר גשריבן ווערד דער אין האלט פון וואש דאש [ספר] רידן טוט · אונ דיא [הסכמה] מוז דערינט וועגן זיין דא מיט דיא לייט אויך וויסן זאלין דש דיא [רבנים] אין דענין לייטן אויך [מסכים] דא מיט זיין דש זעלביגי [ספר] צו דרוקן"...

§ 121 — 1) „פון—וועגן" [מיט געניטיוו צווישען די צוויי גלידער (זעי אויבען ז' 157)]. —

2) אין אקסענפעלהם „ערשטען יורישען רעקרוט": ...„וויא זאָגט מען עפיס פין געלטס[1]) וועגין געהט קיין שוהך ניט אָפ"... (ז' 22); „איך וועל הייסין אָן גרעטין אַלטע זאַכין גאַנצע פין נחמנס[2]) וועגין"... (ז' 41); ...„שטאַטש פין פרימהלעס[3]) וועגין"... (ז' 50).

בא לינעצקין l. c.: ...„פלעגט גיין קלויבען צעפליקעס פינים רעבינס מיידעלע וועגען"[4])... (ז' 29); „דיא גמרא זאגט אַז פון שלום בית וועגין[5]) מעג מען אָב מעקן אַ שם הויה" (ז' 36); „מיין מחותנים שטיב איז אַפילו קלענער געווען פין צוויי גאַסען בודקים' נאָר פין זיין קליין בני בית וועגין[6]) איז געווען גאַנץ גענוג"... (ז' 49); „ער האָט זיא נאָך געזאָגט פינים רעבינס וועגין[7])"... (ז' 50); „פון לעכט בענטשען ביז נאָך הבדלה טאָר מען ניט אוים רעדין קיין שום דבר חול חוץ פון פקוח נפש וועגין"[8])... (ז' 51); „דם שענסטע שטיקעל פוש פון וואלצים וועגען"[4])... (ז' 53). —

---

[1]) ד. ה. „צוליב געלט", „איבער געלט". — געלט איז דאָ די סבה. — די אידייע פון אורזאַך שטעקט דאָ אי אין „פין", אי אין „וועגן" (אין טייטש c). —

[2]) נחמן איז דאָ דער פאַרשוין, צוליב וועלכען, פאַר וועלכען די האַנדלונג ווערט פורגענומען. ער וועט עס פון איר רעזולטאַט געניסען. — „וועגן" הוט דאָ די טייטש b (אין גרונט פון וועלכער עס ליגט דוך גלייכצייטיק דער מומענט c, וואָרום ווען מ'טוט עפעס צוליב עמיצען, פאַר עמיצען, איז דער עמיצער די נאָנטסטע סבה פון דער האַנדלונג!). —

[3]) זעי די פוריקע אַנמערקונג. — [4]) זעי אַנמ' 2. —

[5]) די פרעפּוזיציע באַלייט דאָס ווארט, וואָס גיט-איבער דעם העכערען ציל (הייסט עס, אויך די העכערע אורזאַך) פון דער האַנדלונג. —

[6]) דער סוביעקט, וועלכען די פרעפּוזיציע עקסקורטירט, מאַכט עס מעגליך, די ענגע שטוב זול דוך קענען זיין באַוווינט: דאָס בני-בית איז קליין, און קען זיך דעריבער אַנ'אורט געפינען אין דער ענגער שטוב; דאָס קליינע בני-בית איז, אלזו, די סבה, צוליב וועלכער די ענגע שטוב קען דוך דינען אלם דירה. —

[7]) ד. ה. „אין רבינס נאָמען". — די פרעפּוזיציע דריקט דאָ דירעקט אוים די אידייע פון אָנגעהעריקייט (און דערדורך אויך אינדירעקט — פון סבה).

אָנמערקונג 1. — דער אויסדרוק „פון יוצא וועגן“[1]) קען באַטראַכט ווערן אַלס אדוערב. —

אָנמערקונג 2. — באַ ממ״ס[2]): „פאַרשטעלען זיך און מאַכען די פּורים־שפּיל, די גאַנצע קאָמעדיע אַלץ לשם שמים, צוליעב זײַן הײליגען נאָמענס וועגען“[3]) ... —

3) בײַשפּילען אויס דער עלטערער ליטעראַטור:

a) אין „ס׳ שמחת הנפש“ (דיהרנפורט תקס״ה), כ׳ b: „משל הונדרט
בלינדי לייט ליגן אלס איינר אויף דעם אנדרן אן גילייכט אונ פר אן
גיט איין זעהנדיגר דר פירט זיא אלי · ווען גלייך איין בלינדר אן דעם
אנדרן זיך אן האלט האט ער פארט זיין פאר זיכרונג ניט אויף דעם
בלינדן גיהארט אויף דעס ערשטן דר דא זעהן טוט דר פירט זיא אלי·
אזו אויך מיר זיינן אלי בלינד הש״י זיכט אלי אנדרי ווערקן ער שפייזט
דיא גאנזי וועלט ווען הש״י איין רגע זיין (הבגחה) פון אונז אב זעלט
טאן ליגעט אלס איבר דען הויפן · דיא ערד אונ אלס וואס אויף דר
וועלט איז בטיט אין וואביר אויף גאט זיין ווארט · אונ אלי דיא עולמות
וויא זאל איך גאט ניט ליב האבן אונ פאר איס פערכטן · אונ פון
דעס ביסכי הנאה וועגן אויף דען עולס זאל איך מיין נשמה
מטמא זיין אויף איביג · איך אלי דיא נסים ונפלאות וואס גאט אוני גיטאן
האט פון בריאות עולם אן · אונ דיא גרוסי תורה דיא מיר האבן · אונ
אלי דיא צדיקים דיא מיר האבן גהאט לאלפים ורבבות זיא האבן קענן
מחיה מתים זיין אונ אלי פעולות שבעולם האבן זיא קענן טאן · אונ
דיא נסים ונפלאות וואס איטליכר האט קענן טאן · אונ אלי אונזרי
(חורבנות איך גרוסי גזירות אונ גלות) קומט אלס פון אונזרי
עבירות וועגן“...

דער רבי איז דער פאָטער פון דעם געדאַנק, פון וועלכען ס׳איז אין דער דערציילונג די רייד, אַלזו — אויך זײַן אורזאַך. —

[1]) ממ״ס, „ווינשפינגערל“ 17: ...„פונ׳ם פריץ, וואָס יודען האַלטען בײַ איהם אַרענדעס, דערנעהרען זיך דערפון מיט ווײַב און קינדער און מוזען, נעבעך, פון יוצא וועגען, איהם צאָהלען ראַטע“... — [2]) l. c. — [3]) „צוליב—וועגן“ == פון—וועגן. — [אין „ספר אורחות צדיקים“ מ״ב: ...„אונ האָב ווידער די פעטערי גקופט לכבוד שבת וועגן“]. —

b) אין „ס' מנורת המאור" (לעמבערג תקנ"ז): „די רבנים האבן גלערנט עס איז איין מעשה גיוועזן דש איין שריפה איז גוועזן אין דעם הויף פון [יוסף בן סימאי זוא זיין כותים קומן פון די הערן פון (לפורי) אוס דיא שריפה צו לעשין ווייל ער איין (אפוטרופס) וואר פון דעם מלך זוא וואלט ער ניט ליידן פון דעם כבוד פון שבת וועגן דש מן עס זאל אויס לעשן: זוא איז איין נס גישעהן אונ עס האט גירעגנט אונ די שריפה איז דר דורך אויס גילאשן גווארן"... [פרק קס"א];

„אונ דר מענש זאל ניט ווארפן איין פארכט אויף זיין הויז גזינד ניט פון די זאך וועגן: איך ניט פון קיינר לייא זאך וועגן"... [פרק קנ"ז]; „...אונ דש די פרויא זאל איין שורץ טיך טראגן פון לכיעות וועגן" [פרק קנ"ח]; „...פון מיין כבוד וועגן אונ פון דש (מת כבוד וועגן ווערין פיל לייט בייא אנגדר קומן אוס צו הערן"... [פרק רט"ו].

c) אין „ספר תהינות" (פראנקפורט אם-מיין 1714—1715) קפ"ו b: „דער מנהג איז דז מן דיא מיטלשט מצה צו ברעכט אי מן זיא ליגט אונטר דר לאן לוס אפיקומן איז איין גרושר סוד דרויף · אך דר טעס מן זאל וויסן דז אונזר רעכטר שכר פון אונזרן מעשים טובים אונ' מצות איז פר בארגן אויף עולם הבא דען וואס מיר גיניסן פון אונזרי מצות וועגן[1]) אויף דיזר וועלט איז קיינרט דער ריבת דרוס זאל מן דיא קינדר דיא מצה[2]) ניט לאזן גנבן אונ' נעמן פון דעני קיסן דז ניט בטייט דז חס ושלום איר שכר מצות אך ווערט גיגנבת ווערן איין טייל פרומי לייט וויקלן האלבי מצה צו אפיקומן אין איין ריין טוך אונ' לעגין דר נאך אונטר דיא קיסן האט אך איין סוד דרויף".

d) אין „ספר טהרת אהרן"[3]): „דיא אדרין אונ' הייטליד זייני אלי (אסור)

---

[1]) ד. ה. „צוגלייב די מצוות", „אדאנק די מצוות" (די מצוות וועגן די רעקטע סבה). — [2]) דרוקפעילער; דארף זיין: מצה. —

[3]) דער גאנצער שער פון ביכעלע (קליין 8⁰): „ספר טהרת אהרן הדור אתם ראו זה דבר חדש אשר לא היה לעולמים. מימים קדמונים. בניקר הבשר הן בחלק הפני'. והן בחלק אחוריי' ובגלל זה אזרתי: כגיבור חלצי ללקוח הקסת במתני לאסף ולהבר. סדר הניקר מכל אבר ואבר. ע"פ סדר שסידר הרב הגאון מופת הדור בעל העיטר. וסביביו קדש יאמר לו הם ליקוטי פוסקי'. ומנהגים בקבלות רבותיי מנקרי

פון (דם) וועגין" [1]) [דף כ"ג]; „דיא אדרין זיין (אסור) פון (הלב) וועגין" [1]) [דף כ"ג b]; „הריאה דש איז טייטש דיא לונג מוז מן אלי דיא רערליך אויף שניידן פון (דם) וועגן" [1]); ...„דש היישט דער (גייץ) ווערפט מן אוועק פון (מיאוס) וועגין" [1]) [דף כ"ה].

e) אין „ספר שחיטות ובדיקות מהר"י ווייל": „ווען מן גפינט נאך דעס שעכטן איין שטרויא ליגן אין דעס (קנה) אודר זונשטן וואס אנדרשט דז צו ביזארגן איז וועד צו שניטן גיווארן מיט דען חליף אין דעס שעכטן איז דז זעלביגי (עוף טריפה פון שהייה וועגן" [דף ל"ח]; „ווען דיא (אונה ארוכה ועבה) ווער קלענער אז די אונה אמצעית איז טריפה פון חלף וועגן" [דף מ'].

f) אין „ס' עץ חיים" [2]) (פורצק תק"נ): „אין איין שטאט וואו צווייא מניקים וואונן איז רעכט מנין צו מכן בייא דעס אבל ווען גלייך וואו איין קליין קינד גישטארבין איז דען עס איז דיא נשמה איין גרויסן

---

מפורסמים. ולבאר אותו היטב. בכל מי"לי מיטב. כה אדבר בלשון רכה לשון הנשמע להמוני עם. על חלק הפנים. להיות שיד הכל ממשמשין שם. כדי להבין לקטנים עבדי' ונשים. וזכות רבי' יעמוד לי ולזרעי אחרי עד עולם. ונזכה כלנו יחד לראות בנין היכל ואולם. ושם נזבחו זבחי צדק. ונקטיר קטורת ממולח טהור קודש ושחקת הדק: הוציא לאור על ידי המחבר האלוף הר"ר אהרן בן האלוף התורני הרבני חכם וסופר כמהור"ר משה מאיר פערליש מפראג: לפרט על כן לֹא יאכלו בני ישראל את גיד הנשה: — פה ק"ק אופי באך ע"י המדפיס הר"ר ישראל בן הר"ר משה בדפוס האדון באנע פענטורא דע לא נאיי:" — [באַ בּ.ן.-יעקב ז' 204 נ' 11].

בִּיז דף כ"ב גייט דאָס העברעִישע חֶערקעל. אָף די דפים כ"ב b — כ"ה געפינען מיר „הלכות ניקור בלשון אשכנז", — וואָס אינטערעסאַנט: אין יאָר 1721 געדרוקט מיט אותיות מרובעות (אָהן ניקוד); אוּבער די העברעִישע ווֹ. קאַבּלען נוך אויסגעטיילט אין האַלבּע לבנות. —

[1]) די פּרעפּאָזיציע טראָגט די אידייע פון אורזאַך. —

[2]) איך הוב אויך אַ שפּעטערדיקען אויסגאַבּ פון דעם ספר, גאַנץ שיין געדרוקט, מיט אותיות מרובעות און מיט ניקוד (מיט צוויי שריפטען: די וויכטיגערע שטעלען אויסגעטיילט מיט קולונעל, די איבעריקע געזעצט מיט ציצערו). — דער גאַנצער שער-בלאַט:

(נחת רוח) וואו מען קדושה אַפּ ריכט אָבר וואו ניסט מין אַז איין מנין וואַרטט זאָל מן די שול ניט מבטל זיין פון אָבל ווענן"... [אות ק׳];—

„אויך שרייבט דאָס ספר (אורחות לדיקים) מען גיהער איין (ווחרן) זיין צו קויפן ספרים אונ אַנדרי לייט אויעק צו לייאַן צו לערנן דרויש אונ זאָל ניט טרכטן אַז זי ווערן צו ריסן ווערן ווייל יענר ווערט דרויש לערנן אויך כליס יענס צו לייאַן ווער עס דאַרף אונ ווען מן וואָס מעסט ווייִן אָבר [1]) אייל ניט גנויאָ צו מעסטן: אויך זאָל מן זיך ניט דר הינטר האַלטן ווען איינר דיך בעט אוס איין טובה צו גיין פון יענמס וועגן אונ ווען יענס איין אוס גליק צי קומט גהער מן זיך מלער צו זיין אונ צו במיהן וואָס מיגליך איז צו טאָן פון יענמס וועגן"... [אות ויו].

g) אין „סודה״ ל׳: „מן מוז גיוואַרנט זיין דס מן קיין קינד (מַל) זיין דס קראַנק איז פון (סכנות נפשות) וועגין".

---

„ספר עץ חיים והוא ספר קיצור שני לוחות הברית מיר האָבּין עש מַעְתִּיק גִיוֶועְן אוּיף עִבְרִי טַייטְשׁ · כְּדֵי עש זָאלִין פַאר שְׁטֵיין גְרוֹיש אוּנ קְלֵיין · דְרִינֶען גִיפִינְט זִיךְ יִרְאָה אוּנ מוּסָר · אוּנ אַלֶע דִינִים פוּן אַגַאנְץ יָאר· הִלְכוֹת חוֹל · וְשַׁבָּת · וְיָמִים טוֹבִים וְיָמִים נוֹרָאִים · וַחֲנוּכָּה וּפוּרִים · אוּנ הִלְכוֹת תְּשׁוּבָה · וּצְדָקָה: וּבִיקוּר חוֹלִים · גְמִילוּת חֲסָדִים · הִלְכוֹת תְּפִילִין · צִיצִית וּמְזוּזוֹת אוּנ אַלֶע תְּפִלּוֹת אוּנ תְּחִינוֹת וָואש צוּ אִיטְלִיכֶער זַאךְ גִיהֶער · אוּנ אַנְדֶערֶע גוּטֶע זַאכִין · וּבִזְכוּת זֶה זָאל קוּמֶען דֶער גוֹאֵל צֶדֶק בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ אָמֵן: — ווילנא בדפוס ר׳ יוסף ראובן בר׳ מנחם מן ראם — שנת תרכ״ד לפ״ק (1863)".

שוין אויס דעם פאַרגלײַך פון דעם ערשטגעבראַכטען שער-בלאַט מיט'ן שער-בלאַט פון פּוריִצקער אויסגאַב (זעי אויבען, ז' 160, אַנמ' 1 אונטער'ן טעקסט), איז צו זעין, אַז דער ווילנער אויסגאַב איז קענטיק מאָדערניזירט.

די שפּראַך פון ספר איז, אים אַלגעמײַן, געבליבען די אַלטע, אָבער מיט אַ סך מאָדערניזירונגען. איר טרעפט: „גוּן" (ז' 62), א. אַ. וו., א. אָ. וו., א. אַ. וו. אָבער אַנשטאָט „ווערט" — „ראוי" (ז' 34), אַנשטאַט „מיין אז" — „מעַר ווערליג" (l. c.), אַנשטאַט „וועןגלײַך" — „חאָטשע" (ז' 35) וכו'. — אין דער אָרטאָגראַפיע וואַרפט זיך נאָך זייער אופט דורך שׂ (=ס); נאָך אויסלויט-וואָקאַל קמץ רעגולער דער שטומער א. —

[1]) = „אודער". —

h) אין „זמירות של שבת": ..."וואָרים שבת היום ליי הײַנט איז שבת פֿון גאָטש וועגין" (כ"א); ..."אליהו אשר קנה וואָש האָט זיך גנוּמען גיווען לשם האל פֿון גאָטש וועגין" (ל"ג); ..."שבראנו וואָש האָט באַשאַפֿין אונז לכבודו פֿון זיין כּבוד וועגן" (ט"ו); „זבח קודש איין שעכטונג פֿון שבּת וועגן" (כ"ז b); „שקדו אײַלט אונ היט ועשו· בני אונ טוט אלץ פֿון שבּת וועגן מײַני קינדר" (כ"ד).

i) אין „ספר אורחות צדיקים": ..."ווען איינר וויל זיך יוא צירין זאָל ער טאָן פֿון גאָטס וועגן אונ ניט פֿון גאווה וועגן" [1] [דף ג']; „(אברהם אבינו) האָט קיין (רחמנות) געהאַט אוף זיין זון (יצחק) אונ האָט אים וועלן זעלבּרט שעכטן פֿון גאָטס ליבּשאַפֿט וועגן" [י"ב]; „איין חכם האָט איין מאָל געזעהן איינם זאָרגן שפּראַך ער צו אים בּרודר וואָס זאָרגסטו. זאָרגסטו פֿון (עולם הבא) וועגן זאָל דיר גאָט מערן דיין זאָרג וואָרום די זאָרג איז זייער גוט· אונ אויב דיין זאָרג איז אַנדערש פֿון (עולם הזה) וועגן זאָל דיר גאָט מינערן דיין זאָרג דען אין (עולם הבא) זאַכין איז פֿיל צו זאָרגן"... [י"ד]; ..."אונ ווייטר געשריבּן (ועשה טוב) טוט גוטס דאָס איז (מצות) פֿון גאָטס וועגן. אונ (יושר והסד וצדקה) פֿון מענשנס וועגן"... [כ' b]. —

4) אין די אַלטע שריפֿטען קומט די פּרעפּאָזיציע פֿור אויך מיט בײדע גלידער נאָכאַנאַנד (אָהן א צווישענשטייד). — א פּאָר בײַשפּילען:

a) אין „ס' שמחת הנפש", כ': ..."אך ווען איין לדיק שטערבט אונ מן טרויערט ניט אום איהם שטערבן זייני קינדר פון וועגן ביטול תורה· פון וועגן שכחת חכם"...

b) אין „ס' מנורת המאור": "וויא וואול דש די תורה הט אויף פיל פלאצן מזהיר געוועזן פון וועגן משפט· דש עס זאל אויף ריכטיג זיין אונ זאל גלייך זיין פר אל דיע פרטיין לייט דיא צו משפט קומן"... [פרק י"ד]; ..."ווען מן ווערט ווען איינם פלוכן זוא ווערט מן זאגן גאט זאל דיר טאן אלז ער הט גטאן אן צדקיהו אונ אחאב דש ער האט פר ברענט זי דר מלך פון בבל ער זאגט רבי יוחנן פון וועגן [2])

[1]) ענליך אַף דף ה'. —

[2]) ד. ה.: „אין נאָמען"... — אין דער באַטײַטונג קומט די פּרעפּאָזיציע אין דעם ספר פֿור אַף שרײַט און טריט. —

רבי שמעון בן יוחאי ער הט זי פר ברענט גלייך מן פר ברענט די זאגן (תבואה) אוס צו דערין"... [פרק כ"ג]; ..."אזו ענטפרט דיא גמרא עס איז גלייך (רבי זירא) האט גזאגט וועגן [1]) (רב) אוך איין טייל זאגן ער הט עס גזאגט [רבי אבא] פון וועגן (רב הונא)"... [פרק קנ"ח].

c) אין „ספר תחינות" קצ"ה: „מן מוז ווישן דז דאש חד גדיא דהיינו דש מן זאגט איין ציקליין וויא עס נאך אנדר גיט דש ניקש מין אלז איין משל איז דיא סודות דיא דרויף זיינן איז ניט מיגליך צו בישרייבן ניקש מין אונזרי חכמים האבן מיט דיזן משל דען גימיינן לייטן וואלן צו פר שטין געבן דש דער בן אדם זאל ניט מיינן דאש בייא השי"ת וואש פר געשין וועט נייארט ווערט אליז בצאלט איין איטליכן נאך זיינס פר דינשט נאך עש מאג זיין גוטש אודר ביז אונ' לאזט זיך אויז דז הקב"ה שעכט דען מלאך המות דש ווייסט דז היינטן נאך לעתיד לבא נאך תחיית המתים קיין מלאך המות מער זיין ווערט אונ' ווערט קיין מיתה מין זיין אונ' השי"ת דער דא לעבט אייביג דער ווערט צדיקים אונ' צדיקניות בצאלן אירן גוטן לון פון וועגן [2]) אירן מעשים וואש זיא גיטאן האבן אויף דיזר וועלט דש מיר פינדן דאש אונזרי חכמים שרייבן גאר פיל דר פון איך וויל נייארט קורץ שרייבן וואש מן פינד אין דער גמרא דאז אונזרי חכמים ברענגן ראיית אויז פסוקים דז איין איטליכר צדיק ווערט הבן זיבן חשובה חופות אין גן עדן אויז אבנים טובות גמאכט די אלר שלעכטשט חופה ווערט גאלד זיין· אך ווערן פליסן פר דעני חופות דרייאערליי בעך פון בלסם אויל אך ווערן זיא קרונן אויף אירן קאפא האבן אויז גרושי אורות דיא ווערן זער לייכטן· אך ווערן זיא בקלייד ווערן מיט צעלכי מלבושים פון דעני אורה פון די כי מלות דש זיא גיטאן האבן וויא מיר אובן אין דער הקדמה דע פון גישריבן האבן אך ווערן דיא צדיקים לייכטן אין אירן פנים דש אויף זיא ווערט שיינן דער גלאנץ פון דער שכינה דרייא הונדרט אונ' דרייא הונ' פירציג מאלט העלר אלז דיא זון אילונדרט לייכט".

d) אין „סוד ה'": „ווען ... גישוואלן וועט פון וועגן [3]) איינר (מכה)"...

---

[1]) על פי טעות, אָנשטאָט: „פון וועגן" (זעי די פֿוריקע אָנמערקונג). —
[2]) == „פאר, צוליב". — [3]) == „איבער, פון". —

[כ"ח b]; ..."פון וועגן איין פאדיס קען דאס קונד אין איין סכנה קומן" [ל' b]; — "עש ווערט גיזאגט פון וועגן[1] איין (גדול הדור) דז ווען דס קינד סון גיוודשט איז"... [ל"ב].

e) אין „זמירות של שבת": „כי לא יטוש יְיָ וָוארים גָאט טִיט נִיט פַר לָאזִין את עמו זַיִן פָאלְק בעבור הגדול שמו פון וֶועגְן זַיִין גְרוֹיסִין נָאמִין" (דף י"ד); „הפישני בודאי לָאז מִיךְ פְרַייא מִיט אֱמֶת · ובבירור אִיז מִיט קְלָארְקֵייט; כנמת אַזוֹ וויא דוּא הָאשְׁט גְרֶעט · לְעֶנִין שחרור פון וֶועגִין פְרַייא לָאזִין"... (ל"ב); „בשיר מִיט גְזַאנְג; וקול תודה אִין אֵיין קוֹל פוּן לוֹבּוּנְג · נברך מִיר ווֶעלִין לוֹיבִּין · לאלהינו צו אוּנְזֶר גָאט · על פון וֶועגִין · ארץ חמדה דָאש גְלִיקְזֶעלִיק לַנְד · טובה דָאש גוּטִי · שהנחיל וָואש ער הָאט גִימַאכְט אַרְבִּין · לאבותינו צו אונזרי עֶלְטֶרִין"... (ל"ב); „יי עשה גאט טוּא למען שמך פון וֶועגִין דַיִין נָאמִין"... (כ"ט); „באהבת יום פון וֶועגֶן לִיבְּשַׁאפְט דֶעם טָאג"... (כ"ט).

אנמערקונג 1. — אין די אלטע ספרים ווערען ביידע אורדנונגען („פון — וועגן" און „פון וועגן") אלציינם געברויכט. — אין „ס' לב טוב"[2], למשל:

..."אונ ער זאל ריידן במעלך[3] מיט דען לייטן אונ ער זאל ניט הויך רידן מכל שכן דז ער ניט זאל אן שרייאן די לייט · אז דא שטיט גשריבן די רידן פון דען חכמים די דא ווערן גרעט במעלך[3] די ווערן גיהערט דא קערן זיך די לייט דראן מער אז איין נאר דער די לייט אן שרייאט דעס ווערן זייני רידן ניט גיהערט · אז דא שטיט גשריבן דז גשרייא פון דען נרן ווערט ניט גיהערט דיא לייט קערן זיך ניט דראן ווען ער איינס אן שרייאט דרויף גיט דיא גמרא וואז איין תלמיד חכם לערנט תורה שטעטן אונ זיין הנדל איז אויף ריכט אונ רעדליך · אונ דס ער רעט מיט דען לייטן במעליך[3] וואז זאגן די לייט וואול דען תלמיד חכם זיך וואז האט ער תורה גילערנט וויא הנדלט ער אזו רעדליך אונ אויף ריכטיג וואול זיין פאטר אונ וואול זיין מוטר וואול זיין רבי דר איס תורה האט גילערנט וואול איס וויא ער קאן זיך האלטן בדרך ארץ וואל די לייט די תורה לערנן זיכט וויא דר איז איין מאן אייטל תרבות אונ אייטל דרך ארץ דאז איז איין קידוש השם · דר

[1]) == „אין נאמען פון"...

[2]) פורצקער דרוק (1790). — [3]) זעי אויבען ז' 168. —

איז מקדש השם יתברך דעם האט גאט ליב און די לייט אך ליב· איז אבר איינר דר תורה האט גילערנט און ער הנדלט ניט רעדליך און אויף ריכטיג מיט דעם לייטן און זיין ריד זיין ניט במעליך ער שרייאט מיט דען לייטן אז איין משוגנר און ער איז מדקדק מיט דעם לייטן אויף איטליכן העלר און זיין בלאָלונג איז איך ניט רעדליך וואז זאגן די לייט אויף איס וויא דעם ווי האט ער תורה גילערנט וויא זיינס פאטר און מוטר וויא זיינס רבי דער איס הוט תורה גלערנט און ניט דרך ארץ וואל דען לייטן די ניש תורה לערנן די הבן מער דרך ארץ אז דר בעריביר מיט זיינר תורה זיך וויא איז דר איין מאן ער האט תורה גלערנט וויא האט ער איין גשרייא מיט דעם לייטן וויא הנדלט ער אזו איס רעדליך מיט דען לייטן וויא ביזי זינדיגע מעשים האט ער אן זיך דר איז רעכט מחלל השם אויף איס גיט דר פסוק דאָס זיין גאטס פאלק און מוזן אויז אירס לנד גין פון אירי ביזי מעשים וועגן[1]. אבר אויף דען גוטן תלמיד חכם דר במעליך רעט מיט דען לייטן און אויף ריכטיג און רעדליך הנדלט אויף איס גיט דר פסוק ער זאגט גאט אויף אוס בישט מיין קנעכט ישראל דז איך מיך מיט דיר ברימן קאן · און פון וועגן[2]) די תלמידי חכמים די זיך רעכט נוהג זיין מיט דען לייטן דא גיבט הקב"ה שלום אין עולם הכיין אז די גמרא גיט (אמר רבי אליעזר אמר רבי חנינא תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם שנאמר וכל בניך למודי י״י ורב שלום בניך) ער זגט ר״ אליעזר פון וועגן[3]) ר״ חנינא דז די תלמידי חכמים מערן שלום אין עולם הריין אז דר פסוק גיט (וכל בניך וג״ און אלי רייני[4]) זין זייני גילערנט פון גאטס וועגן״[5])...

אַנמערקונג 2. — אין „זמירות של שבת״ קומט „פון וועגען״ פור אויך אַלס קוניונקציע. — אַזוי, למשל: „איש חסיד היה אַיין פְרוּמֶער מַאן אִיז גיוֶוען: בלי מזון אָן שְׁפַּייז: ומהיה אוּנ אָן דֶר נֶערוּנְג: בביתו עוסק אִין זַיין הויז פְלֶעגְט עֶר תָּמִיד זִיצִין: מלבוש פוּן וֶועגְן[6]) עֶר זָאל נִיט פַר שֶׁעמְט וֶוערִין וָואָרים: ואין בגד ללבוש עֶר האט נִיט אֵיין קְלַייד

[1]) ד. ה.: „... איבער זייערע בייזע מעשים״. —
[2]) = „צוליב״. — [3]) = „אין נאָמען״. — [4]) „דיינע״. —
[5]) אין „פרק חמישי („הלכות דרך ארץ). — [6]) = „בדי״. —

אן צו קְלֵיידֶן"... (דף כ"ט b)‏; „עֶנְטְפֶּערְט עֶר אִיר יועצה בדעת ובחכמה דו הָאסְט אֵיין עֵצָה גִיגֶעבִּין מִיט חכמה · עצתך אָבֶּער דַיין עֵצָה בלי להתחכמה אִיז נִיט מֶען זָאל דִיר מַסְכִּים זַיין · בצאתי וָואדִים מַיין אוֹיז גֶען אִיז גָאר לְבוּשׁת ולכלימה אִיז צוּ שַׁאנְד מבלי כסות פוּן וֶועגִין [1]) אִיךְ הָאבּ נִיט קַיין קְלֵייד"... (דף ל')‏; „דברה לו האשה אַזוֹ רֶעד צוּ אִים דָשׁ וַוייבּ יותר אין להתיאשה קָאן מֶער זִיךְ נִיט מִיַאִישׁ זַיין · המבלי פוּן וֶועגִין [2]) עֶשׁ אִיז נִיט דָא לחם לאכל בְּרוֹט צוּ עֶשִׂין"... (ל'). —

122 § — 1) אין די פוילִיש-יִידִישע מ"מ מערסטענטײלס: „פאַר—וועיגן" [3])
(מִיט גענִיטִיוו צווישען בײדע גלידער).

אזוי, אין דרילטש, למשל: „כ'וֹ דאָס גיקויפט פאַ מאַאַ ברוּדעס וועיגן [... פאַ מאַאַ טאַטנס וועיגן, ... פאַ מאַאַ שוועסטעס וועיגן, ... פאַ זעכס וועיגן" [4])] .—אין לודליע (לובל. ג.)‏: „פאַרן רבס וועיגן, פאַר אַ שכנס וועיגן, פאַרן רעבעמס וועיגן" [5]).

אַנמערקונג 1. — אין „פרנס המתגאה" [6])‏: „וֶועט וֶוערִין אוֹיף גִישְׁטֶעלְט פַאר אִיהר נְשָׁמָה וֶועגִין אַ שׁוּל" (ז' 26)‏; „עֶר הָאט גִיוָואלְט אֶמְתְּרִיק גֶעבִּין פַאר דִיא מוּטֶערְס נְשָׁמָה וֶועגִין אַ גֶעשֶׁאנְק" (ז' 27)‏; „מַאכְט עֶר שׁוֹין פַאר אַלֶעס וֶועגִין שְׁלֶעכְט" (ז' 41)‏; „דִיא וֶועלְט הָאט אִיהם פַאר זַיין פַארְשׁוֹין וֶועגִין גָאר נִישְׁט גִיהַארְט" (ז' 56)‏; „ווִילְדֶע מוֹפְתִים מִיט בְּלוֹיז שְׁקָרִים פַאר דֶעם רֶבִּינְ'ס וֶועגִין הָאט קֵיינֶער נִיט פֶערְצֵיילְט" (ז' 57)‏; „אֵיינֶער אִיז אוֹיף שִׁיכּוֹרִית פַאר בַּטְלָנִים וֶועגִין מִילְד" (ז' 61).

---

[1]) == „מחמת". — [2]) „מחמת, ווארים". — [3]) == „פון—וועגן".—

[4]) == „פאַר זיך". — אויך אין קלײן-ביאלע, אין לובלין, אין פוּלאַוו: „פאַ זעכס וועיגן". —

[5]) ועי „זאַמעלביכער" II 154. —

[6]) „פרנס המתגאה אָדער „דֶער דָאזֶער שְׁפִּיל" אִיךְ זָאג אַייךְ גוּט אוּנד אִיךְ הַאף · פִיל לֶעזֶערְס פוּן דֶעם בִּיכִיל וֶועלִין דֶערִינֶען גֶעפִינֶען זֵייֶער פָּאטָאגְרַאפְף · מאת הבדחן המחבר הנודע לשם שמואל וויינטראב הנקרא שמואל מאטשעוויצער וכעת משכנו בווארשא רחוב מיעדזאנע נ' 18.—ווארשא. בדפוס א. בוימריטטער וחתנו נ. גאנשאר ביעליינסקע נומער 16. שנת „פרנס הגאה מי יוכל לסבול" לפ"ק" (1888), קל' 8°. — ו„הטף" == האפט (ד. ה. גאַרטעלע, בין ערב)]. —

2) אויך אין די שוועבּיזירטע אויסדרוקען: „פּאַמאַאַניטסוועיגן[1]), פּאַדאַאַניטוועיגן[2]), פּאַזאַאַניטוועיגן[3]), פּאַריִריטוועיגן[4]), פּאַריִנזעטוועיגן[5]), פּאַרעינקעטסוועיגן[6]), פּאַזייִרעטוועיגן[7])" (דריִלאַש). — אין לובלין: „פּאַמאַאַניטוועיגן, פּאַדאַאַניטוועיגן, פּאַזאַאַניטוועיגן, פּאַריִריטוועיגן, פּאַרינזאַסטוועיגן, פּאַראַיאַסטוועיגן (אויך: פּאַרעינקאַסטוועיגן), פּאַזאַיאַסטוועיגן (הויכטון אין די אַלע ווערטער — אַף צווייטער זילב). — אין פּולטוסק: „פּאַמאַאַניצוועיגן, פּאַדאַאַניצוועיגן, פּאַזאַאַניצוועיגן, פּאַריִריצוועיגן, פּאַרינדזעצוועיגן, פּאַרעינקעצוועיגן, פּאַזייִעצוועיגן[8]). — אין סומפּולנע: פּאַמאַאַנעטסוועיגן[9]), פּאַזאַאַנעטסוועיגן[10]), פּאַריִרעטסוועיגן, פּאַר-

---

[1]) איך בין דער ציל פון דער האַנדלונג, איך דאַרף פון איר געניסען.

די האַנדלונג קען פּורקומען אָהן מיין וויסען און זוגאַר קעגען מיין ווילען. „ער הוט דאָס געטון..." (דערציילט איך פון אַ געשייענער זאַך, פון וועלכער כ'הוב ניט געוווּסט, און וועלכע, ס'קען זיין, כ'הוב אויך ניט פאַרלאַנגט). כ'קען וויסען און ניט פאַרלאַנגען. „ער טוט דאָס...!" (רוף איך איראָניש אודער פאַרדרוסיק אויס).

כ'קען וויסען און פאַרלאַנגען. „ער טוט דאָס...!" (רוף איך צופרידען אודער מיט שמולין אויס).

כ'קען אַרויסרופען די האַנדלונג. כ'גיב מיין הסכמה אַף אַ פורשלאָג: „יוּ, קענסט דאָס טון"...; כ'בעט: „טו דאָס...!" —

[2]) „דיר צוליב; דו זולסט דערפון געניסען, הנאה האָבען". — [3]) „אים צוליב" א. אַ. וו. (זעי פוריקע אָנמ'). — [4]) „איר צוליב"... — [5]) זעי אָנמ' 3. — [6]) „אייך צוליב". — [7]) „זיי צוליב". — [8]) אַלע טראָגען דעם הויכטון אַף דער צווייטער זילב. — [9]) אויך: „פּימאַאַנעטסוועיגן" — אָבער מיט ספּעציעלישער טייטש.

„פּימאַאַנעטסוועיגן איי' ווי דו ווילסט!" = a) מיך אַרט עס ניט; מיך גייט עס ניט אָן; וואָס קען עס מיך אָנגיין?; וואָס שייך מיר, בין איך ניט קיין מניעה; — b) עס אַרט מיך אפילו, איך בין קעגען דעם, איך וואָלט ניט וועלען, דו זולסט עס טון, איך הייס דיר דאָס ניט טון, נור אַז דו ווילסט דורכויס, אַז דו ווילסט ניט פאָלגען, איז טו דיר ווי דו ווילסט, איך וואַש אָפּ די הענט דערפון, דאָס אחריות פאַלט נור אַף דיר, איך בין די זאַך שוין מפקיר [אין דעם זין ווערט דער אויסדרוק באַגלייט מיט'ן טון פון וואָרעניש, אודער פאַרדרוס, כעס; „פּימאַאַנעטסוועיגן!" איז דאַן איפּט גלייך דעם אויסגעשריי: „גיי צו אַלדי שוואַרצע יאָר!", „לאַפּט דיך דער וואַטעלמאַכער!"]. —

[10]) דעם אַנטשפּרעכענדיקען אַדווערב, וואָס זול זיך באַציִען אַף די צווייטע

ינדזעטוועיגן, פאַרעינקעטוועיגן, פאַזיַיעטוועיגן" [1]) . — אין שעדלעץ (דרום־רוסלענדיִשע מונדאַרט אַף פּוילישען געביט) : פאַמאַנעטוועיגן [2]) ,

פאַדאַנעטוועיגן , פאַזאַנעטוועיגן , פאַרעטוועיגן [3]) , פאַינדזאַטוועיגן [3]) , פאַאַיאַטוועיגן [3]) , פאַזייַאַטוועיגן [4] . — אין קולנע (ליטווישע מונדאַרט אַף פּוילישען געביט) : „פאַרמיַינעסטוועגן [5]) , פאַרדיַינעסטוועגן , פאַרזיַינעסט־וועגן, פאַרערעסטוועגן, פאַרונזערסטוועגן , פאַריַיערסטוועגן, פאַרזיַיערסט־וועגן [2]) . —

אַנמערקונג 2 . — אין „דיִא חברה קדושה סעודה אָדער ר׳ אריה דער בעל מנגן" (וואַרשע 1883) , ז׳ 5 : „עֶס אִיז נִיט דָא פַאר אַייֶערְט וֶועגִין קֵיין בְּרָאנְפִין" ... — אין „פרנס המתגאה" ז׳ 53 : „פַאר זַייֶערְט וֶועגִין יָמִים וְשָׁנִים דֶעם קָאפּ זִיךְ צוּא בְּרֶעכִין" ... —

אָנמערקונג 3 . — אין טאַרלע — געמיִשט. דהיינו : „פיִמאַאַניִט־וועיגן, פיִנדאַאַניִטוועיגן, פיִנזאַאַניִטוועיגן", אויבער : „פאַריִריטוועיגן, פאַר־

---

פערזון, איז אין סומפּולנע ניִשט צו הערען [אַזוי, אַלענפאַלס, האָט מיך פאַרזיכערט דער הער (אַליין אַ סומפּולנער תושב), וואָס בײַ אים האָב איך גענומען די ידיעות וועגען דער דורטיקער מונדאַרט] . —

[1]) דער הויכטון איבעראַל אַף דער צווייטער זילב. —

[2]) אין די אַלע ווּקאַבּלען הויכטון אַף צווייטער זילב. —

[3]) אינטערעסאַנט, אַז אפילו פאַר ווּקאַלישען אָנלויט דערשיַינט דאָ אין „פאַ־" ניִשט דער פאַרשווּנדענער ־ר־ (זעי § 11 פּ׳ 5) : אַזוי גרינדליך איז זיַין צעפאַל.

אין וואַרשע איז מיר אויסגעקומען צו הערען אין מויל פון קינדער און פרויען אויס דעם פולק : „אַ׳ מיַינט, כ׳וו סורא פאַנ׳ים !" [ אַלס היִסטוּספּאַזיִטיקער, ניִשט, ווי ס׳וואָלט געדאַרפט זיַין (און ווי ס׳איז אים אַלגעמיַין אין דער וואַרשעווער מ׳ אויך) דער ־ר פון דער פּרעפּוזיציע, נור ־נ־ (גלייך ווי די תּחלת׳דיקע פורם פון דער פּרעפּוזיציע וואָלט גאָר געווען ניִשט אַנדערש, ווי „פאַ") ] . —

[4]) a אין דער דריטער זילב פון די לעצטע 3 ווּקאַבלען אַנטשפּרעכט דער זילבע־ער פון ליטעראַרישען געשטאַלט וויִערען [ בנוגע צום גורל פון ־ר אין פרמען אויסלייט פון אומבאַטאָנטער ענדזילב, באַלאַנגט די שעדלעצער מ׳ צו דער קאַטעגאָריע, וואָס ווערט באַהאַנדעלט אויבען אין פּ׳ 2 פון § 6 ] . —

[5]) וועלטענער : „פאַרמיַינסטאַלבם". —

ינזיטוועיגן, פאראריטוועיגן, פאזייריטוועיגן" [1]. — אין וואַרשע קען מען הערן: „פאמאאַניטסוועיגן" און „פימאאַניטסוועיגן". —

אַנמערקונג 4. — אין קרעמעניץ: „פימאַניטוועיגן [2]), פינ־דאַניטוועיגן, פינזאַניטוועיגן, פינגריטוועיגן, פינינזאַטוועיגן, פיניאַט־וועיגן, פינזייריטוועיגן" [3]). —

אויך בא די דרומרוסלענדישע און ליטווישע שריפטשטעלער אַזוי. — צ. ב., אין מנחם מענדל לעפינס קהלת־איבערזעצונג [4]) דף כ"ה: „וויא קהלת איז אלע מאהל קליגער געוואָרין אזוי האָט ער אַלע מאהל מעהר דעם עולם אויך צו גילע־רינט גיניטשאפט, אונ האָט אוים געוואוגין אונ אויסגיקלעהרט, שפריכווערטער פין זייער'ט וועגין גימאַכט". — בא י. אַקסענפעלדן: איהר וועט ניט פאַר געסין אוים צי ריפין דרשה גישאַנק פין מיינט וועגין" („דאָס שטערינטיכל" 31), „פין זיינט וועגין" (89,47 l.c.), „זיי שטעלין איין זייער לעבין פין אינזערט וועגין" („דער ערשטער יוד' רעקרוט" 19). — בא יואל־בריש פאַלקאָוויטש [5]): „דיא דיננע האב איך געוועבט פון מיינעטוועגען" (ו' 33); „מענטש! פרלאנג מיין לעצטין טראפין בלוט. מיט שמחה וועל איך איהם פון דיינעטוועגען פר־גיסען" (ו' 70); „מיר וואלטען שאן געפינין עפים פון זיינעטוועגען א בכבוד'ע ארבייט" (ו' 21); „פון איהרעט וועגען וואלט א דאי גימעגט דאס גאנצע דאָרף אויסשטארבען" (ו' 18); „דאס טייבעלע איז נים פון אייערט וועגין" (ו' 70);

---

[1]) זעי ז' 197 אָנמ' 2 אונטער'ן טעקסט. — [2]) וועגען דער טייטש זעי ז' 196 אָנמ' 9 אונטער'ן טעקסט. —

[3]) זעי ז' 197 אָנמ' 2 אונטער'ן טעקסט. — [אויבען, אויף ז' 17, זענען די אַר־ווערבען אויסגעלייגט אין צווי ווערטער, עס זול זיך ווארפען אין די אויגען דער אָפ־פאַל פון ־ר בא דער פרעפּאָזיציע]. —

[4]) „ספר קהלת עם תרגום יהודית ובאור מאת הרב החכם הכולל מו"ה מנחם מענדל לעפין איש סאטנוב... אדעסא תרל"ג" [דער רוסישער טייל פון שער־בלאט: „Когелетъ, т. е. проповѣдникъ, съ коментаріемъ и переводомъ на еврейскомъ жаргонѣ, соч. М. Левина"... 1873].

די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרען וואָרשיינליך אַרום דעם יאָר 1812, ווען לעפין־לעווין האט פאַרעפענטליכט זיין יידישע איבערזעצונג פון „משלי"]. —

[5]) „ר' חיימיל דער קצין", אדעסא תרכ"ז (דערלויבט פון דער צענזור דעם 20־טען נאוועמבער 1866 אַלט. סט.). — דער אויטאָר (געבוירען אין דובנע, וואָלין) האט פון זיין נאָמען געגעבען בלויז די איניציאלען אין א לאטיינישען וואנועל „I. B. F.".

„איך זאל דאדורך געצווינגען זיין אויך פון זייערט וועגין וואס צו טהאן"? (ז' 103). — בא מאני דלוגאטש l.c.: „גינוג פון מיינט וועגין מיינע אייגינע טראנצען! [ז' 9], „גינוג פון דיינט וועגן (זאגט ער) וואס דיא פאריסט זיך מיט לעבעדיגי מתים" [ז' 29]. — בא משה אהרן שאצקעס[1]: „פון מיינעט וועגען וואלט איך מארגען אז גאט וועט שענקען דאס לעבען, גאר ניט גיקאכט" (ז' 22); „שלאגט זיך קאפ אין וואנט פון מיינט וועגין" (ז' 42), וכ'. — בא אלעזר הכהן צווייפעל[2]: ...„אנ איהר בעט דא פון מיינעט וועגין" (ז' 8). —

אנמערקונג 5. — אין דער אלטער יידישער ליטעראטור:

a) אין דער ביבעלאיבערזעצונג פון „יוסף בן לא"א אלכסנדר זצ"ל המכונה יוזלן וויצן הויזן": ...„הוכ' איך וויל דיא דאזיגי סטאט ביסירימן · איך לו העלפן פון מייכט וועגין[3] הוכ' פון וועגין (דוד) מיינן קנעכט"[4]...

[1]) „דער יודישער פאר-פסח אדער מנהג ישראל א ספור נפלא פון דעם ארט לעבען פון אונזערע יודען, און ביותר אין דער ליטא, וויא אזויא עס פאסירט זיך אין דער צייט פון פורים ביז פסח, אינטערעסנע סצענעס, און וואונדערליכע מעשיות; וואס זענין באמת הפלא ופלא, קריטעש בעטראכט אלע מנהגים, און אלע פאראדקעס, בעשריבען איז דאס אללעס אביסעל סאטירעש, אפט מיט א רעכטע מלתא דבדיחותא, מהיכא תיתי זאלען טאקי דיא לעזער נחת האבען פאר זייערע עטליכע גראשען, און אביסעל לאכען אויך. ממני המרמ"ז רמזין ומגלה טמירין אזרח ותושב מארץ הנגב. — ווארשע. דרוק פאן אלעקסאנדער גינז, נאייע זיעלנא שטראססע № 37 שנת דרכיו ראיתי וארפאהו לפ"ק (1881)". — [אין רוסישען טייל פון שער-בלאט: „состав. М. Зелиновичемъ"]. —

[2]) „דער גליקליכער מפטיר א שיינע מעשה, וואס האט געטראפען צוריק מיט אייניגע יאהרען; וויא א שניידער אינגל איז דורך א מפטיר העכסט גליקליך געווארען. אלעמען קענן דיא געשיכטע מעהר אדער וויינגער נוטצען; די מעשה אליין איז שען, נאר שענער זיינען דיא שפיטצען... ווארשא תרמ"ו (1886)", 8⁰ [ס'איז א וויער נאיווער אנעקדוט מיט א טופעלען מוסר-השכל: a) א בעל-מלאכה צו זיין איז ניט קיין בושה, b) א ווארטסמאן זול מען זיין; — אנגעשריבען אין א לאקרין-ויסען טון]. —

[3]) פון וועגין" און „פון—וועגין" איז בא דעם אויטור די געוויינטליכע איבערזעצונג פון דער העברעישער פרעפאזיציע „למען". —

[4]) אין אוריגינאלטעקסט פון תנ"ך: ...„למעני ולמען דוד עבדי"... —

[מלכים ב׳ י״ט ל ד]; — „און איך וויל דיזע שטאָט בישירמן פון מייכט וועגין וויל איך איר העלפין און פון וועגין (דוד) מייכן קנעכט:״ [ישעיהו ל״ז ל״ה]; — „איך · איך בין דער דיא זוינד אב מעקט פון מייכט וועגין [1] און איך וויל דייני זוינד ניט גידענקן:״ [ישעיהו מ״ג כ״ה].; — „פון מייכט וועגין · פון מייכט וועגין [2] וויל איך עס טון״ ... [ישעיהו מ״ח י״א]; — „אך גאָט הער · אך גאָט פאָר גיב · אך גאָט פאָר נעם · און טוא עס · דוא זאָלשט ניט זוימן · פון דייכט וועגין [3] מיין גאָט״... [דניאל ט׳ י״ט]; — „גאָט דער האָט אלש גיווערקט פון זייכט וועגין״ [4] [משלי ט״ז ד׳]; — „און (אברם) לאָג [אלם] גין און ליהן לו דער (דרום) זייט: און עס וואַר הונגר אין דעם לאנד · און (אברם) נידירט קען (מצרים) דאָרטן לו וואונן · דען דער הונגר וואר שווער אין דעם לאנד: און עס וואר אז ער גינעהנטי לו קומן קען (מצרים) · דא שפראך ער לו (שרי) זייכר הויז פרויא: נון איצונדרט ווייס איך דאַס דוא ביסט איין שיני פרויא פון אן גיזיכט · און עס ווערט זיין ווען דיך דיא (מצריים) ווערדן זעהן · אזא ווערדן זיא זאגן דאַס דאזיגי איז זייני הויז פרויא · און זיא ווערדן מיך דער שלאגן · און דיך ווערדן זיא לאזן לעבן: זאג נון דוא ביסט מיין שוועסטר. פון וועגין דאַס [5] עס מיר וואול גיא פון דייכט

---

יקותיאל בליץ זעצט די שטעלע פון ישעיהו איבער: „דען איך וויל דיזי שטאָט בשיטצן · אוס זיא לו העלפן אוס מייכיט וועגין · און אוס (דוד) מיינס קנעכטס ווילן:״ —

[1]) ...„לְמַעֲנִי״ ... — בא יקותיאל בליץ: „איך · איך בין דער אוים מעקיר. דיינס מיס טויט · אוס מייכט ווילין · און דייני זינדין וויל איך ניט גדענקן״. —

[2]) „למעני למעני אעשה״. — בליץ: „אוס מיינט ווילין · אוס מיינט ווילין וויל איך עס טאן״ ... —

[3]) „לְמַעַנְךָ״. — [4]) „למענהו״. —

[5]) „פון וועגין דאש״ איז קוניונקציע, דריקט-אוים די אידייע פון צי. — כדי; לאַטייניש ut). קומט בא דעם אויטור זייער אופט פור, אלס איבער-זעצונג פון תנ״כ׳ישען „לְמַעַן״; למשל: „און גאָט שפראך לו (משה) · (פרעה) ווערט איך ניט לו הערין · פון וועגין דאַס מייני וואונדר לייכן זיך

וועגין [1]) אונ׳ מייני זיל ווערט לעבן בלייבן אוס דיינט ווילן: אונ׳ עס וואר אז (אברם) קאם קען (מצרים)· אונ׳ דיא (מצריים) זאכן דיא פרויא דאס זיא זער שין וואר: אוני דיא פירשטן פון (פרעה) זאכן זיא · אונ׳ זיא פרייזיטן זיא צו [פאר] (פרעה) · אונ׳ דיא פרויא וואורד גיפירט אין דאס הויז פון (פרעה): אונ׳ צו (אברם) האט ער גוטס גיטאן · פון אירינט וועגין · [2]) אונ׳ עס וואָרן צו אים שאף · אונ׳ רינדר · אונ׳ איזל אונ׳ קנעכט · אונ׳ מיידן · אונ׳ איזילינס אונ׳ קעמליך: אונ׳ גאט פלאגט (פרעה) מיט גרוסי פלאגין · אונ׳ זיין הויז גיזינד · פון וועגין אורזאך (שרי) דיא הויז פרויא פון (אברם): אונ׳ (פרעה ריף צו אברם)· אונ׳ שפראך · וואס איז דאס דאזיגי [דאס] דוא מיר גיטאן האסט · ווארום האסטו גיזאגט זיא איז מיין שוועסטר · אונ׳ איך העט זיא צו מיר גינומן · צו מיר צו אייני הויז פרויא · אונ׳ איצונדרט נון דא איז דיין ווייב נעם [זיא] אונ׳ גיא הין: אונ׳ (פרעה) גיבאט [זייני] מאנין פון זיינט וועגין [3]) · אונ׳ זיא בילייטיטן אין · אונ׳ זייני הויז פרויא · אונ׳ אל דאס דא צו אים וואר:" [בראשית י״ב ט׳—ט״ז] ; — „אזא שפריכט גאט אייאר דער ליזר· דער הייליגי פון (ישראל)· פון אייאירנט וועגין [4])· האב איך [כורש] קען (בבל) גישיקט · [ישעיהו מ״ג י״ד] ; אויך אין דברים ג׳ כ״ו: „פון אייארנטוועגין", אין יחזקאל ל״ו כ״ב און ל״ו ל״ב: „פון אייארינט וועגן" [5]) ; — „דא שפראך גאט · ווען איך אין (סדום) ווערד גיפינדן פופציג רעכט פערטיגי אין צווישן דער שטאט · אזא וויל איך צו דעם גאנצן אורט פאר טראגן פון אירינט וועגין" [6]) [בראשית י״ח כ״ו] ; — „אונ׳ זיא מאכטן אין דער צערנין בייא דעם וואסיר (מריבה) · אונ׳ עס וואורד גיאויבילט צו (משה) פון אירינט וועגין" [6]) [תהלים ק״ו

---

זעצן מערין אין דעם לאנד (מצרים)" [שמות י״א ט׳] ; — „אונ׳ עס זאל דיר זיין צו אייני צייכן אויף דער האנט · אונ׳ צו אייני גידעכטניס צווישן דייני אויגן· פון וועגין דאס דיא (תורה) פון גאט זאל אין דיין מונט זיין"... [שמות י״ג ט׳], א. א. וו. —

1) „בַּעֲבוּרֵךְ". — 2) „בַּעֲבוּרָהּ". —

3) ...„וַיְצַו עָלָיו פַּרְעֹה אֲנָשִׁים"...

4) לְמַעַנְכֶם. — בליץ: „אזוי זאגט גאט· אייער ער ליזר· דער הייליגיר (ישראל) אוס אייערינט האלבין· האב איך נאך (בבל) גשיקט"...

5) בליץ אין די דערמאָנטע שטעלען פֿון יחזקאל: „אוס אייערינט ווילן". —

6) אין אוריגינאַל: ...„בַּעֲבוּרָם". —

ל״ב]. —[ב א ו ו י צ ע נ ה ו י ז ע נ ע ן — א שטרענג אויסגעהאלטענער טיפּ, באַ פּ ל י צ׳ ן — פֿאַרשידענע געשטאַלטען פון די אַדווערבקומפּוזיטאַ. — דאָס פֿאַרשידענגעשטאַלטיקייט באַגעגענען מיר אויך אין דעם אַ מ ס ט ע ר ד אַ מ ע ר אויסגאַב פון די נ ב י א י ם וכתובים פון די יאָרען תקל״ז - תקל״ח (1787 - 1778) [1] — אזוי, למשל: „פֿן מייכט וועגין הוכ׳ פון דייכט וועגין״ [2] (יהושע י״ד ו׳); „פון מייכט

---

[1] „נ ב י א י ם ר א ש ו נ י ם — אין 4 בּיכער, „נ ב י א י ם א ח ר ו נ י ם״ — אין 4 ביכער, „כ ת ו ב י ם״— אין 6 ביכער. — אלע, ווי מיר לייענען אף די שער-בלעטער, „עם פירוש מספיק מכל המפרשים ה״ה רש״י. רד״ק. רלב״ג. אבן עזרא, רבינו סעדי׳ גאון, רבינו ישעי׳. קב ונקי. ר״י היון, רשב״ץ. רבינו עובדי׳ אבן יהייא. ומן התרגום וצלה״ה. — ונקרא הקיבוץ ההוא בשם אילה שלוחה מהגאון הגדול מ״ו מהור״ר נפתלי הירש אלט שולר זל״הה אשר נדפסו מאז בק״ק ק ר א ק א בשנת שנ״ה. בהסכמת גאוני עולם, נוחי עדן. כנזכר שמם מעבר לדף״. —[ע ש ר י ם וארבע מיט דעם העברעישען פירוש „א י ל ה ש ל ו ח ה״ פון ר׳ נפתלי הירש אַ ל ט-ש ו ל ע ר זענען צום ערשטען מאָל געדרוקט געווארען אין ק ר אָ ק ע 1605 (זעי אויך ב ן - י ע ק ב ז׳ 639 נ׳ 338)].

ווייטער אף די שער-בלעטער: „ועתה נדפס שנית בתוספות מרובה בתוך הפירוש. מצויינים בסימנים. ובנגינת הטעמים. למען יבינו במקרא. כפי אשר נמסר במסורה. ופי׳ המקרא בלשון א ש כ נ ז אשר נקרא בשם מגישי מנחה ועל שוליו מלמטה איזה דברים קרובים לפשוטה הבאים אל מחנה אשר״. —[גאַנץ תנ״ך מיט דער יידישער איבערזעצונג „מ ג י ש י מ נ ח ה״ איז צום ערשטען דערשינען אין אַ מ ס ט ע ר-ד אַ ם: תפ״ג (אין $2^0$) און תקט״ו (אין $4^0$); זעי ב ן - י ע ק ב ז׳ 631 נ׳ 249. א. ש ו ל מ אַ ן 48 דערמאַנט צוויי אַמסטערדאַמער אויסגאַבען פון די יאָרען 1770 און 1793 (איין באַנד פון דעם לעצטען אויסגאַב, אין קליין $8^0$, הוב איך אין מיין ביבליאָטעק)].

און ענדליך: „כל אלו נקהלו יחד על ידי התורני כהר״ר אנשיל בן הישיש כהר״ר יוזפא יצ״ו דאנציגר ובהגהה מדויקת הדק היטב, ויתר המעלות תהזינה עין הקורא. בהסכמת הגאונים ובהקדמת המאסף ומביא לדפוס באמשטרדם בבית ובדפוס כהר״ר יוסף בן המנוה כהר״ר שלמה פרופס כ״ץ וצ״ל מוכר ספרים. בשנת מתנבאים במהנה לפ״ק״ (פון יחזקאל אָן: „בשנת מתנבאים בטחנה לפ״ק״). — [דעם אויסגאָב הוב איך בא ב ן-י ע ק ב׳ ן נישט געפונען]. —

[2] ...„על אודתי ועל אודותיך״... [בא ווינצענהויזענען: ...„פון וועגין מייכר הוכ׳זאַך״...]. —

ווילן אול׳ אוס ווילן דוד מיין קנעכט" (מלכים ב׳ י״ט ל״ד) ; „פון מיינט ווילן"... (ישעיהו ל״ז ל״ה); ...„פון מיינט וועגן אבר ניט אייערנט וועגן"... (ישעיהו מ״ג כ״ה) ; „פון מיינט וועגן הול׳ פון מיין נאמן וועגן"... (ישעיהו מ״ח י״א) [1] ; „פון דיינט וועגן" (דניאל ט׳ י״ט ; „פון זיינט וועגן" (משלי י״ו ד׳) ; „פון אוזרנט וועגין" [2] (שמואל א׳ ט׳ ה׳) ; „פון אייערנט וועגן" [3] (יחזקאל ל״ו כ״ב און ל״ב) ; „פון אירן וועגין" [4] (תהלים ק״ו ל״ב) ].

b) אין „תפלות יום כפור קטון לפ״ק" [5] י״ח: „רחמנא דער ברמיגר גאט גידענק אונז דען זכות פון אברהם דיין ליב האבר, פון זיינט וועגן

---

[1]) אין דער שטעלע ישעיהו מ״ג י״ד: ...„פון אייערי זינד וועגן"... (== „למענכם"). —

[2]) ...„ודאג לנו"... [ וויִצענהויזען: ...„אול׳ ער ווערט פאר אונס זארגין"]. —

[3]) אויך אין „מגישי נחה" („ספר יחזקאל והוא ספר שלישי חלק שלישי נביאים אחרונים עם פירש״י וגם פי׳ ספיק בלשון אשכנז כפי פשוטו ואח״כ הדרוש סכמה מדרשים ומפרשי התורה כאשר נדפס כבר ונקרא שמו בישראל ספר מגישי מנחה ולתועלת המעיינים הוספנו בו תוספות ביאור אשר לא היה בראשונים וניתקנו כל הטעיות אשר היו בראשונים ונדפס בכרך קטן כדי שכל א׳ יוכל לישא אותו בחיקו לקיי׳ ודברת בם בשבתך בביתך ובלכתך בדרך ולא ימוש ספר התורה הזה מפיך והגית בו יומם ולילה ונדפס באותיות הדשות ובדיו שחור ובהגהה מדוייקת ובנייר יפה הכל בתכלית האפשרי כאשר עיניכם תחזינה משרים: ועתה תוסף בו להתגאות. ההתהלות ברש״י באותיות מרובעות: — באמשטרדם בבית ובדפוס המשותפים יוחנן לוי רופא וגיסו ברוך מוכרי ספרים בשנת וישן מפני חדש תוציאו לפ״ק"). — [זעי אָנמ׳ 1 אַף ז׳ 202]. —

[4]) „בַּעֲבוּרָם". — אין דער תהלים-איבערזעצונג, וואָס אין „ספר תחינות" (זעי ז׳ 158 אָנמ׳ 3): „פון אירנט וועגן". —

[5]) אַזאַ אָריגינעלישען טיטעל טראָגט דאָס ספר׳ל אין קליין 8⁰. אין טיטעל איז שוין געגעבען דאָס יאָר פון דערשיינען: „כפור קטון" == תע״א (1711). — נאָך דעם טיטעל לייִנען מיר אָפ׳ן שער-בלעטעל: „בתענית ערב ר״ח לאחר מנחה גדולה: מניהין טלית ותפילין אנשי הסגולה: נדפס בלשון הקודש ובלשון אשכנז בכל תיבה על מכונו: אשר לא נדפס מעולם כדמיונו: ככתבו וכלשונו: חיבור הפירוש

איבר פאר אונז אונזרי זינד: דער ברמיגר גאט גדענק אונז דז גבינד פין אונזר פאטר יצחק, פון זיינד וועגן איבר פאר אונז אונזרי זינד״... ¹)

c) אין „שמחת הנפש״ (דיהרנפורט תקס״ה) נ״ב: „ווען איך ניט דר הייס בין אזו נעם די חלה פון מיינט וועגן״.

d) אין „לב טוב״ (פוריצק תק״נ): ...„אונ זייא גיט וויליג מיט דיינם גזינד ווען דו זאלסט לערנן מיט דיינם גזינד אדר דז דו איין רוגז זעלבסט האבן פר דען גאסט דא ווערט זיך דר גאסט שעמן צו עסין אונ ווערט דר שרעקן דען ער ווערט מיינן דר בעל הבית איז ברוגז דז איז פון מיינט וועגן״ („הלכות צדקה פרק רביעי״); אין יוזעפאווער „לב טוב״ ²) (תקפ״ז), מ״ד b: „איין קינד בעטרין איז אך גלייך אז איין קראנק־ דא

---

שקורין טייטש האלוף התורני הנאמן מוהר״ר נתן חזן דק״ק פרוסטיץ בכל לבו וכוונו: כשארי פירוש אשר חיבר בלשון אשכנז בכל התפלה ותהילם וכל עניינו: והבוחן לבבות ומחשבות ימהול הטאינו: ביום כפור קטן כיום כפור גדול למהר מעווניגו: לבל יסטנינו: ותקבל ברחמים וברצון את תפילתנו: נדפס פה ק״ק זולצבאך cum licentia Serenissimi תחת ממשלת ארונינו הרוכס המיוחס טעא־דארוס יר״ה פפאלץ גראף י״י יאריך י יו ושנותיו לו לזרעו לדרותיו: ע״י המחוקק ר׳ אהרן יצ״ו״.

ארויסגעגעבען, ווי ס׳איז צו זעין אף דער אנדערער זייט פון שער, דורך „האלוף ומאד נעלה אי״א כ״ש הר״ר שמואל בלא״א כמר יודא בירגל שליט״א ממשפחת מיליר רויטלינג לע״ע בק״ק אובין במרינות הגר״ [אין דער הסכמה (דאַטירט: „יום ד׳ ך׳ סיון ע״ת רצון לפ״ק״) פון דעם פראנקפורט־אם־מײנער רב ר׳ נפתלי הכהן הייסט דער ארויסגעבער: „ר׳ שמואל בערגליר״]. — (זעי אויך בן יעקב ו״ז 216 — 217 נ״ג 120 — 121). —

¹) אין דעם אבזאץ קומט דער אדווערב פור נוך 5 מאל. —

²) זעי אויבען ז׳ 166 אנמ׳ 5 אונטער׳ן טעקסט. — דער פוריצקער אויסגאב הוט 6 פרקים (דער לעצטער לוזט זיך אוים מיט „דיני שלוש סעודות״); אין יוזעפאווער אויסגאב איז דער זעקסטער פרק א סך לענגער (נאך די „דיני שלוש סעודות״ גייען נוך: „מוצאי שבת״, „הלכות הבדלה״ א. א. וו.), און נאך אים קומען נוך 14 פרקים (באטייטעווריק קורצערע אלס די ערשטע 6). נאכ׳ן צוואנציקסטען פרק א צושריפט: „דאס זאל זיין גיוויס צו דיא וואס וועלין לעכין אין דעס

אויך איין סכנה איז דא איז מן מחויב מחלל שבת צו זיין פון אירנט וועגין צו אלי זאכן וואס זיא בידארף מן רופט איר איין היבאם אפילו עטליכי מייל וועגט[1] אין איינר אנדרי שטאט מן ליכט אר איין ליכט אן אפילו ווען זיא בליכט ווער נאך איז איר איין (נחת רוח) דז אנדרי זעהן קענן בייא איר אבר גלייך וואל זאל מן (משנה) זיין דז מן אנדרשט טוט אין אלי זאכן אז מן פלעגט צו טאן אן דער וואכין זיא איין קינד בעטרין דש מן טאר מחלל שבת זיין דא זיין דרייא ארלייא ווען איינש דער פון איז דא היישט זיא איין קינד בעטרין[2] אונ מן איז מחלל שבת פון אורנט וועגן[3]... איין קינד דאש דא איז געבארן געווארן צו נין חדשים אודר צו זיבן (חדשים) טאר מן איס אלש טאן וואס עש בידארף: אונ אפילו מחלל שבת צו זיין פון זיינט וועגן אבר ווען עז ווער געבארן ווארדן צו אכט (חדשים) אדר צו זעקש (חדשים) טאר מן איס נישט טאן אויך ווען עש איין (ספק) ווער אונ עש ווער געבארן צו אכט (חדשים) דא איז מן נית (מחלל שבת) פון זיינט וועגן"...

e) אין „סוד ה'" ד': „מן דארף נאך פון זיינט וועגן (מחלל שבת) זיין"...— אין „ספורי מעשיות פון רבינו נסים" (ווארשע, תקצ"ז), כ"ז: ...„אונ זאל זיך אן דיר נוקם זיין פון מיינט וועגן"[4]... — בײַ ד"ר משה מאַרקוזע ק"ד: „פון אונזרנט וועגין". — אין „בן המלך והנזיר" (אופי באך?) י"ז b: „אונ פר וואר דיא פר פלוכטי ערד וואש איך האב דיר דר ציילט פון איהרנט וועגין אז זיא איז נישט"... — אין „זמירות

גליטעגן ספר לב טוב א מיהאט פון דעם פרק הלכות ספר תורה אין וואסר מקלר געוועזן מכמה טעמים און ווער זיאים גליק פאר שטיט ובפרט אונזרי חכמים האבין אונז געלערנט מיט כוונה אפילו וועניג איז אויך גוט":. —

[1]) דרוקפעלער; דאַרף זײַן: „ח ע ג ס". —

[2]) דער -ס- איז דאָ דרוקפעלער (אַנשטאָט -ט-). —

[3]) די -ו- איז דאָ דרוקפעלער (אַנשטאָט -י-). — „פון אירנט וועגן" קומט אין דעם אבואַין פור נוך עטליכע מאָל. —

[4]) אובער אף דף כ"א: „ענטוועדר העט צו מיין גשריי אונ גיב מיר ברויט פר מייני קינדרס וועגן אדר נעם אונס צו דיר". —

ש ל ש ב ת״ (טשערנאוויץ תקע״ו): „פֿון דִ ינְט וֶועגִין (ח׳ b), פֿון זַייִנְט וֶועגִין (י״ז b), פֿון אונֶזֶרְט וֶועגִין (כ״ח), פֿון זַייעֶרְט וֶועגְן״ (י״ד). — אין „ב ח י נ ת  ע ו ל ם״ (יוזעפֿוו 1845), 50, 84: „פֿון מַיינְט וֶועגִין״.

g) אין „ס פֶ ר  ת חִ י נ ו ת״ (פרנקפורט דמיין תע״ד) קט״ו (צווייטע סעריִע):
„ווען איין אשה הארט לו קינד גיט זאל מאן דיזי תפלה פר אירט וועגן טון מן זאל לו פאר וואז לדקה געבן פון אירט וועגן מן זאל דיא טיר אויף מאכן אונ׳ לו דער טיר איין תפלה טון ויאמר״. —

123 § — 1) ליִפּשִיץ 169: צ וו ִ ש נָ [1] (הוט צו שאַפֿן איבער׳ן ד א ט ִ וו).

אָ נ מ ע ר ק ו נ ג 1 — אין „מ נ ו ר ת  ה מ א ו ר״ [2]) (אַמסטערדאַם 1722) דף קל״א: „ימי דיא טעג פון (חול המועד) דס זייכן דיא טעג לווישן דען ערסטן אונ׳ דען זיבנטן טאג פון פסח· אונ׳ דיא טעג לווישן דעס

---

[1]) אויך אין טורטש ִ ן, אין וו ִ ש ק ו וו אזוי. —

[2]) דעם רעפּעקטען עקזעמפּלאַר, וועלכען כ׳דערמאָן אין דער אָנמערקונג אונטער׳ן טעקסט אַף ז׳ 179, איז מיר געלונגען (שוין נאָך דעם, ווי יענץ זײַטעל איז אויסגעזעצט געוואָרען) צו פֿאַרבײַטען אַף אַ גאַנצען.

ס׳איז איינער פֿון די פּרעכטיגסטע ייִדישע אויסגאַבען. ער קען קאָנקורירען מיט די מודערנסטע éditions de luxe. גרויס 2°; אויסגעצייכענט פּאַפּיר; קאָרעקטער זאַץ; ברייטע בלייזען. אַ סאָלידער פֿאָליאַנט, וואָס איז אַ צירונג פֿאַר דער ביבליאָטעק.

ער עפֿענט זיך מיט אַ שיינעם פֿראָנטיספּיס: דער משכן; אַפֿ׳ן ערשטען פּלאַן די מ נ ו ר ה; רעכטס פֿון איר — משה רבנו, לינקס — אהרן הכהן, ביידע אָנגעשפּאַרט אָן זיילען. איבער דעם אינטעריער אַ באַשיידענע אויפֿשריפֿט: „מ נ ו ר ת  ה מ א ו ר״, און איבער איר (ווי אין אַ פֿענסטער, צווישען די זיילען און דער דראַפּירונג) — די סצענע, ווי משה רבנו נעמט־אַראָפּ די שיך פֿאַר׳ן פֿלאַקערנדיקען סנה. אַף דעם פֿונדאַמענט פֿון דעם קינסטלערישען קונסטשטיק: „נ ד פ ס  ב א מ ש ט ר ד ם״.

דערנאָך ערשט גייט אַ באַזונדער שער־בלאַט: „ס פ ר  מ נ ו ר ת  ה מ א ו ר... ה פ ס ו ק י ם״ [ווי אין ל ע מ ב ע ר ג ע ר אויסגאַב (זעי אויבען ז״ז 178 — 179); בלויז מיט קליינע אונטערשיידען („הספרדי וצ״ל״, „עם העתקה ללשון אשכנז״, „וגודש״, „הועתק״)], „הובא לבית הדפוס על ידי המחבר הנ״ל ובהשתדלות גמרין מהיקר כמר חיים דרוקר: והאלוף המדפיס המפורסם כהר״ר שלמה כ״ץ פרופס. נדפס באמשטרדם. בבית הדיין המחבר נר״ו: בשנת ובדעת צדיקים יחלצו לפ״ק״. — [העברעישער טעקסט מיט ייִדישער איבערזעצונג].

ערשטן אונ' אכסטין טאג פון סוכות זיין...". — אין פראגער „צאינה וראינה"[1] (1806), מ"ר b: ...„אונד דער (בחיי) שרייבט (ורוח חסימו) ער זאגט יעקב רבש"ע ווען דא ווערן קומן (לרות אונד גלות) אויף ישראל· דא זאלן דיא (לרות) ניט באלד בהענד קומן נאך אנכדר לאז ישראל איין וויניג אב רואן לווישן איין (לרה) אונד דיא אנדרי אונד ווען זיא זער געבן (מסים) דא זאלן זיא ניט אויף איין מאל גאר געבן"... [אנאלאגיש אין זולצבאכער אויסגאבע[2] (1836), דף מ"א; אין

[ניך איין עקזעמפלאר „מנורת המאור" הוב איך. אויך 2°. אהן שער-בלאט. נאכ'ן זאץ נאך, קען מען רעכענען, אז ס'איז פירטער דרוק (מעגליך, דער אויסגאבע פון יאר תקכ"ז, וועלכען בן-יעקב רעגיסטרירט אף ז' 338 נ' 1447)].—

[1]) „חמשה חומשי תורה מגילת והפטרת בלשון אשכנז צאינה וראינה בנות ציון בעטרה שעיטר לכם איש חי רב פעלים אשר פעל ועשה פירש על התורה מעולם לא נשמע ולא נהיה כמוהו. ה' האיר את רוחו לאמר לו כה תאמר לבית יעקב אלו הנשים בלשון רכה לסבר את האוזן כפי מה שהוא גם כי איש אשר ששת ימים יעבוד להביא טרף אל ביתו וביום השביעי ישבות למצוא מרגוע לנפשו בקראו בספר הזה ומלאה הארץ דיעה. אשר אזן חקר ותקן האלוף החסיד הר"ר יעקב בן הר"ר יצחק ז"ל ממשפחת רבינו אשר נטה אהלו לשבת בק"ק יאנווא: וספר הזה נדפס פעמים ושלש בכמה דפוסים ובכל זאת לא נמצא לקנות רק בדמים יקרים. ובקשוני כמה מוכרי ספרים ויחידי סגולה להדפיסו מחדש ונעתרתי למלאות רצונם והעליתיהו על מכבש הדפוס בהוצאות רבות. כי לא חסתי על כסף להציק איתיות חדשות. ולקחת נייר לבן וטוב. גם העמדתי איש נאמן לסקל כל השגיאות אשר נפלו לרוב בספר הזה הנדפס עד הנה. קלין מיל — פראג התקסו". (4°. — אף דעם שער-בלאט נוך צוויי אויפשריפטען: "Vidi C. Fischer" (ועיט אוים, דער צענזור) „Prag, gedruckt in der Hrabischer Erben; — Buchdruckerey, 1806".

[2]) „חמשה הומשי תורה עם מגלות והפטרות בלשון אשכנז צאינה וראינה בנות ציון בעטרה שעיטר לכם איש רב פעלים אשר פעל ועשה פירוש על התורה אשר מעולם לא נשמע ולא נהיה כמוהו. ה"ה האלוף והחסיד הר"ר יעקב בן הר"ר יצחק ז"ל ממשפחת רבינו אשר נטה אהלו לשבת בק"ק יאנווא. — איין לעהר-רייכעס ספר, פאן גראזעס נוטצען יעדעם פיר דאז מאנכליכע- אלז אויך ווייבליכע געשלעכט, וועלכע אן שבת וי"ט איהרע רוהעשטונדען אין

יוזעפאוו ער[1]) אויסגאַב (1837) כ״ח: ...„אונ דר בחיי שרייבט (ורוח תסימו)
ער זאגט יעקב רבנ״ע ווען דא ווערן קומן צרות אין גלות אויף ישראל
דא לאזן די צרות ניט קומן נאך אנדר אין ישראל זאלן איין ווייניג אב
רואן לייסן איין צרה אונ די אנדרי און ווען זי ווערן געבן נסים
דא זאלן זי ניט אויף איין מאל גאר אויעק געבן״...; אין ווילנער-גראָד-
נער[2]) אויסגאַב (1836) פ״א: ...„אונ דער בחיי שרייבט וְרֶוַח תָּשִׂימוּ יעקב
זאגט רבונו של עולם ווען עס וועלן קומן פיל צרות אויף ישראל דא לאז
די צרות ניט באלד אונ געשווינד קומן נאך אנדר. לאזן ישראל איין

---

רעליגיאזער אנדאכט צוצובריינגען זוכען, פינדען דארין הינלאנגליכען אונטערהאלט, אונד קאננען פיעלע וויססענשאפטליכע אונד פיר יעדרמאן בייאנאהע נעטהיגע געגענשטאנדע דארויס ערלערנען. אום דאמיט נון יעדר, זעלבסט אויך דער אונבעמיטעלטע מאן דיזעז (אין פריהערן צייטען זא טהיירע) ספר בעזיטצען קאן, האבן וויר אונז ענטשלאסען עס נאכמאלס צו דרוקען אונד צוואר מיט ווייט שאהנערעס פאפיער אונד בעסערער הגהה אלס עז ביס יעצט ערשיענען איזט. עס ענטהאלט ניכט נור דיא ערצאהלונג פאן דער גאנצען תורה הפטרות אונד חומש מגילות, זאנדערן אויך זעהר פיעלע דינים, מוסרים, פערשיעדענע אויזלעגונגען פאן מדרשים, ברייתות ואגדות, פאן דען גראססטען שריפטגעלעהרטען אונזרער נאציאן. — זולצבאך שנת תקצו לפ״ק — ...רוקט אונד פערלעגט אין דער פריפי-לעגירטען בוכדרוקערייא פאָן ז. אַרנשטיין אונד זאָהנע 1836״. ($4^0$). — [דאָס דײַטשישע נור אַפ׳ן שער-בלאַט (דער טעקסט, אויסער איינצעלנע קליינע וואַריאַציעס אין דער אויסלייגונג, דערזעלביקער, ווי אין פראָגער אויסגאַב)]. — דער זולצבאַ-כער אויסגאַב אילוסטרירט (68 פרימיטיווע קופערשטיכען). —

[1]) „חמשה חומשי תורה בלשון אשכנז צאנה וראנה בנות ציון בעטרה שעיטר.... (א. אַ. וו. ביז „בק״ק יאנוווא״ — ווי אַפ׳ן שער פון פראָגער אויס-גאַבע נור אַנשטאָט „האיר״, „חקר״ -- „העיר״, „וחקר״). דערנאָך: „CENU Y RENU“, און: „ביוזעפאף בדפוס הרבני הנגיד מוהר״ר דוד סעדי׳ ישעי׳ וואקס נ״י: בשנת תקצ״ז לפ״ק״. ($4^0$). —[ אף דער זייט b פון שער-בלאַט: „דיני שבת״ אף יידיש (אין ביידע פריער דערמאנטע אויסגאַבען — נישטאָ)]. —

[2]) „חמשה חומשי תורה בלשון אשכנז עם כל הפטרות וחמש מגילות ותרגום למגילות אשר יכונה בשם צאינה וראינה... בו נאסף ונלקט בכל סדרת

ווייניג אב רורן לווישן איין לרה און די אנדרי׳ און ווען זיי וועלן געבן מסים׳ דא זאלן זיי ניט אלץ אויף איין מאל גאר אוועק געבן"...]. —

2) אין וואַרשע, פולטוסק, אילווו, ווינצענטווו (גמ. קאַרבווו., סקערנ. א.); טאַרנוגרוד (בעלם׳ ג., בילגור. א.), קליין-ביאַלע, דרילטש, טאַרלע, אופאַלע, קרעמעניץ: צישן; אין ריזשאַן: טסישן; אין זשעלעכוו, לובלין: טשישן.

אָנמערקונג 2. — אין „י. אקסענפעלדס זעמטליכע ווערקע. דאס פירטע ביכעל. אדעסא. 1870" („דיא גענארטע וועלט", דראַמאַטישע סצענען, 36: „ציִשין"; אין דעמזעלביקען אויטורס „דער ערשטער יודישער רעקרוט אין רוסלאנד", 58: „זיין פאָטער איז געוועזין דער גרעסטער מיוחס צווישן יודין"; אויך אין זיין „שטערינטיכל" ווארפט זיך דורך דאָס מונדאַרטליכע געשטאַלט (ו׳ 88). —

3) משה מארקוזע כ"ה: „אוועק לייגין לו ווישין אלטי תחיכות"...

אין „עץ חיים" (פוריצק תק"נ): „מען גהער זיך דווקא אויס איין כלי לו וואַסן און ווען מן זיך וואַסט אויס איין האַנט פאַס און איז דראַן איין לעפיל אבר[1]) איין הענדל מוז מן איטליכס מאל לו ווישן איטליכן גוס אויף און לו מאכן דס לעפיל דען עס מוז בייא דעס וואַסין (כח גברא) זיין דס איז טייטש מענכן כח און ניט לו וואַסין פון וואַסר וואַס פון זיך זעלבסט לויפט דהיינו אויס איין רער קאַסטין" ו„הלכות

וסדרה. הרבה מדרשים יקרים. גם הרבה ביאורים ממפרשים קדמונים על התורה. ונכתב בספר בלשון אשכנז. למען ירוץ כל קורא בו. גם ההמוניים גם הנשים: עשהו האלוף היקר החסיד מוה׳ יעקב במוה׳ יצחק ז"ל, מק"ק יאנווא. דער צאינה וראינה איז אויס גינומן פון פיל מדרשים און פיל פירושים׳ און איז גישריבן אויף דייטש כדי עס זאל פר שטיין גרויס און קליין׳ אויך האבן מיר אונטער די פסוקים פון דער תורה גישטעלט אלי נקודות. כדי עס זאל קענן לייענן אן שום טעות. גאר דאס גימיין. — בדפוס השותפים דק"ק ווילנא והוראדנא שנת תקצ"ו לפ"ק. אף רוסיש: „ТСЦЕНА А РЕНА т. е. Пять Книгъ Мойсеевыхъ на Жидовскомъ Языкѣ ВИЛЬНО И ГРОДНО Въ Типографіи Манеса и Зымеля. 1836". (אין 2 בענדער, 8°). [רערלויבט פון צענזור לעוו בורווסקי אין ווילנע דעם 8 יוני (אלט. סטיל) 1834]. —

[1]) = „אודער". —

נטילת ידים״] .

אין „בן המלך והנזיר״ (זעי אויבען ז׳ 176 אָנמ׳ 2 אונטערן טעקסט):

...„ביז זיא האבין איש געפינין צו ווישן דיא וועלדר... ער איז גזעסין צו ווישן דיא (חיות)״...¹) ; ...„דער צארין האט פייגט דען (שכל) דרוש טיט דער צארין אף שיידין צו ווישן דען צעריכדיגן מאן אונ צו ווישן דען וואש הערט אויש מיט [שכל]״...²)

אין לאַשטשעווער „זמירות של שבת״: „בינימו צוּ וְוִישִׁין זִיא״... [י״ד]; „בם נחה צוּ ווּישִׁין זֵיא וֶועט זִיא רוּאִין״ (י״ז b) ; „בינוֹ ובני צוּ-וּישִׁין אִים אונ צְוּוּישִׁין מִיר״; „בינו צְוּוּישֶׁין אִים: ובין אונ צְוּוּישִׁין בני ישראל דִי קִינְדֶר יִשְׂרָאֵל:״ (כ).

אין „מרדכי אונ אסתר³)״ ד׳ b : „דא וועל איך דייני וואונדר פאר פיל איין זאמלונג דר ציילן · אונ צו ווישן איין מענגע פאלק

---

¹) אפ׳ן בלאַט מיט דער אויפשריפט: „השער הראשון״ (מיין עקזעמפּלאַר איז באַשעדיגט. עטליכע בלעטלעך אין אָנהייב פעילען, די פּאַגינאַציע ערטערווייז אָפּ-געפליקט).

²) אין דעמזעלבען ווערק: ...„אונ עש וואר דר מלך האט איש גיזעהין צו ווישן אנדרי הערין״...; ...„דוא ווייסט ניט אויב עש וועט זיין צו ווישן דיר אונ איש איין בקאנט שאפט אונ איין בגלייבטי ליב שאפט״... (י״ג b). —

³) „אלערליי מעשיות. מרדכי אונ אסתר. איין שיינע וואונדערליכע היסטאריע פון איין חתן מיט איין כלה. פון דיזר (?) מעשה וועט איר גרויש נחת האבן. איר ווערט דעריכטן זעהן וואש עש איין מאהל פאר איין וואונדער גישעהן. אונ וואש פון אייך חלוס איז גיוואהרן. וויא אויך דאש איין מענש דארף זיין (בטחון) קיין מאל ניט פר צירן. אונ מען מוז נאר צו גאטש גינאד ווארטן. אזוא וויא עש מיט דען (רב) איז גישעהן.— ווארשא ברשיון הצענזור w Warszawie w Drukarni D, L Sklower 1842 r, ש׳, (120).

איך הוב נוך אַ וואַרשעווער אויסגאַב, פון יאָר 1853 [דערלויבט פון צענזור י. טוגענדהולד דעם 13 (25) אפּריל 1851], געדרוקט אַף גוט (בלאַסבלוי) פּאַ-פּיר, אָהן פּאַגינאַציע (אפ׳ן שער פעילן די ווערטער: „אלערליי מעשיות״); בן-יעקב (ז׳ 372 נ׳ 2281) דערמאַנט אַ ווילנער אויסגאַב, ניט אָנווייזענדיג דאָס יאָר פון דרוק. —

פאלק וועל איך דיר לויבן"...

אין „איין שיין וואונדערליכע היסטאריע פון דעם אומגליקליכען עמינדב" [1]), ב': ...„וועלכער איז וואָרין גיפאַנגען צו ווישן דיא מורין אונ שוואַרצע לייט"...

אָנמערקונג 3. — אין די לעצטע צוויי ביישפּילען פון די „זמירות של שבת" און אין דער צווייטער ציטאַטע אויס דעם „בן המלך והנזיר" זעען מיר די פּרעפּאָזיציע איבערגעחזרט צו צוויי מאָל אין אַ פאַל, ווען אין אַנדערע אייראָפּעאישע שפּראַכן (למשל, אין דער דייטשישער, פּוילישער, רוסישער) געניגט איינמאָליקער געברויך פון דעם אַנטשפּרעכענדיקן פאַרהעלטענישוואָרט.

אויך אין „לב טוב" (פּוריצק תק"נ): ...„אוג אלי די זאכין פון דרך ארץ דאם דא גיהערט לו אייכר פרויא דר זעלביג דרך ארץ גיהערט אוך לו אייכר מייד ניסט מער דש דר מנהג איז אין אונזרי לענדר דאם איין מייד גייט אין האר וויא וואול דש עס אין אנדרי לענדר אוך פר באטין איז טבן אזו וואול אז אייכר פרויא די תורה האט ניט מחלק גיוועסט לווישן איין פרויא אדר לווישן אייכר מייד [2]) אבר וויל דר מנהג איז פון פר לייטן הער פון פיל יארן בלייבט עס עז נאך וואול דר בייא" [„פרק חמישי דאש פירד חלק"]; — אין „ספר שחיטות ובדיקות מ' b: „ווען זיא הבר ווער נים גאר אן גיוואקסן נייארט עס איז איין הייטכן לווישן דר אוגה עליונה אונ' לווישן די גרגרת"... [3]);— בײַ מאַני דלוגאַטש: „וויא פאַר שטעהט איר וויא אַזוֹ קענין זיך גרינגבלאַט צוא גונערען אַז ער וועט אוים קומען שטעהן צווישין פייוועל לפּידות אונ צווישען בעריל קורנאם?". — אויך מונדאַרטליך לוזט זיך קאָנסטאַטירען די

---

[1]) ...„פון דיא היסטאריע קאן יעדער מענטש איין מוסר אראפ נעמן וויא מען זאל פאלגין זיינע עלטערן, דרום האבין מיר דיא היסטאריע אויף עברי טייטש גיטאן שטעלן, עס זאל קאנען פאר שטיין, גרויס אונ קליין. ווילנא בדפוס ר' יוסף ראובן בר' מנחם מן ראם שנת תרי"א לפ"ק".

אין רוסישען טייל פון טיטעלבלאַט: יאָר 1851 (דערלויבט פון צענזור דעם 26-טען סעפּטעמבער אַלט. כט. 1850).

[2]) מ'קען זאָגען: ...„צווישן איין פרויא אדר איינר מייד"...—

[3]) דעמאייגענעם געדאַנק וואָלט מען געקענט אויסדריקן אַזוי: ...„איין הייטכן צווישן דר אונה עליונה אונ' די גרגרת". —

דערשיינונג. אין קרעמענין: „דאַ כילוק צווישן מיאַ אין צווישן דיאַ איז" [1]) ... —

דער לשון קודשדיקער טייל פון די צוויי דערמאַנטע ציטאַטען אויס דעם לאַ־שטשוווער ספר'ל [2]) דערלויבט צו רעכענען די אָנגעוויזענע איבערהזרונג פון רעם פאַר־העלטעניששוואָרט פאַר איינפלוס פון העברעישען.

דערדוזיקער איינפלוס טרעט באַזונדערס בולט אַרויס אין די יידישע ביבלאַי־בערזעצונגען. אזוי, למשל, בא וויצענהויזענען: „אונ׳ גאט ספראך עס זאל איין ספרייטונג זיין צווישן דען וואסירן [3]). אונ׳ עס זאל איין אונטר שייד מאכן צווישן דען [אונטרשטן] וואסירי אונ׳ דען [אויברשטן] וואסיר" [4]) (בראשית א׳ ו׳);—אובער: „אונ׳ גאט מאכיט דיא אויס ספרייטונג׳ אונ׳ ער מאכיט אונטר שיידן צווישן דען וואסירי דיא דא וואַרן פון אונטן צו דער אויס ספרייטונג׳ אונ׳ צווישן דען וואסיר׳ דיא דא וואַרן פון אובן צו דער אויס ספרייטונג [5]). אונ׳ עס וואַר אלזא" (l. c. א׳ ז׳); „אונ׳ גאט ספראך׳ עס זאלן ליכטר זיין אן דער אויס ספרייטונג פון דעם הימל׳ צו אונטר שיידן צווישן דעם טאג׳ אונ׳ צווישן דער נאכט" [6]) ... (l. c. א׳ י"ד).

נאך: ...„אונ׳ זיא זיינן אויבר פארין צווישן זייני שטיקר" [7]) ; — „ער טוט וואַרהאַפטיג גירעכט צווישן דעם איינן אונ׳ דעם אנדרן" [8]);— ...„צו מאכן אונטר שיידן צווישן דעם הייליגן אונ׳ צווישן דעם הונ־

---

[1]) == „דער חילוק צווישען מיר און דיר איז"... — (ענליך אין דריפטש א. ש. וו.) . —

[2]) און די העברעישע שטעלע, וואָס אַנטשפרעכט דעם דריטען ביישפיל אויס דעם „בן המלך והנזיר" („...יבדיל בין בעליו ובין מה שישמע"...). —

[3]) אקעגען העברעישען: „בתוך המים". — [4]) „בין מים למים" (אָהן איבערחזרונג!) . —

[5]) ...„בין המים... ובין המים"... (איבערהזרונג!) . —

[6]) ...„להבדיל בין היום ובין הלילה"... (איבערחזרונג!). —

[7]) ירמיהו ל"ד י"ח: ...„ויעברו בין בתריו" [בליץ: ...„אונ׳ זיא זיינן צווישן דיא שטיקי׳ דורך גאנגן"]. —

[8]) יחזקאל י"ח ח׳: ...„בין איש לאיש" [בליץ: „ער וואַר האפטיג רעכט׳ צווישן דען איינן אונ׳ דען אנדרן טוט"]. —

הייליגן"[1] ; — „לווּיסן דעס פאר הויז און' דעס אופפיר סטול . זעלן דיא (כהנים) גאטס דינר וויינן"...[2] ; — ...„מענשן דיא דא ניט ווּיסן [דען אונטר שייד] לווּיסן אירי רעכטי האנט אודר לינקי האנט"...[3] ; — „אוּנ אילונדרט איר זילר פון (ירושלים) · אונ' איר מאנין פון (יהודה) · ריכט איר נון לווּיסן מיר · אונ לווּיסן מיינים ווײן גארטן"[4] ; — ...„איכ' [ניסט נוין] אז דיא מויאר וואר לווּיסן מיר און' לווּיסן איכן"...[5] — [בּאַ וּוִיצענהויזענען זוּגאָר אַנ'אִיבּערזעצוּנג דוּרט, ווּ אִין העבּרעִישען אוריגינאַל געפינט זיך די פּרעפּאָזיציע נוּר אֵיינמאָליק, — אַזוי שטאַרק אִיז אִין ווֵין שפּראַך אים אַלגעמײן דער העבּרעִישער אײנפלוּס מכח דער דערשײנוּנג, פוּן וועלכער מיר רעדען דאָ . אויך בּאַ בּלִיצען דערזעלבּיקער אײנפלוּס ] . —

§ 124 — [ בּינדווארטענדוּנג ] . — ד ע ס ג ל יי כ ן[6]) (§ 111) טרעט אוּף נישט בּלויז אַלס אַדווערב , נוּר אויך אַלס קאָפּוּלאַטיווע קאָנִיוּנק- צִיע[7] .

---

[1]) אִיבּערזעצוּנג , הגם אין העבּרעִישען אוריגינאַל : ...„להבדיל בין הקדש להל" (יחזקאל מ"ב כ') ! [ בּלִיץ : ...„אוס אונטר שייד לו מאכין לווּיסין דאס הייליגי לוס און הייליגי", — אלזוֹ, אָהן אִיבּערזעצוּנג, געטרײַ דעם העבּרעִישען !] . —

[2]) יואל ב' י"ז : „בין האולם ולמזבח"... [ בּלִיץ : „לאזיט דיא (כהנים) דיא דינדיר גאטס וויינין · לווּיסין דאס פאר הויז · און' דען אופפיר סטול"...] . —

[3]) יונה ד' י"א : ...„בין ימינו לשמאלו" [ בּלִיץ : ...„דיא קיין אונטר שייד ווּיסין לווּיסין איר רעכטר האנד · און' איר לינקיר האנט"...] .—

[4]) ישעיהו ה' ג' : ...„ביני ובין כרמי" [ בּלִיץ : „נוא אילונדי איר אין וואונדירס פון (ירושלים) און' איר מאנין פון (יהודה) איך ביט ספריכט איר זעלבּבּט דאס רעכט אויס · לווּיסין מיר · און' לווּיסין מיין ווײן גארטין"] . —

[5]) יחזקאל מ"ג ח' : „והקיר ביני וביניהם" [ בּלִיץ : „דאס דר נײַעריץ · איין וואנט · לווּיסין מיר · און' לווּיסין זיא וואר"] .—

[6]) אוּן זײַנע דיאַלעקטאָלאָגִישע געשטאַלטען . — [7]) אַלס שוּעלבּע זעען מיר

אנמערקונג. — אין „פרנס המתגאה" (ווארשע 1888) ז"ז 38 — 39: ....„אין יענע צייט, האבין זיך אמתדיק מאן און ווייב ליב געהאט, זיא פלעגט דעם מאן דעם גרעסטין כבוד אפ צו געבין, און איהם ליב געהאט וויא דאס גאנצע לעבין. און ער איהר דעסט גלייכין¹). און מען האט רק דענסמאלט נישט געוואוסט פון קיין שקאלעס פון קיין שפרא־כין, ביז נאך דעם דאווינען און נאך דעם אהן בייסין, האבין דיא ווייבער נישט געלאזט ארוים גיין דיא מאנען אויף דיא גאסין. נאך דעם אן בייסין האט זיך יעדערער גענומען באמונה צוא פירין זיין געשעפט, ענטפער זיין מלאכה. טאקע דער פאר אין זייערע עסקים איז געווען באהעפט. פיל ברכה מיט גרוים הצלחה דעסט גלייכין²) אין יענע צייט. לאמיר נאר שמועסין פון יונגע לייט"....—

§ 125 — „פונדעסטוועגן"³) (§ 113), אין דער נייערער טייטש (b), ווערט מערסטענטיילס געברויכט אלס אדווערזאטיווע קאניונקציע⁴).

אנמערקונג. — אין דער טייטש a (157 פפ.) איז דאס קאמפאזיטום אויסגעשפראכענער אדווערב. אלס אזעלכען זעיען מיר איהם אין דער אלטער ליטעראטור. גליך באַ ליפשיצן איז דער וואקאבעל געבראכט אויך אין דער טייטש a⁵) (זעי אויבען ז' 157), הגם אין דער מאדערנער יידישער שריפטשפראך ווערט ער אלס אדווערב שוין נישט געברויכט. —

---

דעם חוקאבעל אין די ציטאטען אויס'ן „ווינשפינגערל", „סוד ה'" (אויבען ז' 151), „עין היים" א. א. וו. (ז' 152). — „דערינגלייכן" (ז' 153) איז קאניונקציע; „דערא גלייכן" אין „דרך הישר" (אויבען ז' 184) — קאניונקציע; אין די איבעריקע פאלען (וואס אף ז' 184) — אדווערב. —

¹) אדווערב. — ²) קאניונקציע. — ³) און זיינע דיאלעקט' געשטאלטען. —

⁴) אין דער ראלע (== דעם נה"ד dennoch) זעיען מיר דעם וואקאבעל אין די ביישפילען אף ז' 157 (אנמ' 2 אין טעקסט).

⁵) אין דער טייטש ווארפט ער זיך דורך אויך אין „א רייזע אין עולם התוהו אדער דיא נסיעה אויף יעניר וועלט" פון „מרדכי אסטראוואסקיע" (זשיטאמיר 1873, קל' 8°), ז"ז 11 — 12: ....„אין אונזערע יודען בני רחמנים וועדליג עם ווייזט אוים אפנים האבין מיך גילאזט אין צרות ליגען טאקע נאר פון דעסט וועגין איך זאל אפ נעמין אביסיל שטראף פארין

§ 126 — אין דער אַלטער יִדִישער לִיטעראַטור קומט „פ ו ן ו ע ג ן" פור אויך אַלס ק ו נ י ו נ ק צ ִ י ע (קאַוזאַלע) [זעי אויבען ז' 194 [1]]. —

§ 127 — כדאי צו באַמערקען, אַז דער דִיאַלעקטאָלאָגִישער ו ו אָ ר נ ח [2] (קאַוזאַלע קוניונקציע) קומט-פאָר שוין אין אַ ספרל פון ת ק ע"ח [3]: „בי

---

אייבִּיגֶען שְׁלָאף"... [אף ז' 4, ווידער: „אִיר זָאהלְט גָאר קֵיין קַשְׁיָא נִיט פְּרֶעגִין אוֹף וָואס? אִין אוֹף וֶוען? אִין פ ו ן וֶועסְט וֶ ו ע ג ִ י ן?"...]. —

[1]) בא י. ווִיצענהויזען (זעי אויבען ז' 200): „פ ו ן ו ע ג י ן ד א ש" (נאָרמאַלִישע איבערזעצונג פון דער תנ"כ'ישער קוניונקציע „ל מ ע ן"). —

[2]) אין טײַטש: „מ ח מ ת, ו ו י ל" (זעי § 74 פ' 2). —

[3]) „סדר אתקינו סעודתא עם פירוש הגאון בעל מנחת יעקב" („יען ראיתי בני עליה והמה מועטים ורבים מבקשים לעלות והסולם נלקח מביניהם והנה הקרה ה' לפגינו פירוש נחמד מהגאון בעל מנחת יעקב מפרש בתרי אפין פירוש אחד על פי נגלה ופירוש אחד על פי סוד ויען כי לא רבים יבינו סוד ה' ליראיו ובני עמינו מבקשים להבין אך דרך פשוט. והנה ראינו שפירוש הנגלה הזאת הוא נתעלה מאוד מזמן קדמון. על כן אזרנו כגבר חלצנו והעתקנו אותו בלשון אשכנז כדי שיבין כל אחד בו. ובזכות זה ימלא הארץ דעה את ה' ונעלה לציון ברנה אמן"), קל' 8⁰ (דאָס אורט פון דרוק נישט אָנגעוויזען).

[פאַרגלײַך מיט'ן טעקסט פון שער-בלאַט, וואָס געבראַכט איבען ז' 166 אָנמ' 2 אונטער'ן טעקסט. — דער גאַנצער אינהאַלט פון דעם „ס ד ר א ת ק י נ ו ס ע ו ד ת א" פאַרנעמט אין קעניגסבערגער „ס ד ר ז מ י ר ו ת א. א. וו." די ערשטע 16 דפימלעך (פון די מ"ו, אין זײַער קל' 8⁰). — „מ נ ח ת י ע ק ב" איז אַ פירוש אף די „ת ק ו נ י ש ב ת" (בן-יעקב ז' 670 נ' 903), פאַרפאַסט פון ר' י ע ק ב ב"ר ר פ א ל ל ב י ת ל ו י].

דאָס יִדִישע איז אין דעם ספרל געזעצט מיט כתיבעטע אותיות און מיט ניקוד. די אויסלײַגונג צײַכענט זיך דערבײַ אויס מיט צווײַ אינטערעסאַנטישע אײַגענטימליכקײַטען:

a) ש ווערט על פי רוב איבערגעגעבען מיט א ײַ ן ויו („וַייט, פַר וֶועקְסְלִינג, וֶועג, וֶועט, וֶוערִין, וָאשׂ, פֶּערְפִיל וָאל, וֶוערְד, וֶועגִין, צִוִישִׁין, צְוִישִׁין" א. אַ. וו.);

b) שלעבטע-נון ווערט זײַער ווייניק געברויכט (אין די שטעלען, וואָס זענען געזעצט מיט נאָרמאַלען שריפט), און אין פרײַען וואָרטאויסלויט קומט קרומע-נון („פַּארְטֵּילִין,

כל ביתה וָארִינ איר דויז גִזוּנְד" [1]) ; „ועטורין שבעין יה דִי קְרוֹנְן פון שַׁבָּת זֶענִן זִבְּצִיג וָארִין אִין דֶעם קִידוּש פון שַׁבָּת אִיז דָא זִבְּצִיג וֶערְטִיר" [2]) ; „רשימין וסתימין דִי צָאל פון שַׁבָּת וָאשׂ דֶר זִבְּטֶר טָאג אִיז שַׁבָּת אִיז גִצֵיכִנט : בגו כל עלמין אוּנ אַלִי וֶועלְטִין וָארִין [3]) אַזֵוי וִויא עֶשׂ אִיז פַּר הַאנְדִן זֶעקְס טָאג אוּנ דֶר זִבְּטֶר טָאג איז שַׁבָּת אוּנ אִיז הֵילִג אַזֵוי אִיז פַּר הַאנְדִן זֶעקְס שְׁמִיטוֹת אוּנ דֶער זִבְּטֶר אִיז יוֹבֵל אוּנ אִיז אוֹךְ הֵילִג אוּנ אוֹךְ אִיז פַּר הַאנְדִן זִבְּן אַרָצוֹת דֶער זִבְּטֶר אִיז אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּנ אִיז אוֹךְ הֵילִג אוּנ אוֹךְ אִיז פַּר הַאנְדִן זִבְּן רְקִיעִים אוּנ דֶר זִבְּטֶער הִימְל אִיז נָאךְ מֶער הֵיילִג" [4]) ...

---

זַאמְלִינ, הַאדְזִינ, אוֹבִינ, מֶענְטְשִׁינ, גִינֶעהְנִינ, זַינ, אַלֵינ, גְרֶעכְטִיג, מֶערִינ, בְּשַׁאפִינ, צְוַיגִינ" א. אַ. וו.).

[און נוך : די דיפטונגען aj און ej ווערען אין דעם ספרל עפטער טראַנסקריבירט מיט איין „י" (נאָכ'ן פתח און צירה) (אייגענטליך, אַ'עלטערע דערשיינונג אין דער יידישער אורטוגראַפיע) ; דער דיפטונג aj ווערט ניט זעלטען טראַנסקריבירט מיט אַ צירה (אַ שטריך, וואָס ווייזט-אָן, אַז דער אויטור פון דער יידישער איבערזעצונג — אודער אפשר גאָר דער אַרויסגעבער, דער זעצער אודער דער בעל-מגיה — איז געווען אַ פּוילישער ייד)]. —

[1]) אַף ז' 4 (דאָס ספרל איז לגמרי נישט פּאַגינירט). — אין קעניגסבערגער (תרכ"ז) „סדר זמירות"... : „וָוארִין איר הוז געזונד"... [דף ד' (ניט אַלע בלעטלעך זענען אין דעם אויסגאַב פּאַגינירט)]. —

[2]) ז"ז 9 און 11 (דער אַבזאַץ, פון וועלכען די שטעלע איז גענומען, און נוך עטליכע, זענען געזעצט מיט גרעסערן שריפט, און דורט קומט וורט-אויס ניר שלעכטע-נון). — אין קעניגסבערגער „סדר זמירות"... : „וָוארוּם אִין דֶעם קִידוּשׁ פון שַׁבָּת אִיז דָא זִבְּצִיג וַוארְטֶער" (דף ח') ; „וָוארִן אִין קידוש א. אַ. וו." (ט'). —

[3]) ז' 9. — אין קעניגסבערגער ספרל l. c. : „וָוארִן". —

[4]) אַף ז"ז 14 — 15 : „תרין יודין נקטא וָוארִים (!) עֶשׂ אִיז פַּר הַאנְדִין צְוֵויא יוֹדִין : סתימין אֵין יוד פָּשׁוּט וָאשׂ זִי טְרֶעפְט אָן צֶעהִן ' ופרישן אֵין יוד וָאשׂ זִי אִיז מֵין מְפוֹרָשׁ דְהַיְנוּ יוד דָאשׂ מַאכְט אוֹךְ יוד וָאשׂ טְרֶעפְט אָן צְוָאנְצִיג ווי צְוֵויא יוֹדִין פָּשׁוּט אִיזֶר דֶעם קֶער מִן אֵין הַמוֹצִיא מַאכִין הֵן אַז אִיז גָאר וִויא אֵין אֵיל בִּירְט גְרוֹשׂ וָארוּם עֶשׂ אִיז מְרֻמָז" ... (אַף ז' 15 נוך 2 מאָל „וָארוּם" ; אַף ז' 16 2 מאָל „וָוארִם"). — אין קעניגסבערגער

אִין אַ נַייערען אויסגאַב פון דער באַקאַנטער יִדִישער דרוש־פּאַראַפראַזע פון „שִׁיר הַשִּׁירִים״ [1]: ...„(כִּי) וָואֹרִין (טוֹבִים) זֵיי זֶענִין צוּ מִיר בֶּעשִׂיר (דוֹדֶיךָ) דֵיין פְּרֵיינְטְשַׁאפְט פוּן מַתַּן תּוֹרָה (מִיֵּין) בֶּעשִׂיר פוּן גוּטִין וֵויין״ [דף ב׳]; ...„(כִּי) וָואֹרִין (הִנֵּה) נוּן (הַסְּתָיו) דֶער וִוינְטֶער (עָבַר) אִיז אִיבֶּער גִיפָּאֹרִין דָם זֶענֶען דִי פִיר הוּנְדֶערְט יָאר הָאב אִיךְ גִירֶעכֶנְט מִשֶּׁנּוֹלַד יִצְחָק״ [ו׳ b].

נורם איז דאס דיאלעקטאלאגישע געשטאלט — אין „קומעט״ [2]) [ז״ו 6 ; 7

---

אויסגאַב, אִין דִי אַנטשפּרעכענדִיקע טעקסטען: „וָוארוּם״ (ו׳ b, י״א, י״ב). —

[1]) „ספר שיר השירים עם פירוש עברי לתועלת אחינו בני ישראל. ולמען ירוץ הקורא בו הצגנוהו באותיות גרולות. ובנקודות הכסף מנוקדות. והוגה בהגהה מדויקה. בנייר יפה ודפוס מהודרת. ווארשא בדפוס של הרבני מהו׳ צבי יעקב בהמנוח מהו׳ אליהו ז״ל באמבערג: בשנת תר״י לפ״ק״ [דערלויבט פון דער צענזור דעם 10 (22) נאוועמבער 1849], 12°. — דער „פירוש עברי״ — אִינטערין לשון־קודשדִיקען טעקסט.

[דער אויטאר פון דער פריִער, מִיט דרוש אִיבערפולטער אִיבערזעצונג אִיז ר׳ אליקום ש״ץ מקאמרנה (זעי א. שולמאן 29 -- 30); זִי אִיז צום ערשטען מאָל געדרוקט געווארען אִין אַמסטערדאַם 1710; שפּעטער אִיבערגעדרוקט געווארען אִין ווערק „מלמד שיח״ פון דעמזעלבִיקען מחבר. — דאָס, וואָס בן־יעקב (ז׳ 335 נ׳ 1376) זאָגט, אז „מלמד שיח״ ברענגט „פירוש המלות על התורה וחמש מגלות בלשון אשכנז״, אִיז נִישט אינגאַנצען רִיכטִיק: פון דער תורה ווערען אִין דעם בִיכעל פאַרטייטשט נור דִי פרשות פון אַ גאַנץ יאָר. — „מלמד שיח״ אִיז תחלת געדרוקט געווארען (זעי בן־יעקב l. c.) צוזאַמען מִיט׳ן חומש, דערנאָך באַזונדער (דיהרנ־פורט תע״ח, 8°; פיורדא תפ״ו און תצ״ז, 12°; זאלקווא תקל״ד, 12°; הוראדנא תקנ״ה, 8°). מיין עקזעמפּלאַר (אַלטער דרוק), אִיז דעפעקט, אָהן שער־בלאַט, אִין 12°]. —

[2]) „פין שטערן אדער קאמעט. נעתק מאת גדלי׳ בעללאה״.

דער פּוילִישער טייל פון טִיטעלבלאַט: „KOMETA czyli MNIEMANY KONiEC ŚWIATA, przełożył z polskiego Gdalia Bellau, Warszawa. W drukarni Alexandra Gins. 1857.“ (32 ז״ז אִין קל׳ 8°).

כאַראַקטערִיסטִיש אִיז דִי הקדמה „צום לעזער״:

„א׳ ווייל אונזער לשון איז פאן פערשירענע לשונות פערמישט, אונד פיהל ווערטיר זענין פערדרייט. אהן גראמאטיק (דקדוק) אהן ווארט־פארשונג, (וואס דער שרש איז פין ווארט) אהן איינטהיילינג דער רעדע טהיילע, וועלכעס אין אנדערע

2 מאָל); 9; 13 (2 מאָל); 14; 15; 17; 18; 19 (4 מ'); 20; 21; 23; 24; 25; 26 (2 מ'); 29; 31; 32 (3 מ'); — בלויז אלס אויסנאַם 2 מאָל „וואָרים“ (ו"ז 11, 23)].

---

לשונות פערהאנדען איז, ווייל אויסער דאס דיא אותיות א' ו' י' ע' אן שטאהט תנועות דיהנען, אונד אן שטאהט (ש) צוויי ווין קאמטען, אונד נאך איינעגע רעגעלן (כללים) קיין אנדער בעשרייבונג דארויף זיך ניט פינדעט, ווייס איך ניט וויא איך זאלל שרייבן? צ"ב, מאן זאגט, „ביזט געפּאוועלט צו טרינקען בראנפין“ דאס ווארט, געפּאוועלט, איז פאן דער פראנצעזעשער שפּראכע (capable), בראנפין, איז פאן דער דייטשער (Brandwein) דאס הייסט, (דוא ביזט אים שטאנדע צו טרינקען בראנד וויין), אדיר ווען עס טרעפט זיך דאס דוא אויס פערדרים (כעס), אויף יעמאנדען שטעהלער, אדיר דיעב, רופען מזוט, קענסט דוא אן טרעפען אויף זא איינעם, וואס ער וועט מיינען אז שטעהלער, איז אזוי איינער וואס שטאהלט איין מעססער, אדיר איין אקסט (האק) אונד דיעב, וועט ער גאר נים וויססען וואס דוא מיינסט, וויא דען? — מוזט זאגען „גנב, אדיר זלאדזי,—גנב, איז פאן לשון הקודש, זלאדזי, איז פוילעש,— איז שוין דא, לשון הקודש, פוילעש, דייטש, און פראנצעזיש.

„ב' צווישן שרייבן אינד רעדן איז בייא אונס אויך איין גרויסער אונטערשיעד, ווייל פאן ווארט (איין) פעהלט טייל מאהל אין רעדין (יין) אונד בלייבט (א', פאן ווארט (עס) פעהלט טייל מאל דיא (ע), ניט, נישט, אונד ניש, איז אין לשון אלס איינס, אין ווארט (פאן) פערוועקסעלט זיך דיא (א) אין איין (י) אונד אין דיא ווערטער (שרייבען, זיין) פערוועקסעלן זיך דיא צווייא יודן אויף (אה), צ"ב' (איין מענש וויים ניט וואס עס וועט פאן זיין שרייבען זיין) פערוועקסעלט זיך אין רעדין, על זה הלשון, (א מענש ווייס ניש' תאס 'סוועט פין זאהן שראהבען זאהן) א, ז' וו'.

„ג' אויך קאן זיך פינדען בייא אונס אווילבער תאס קאן קיין הבדלה ניט מאַכין, דאס הייסט, ער ווים קיין אונטערשיעד, צווישען דא אונד דוא, דוא אונד דיא, וויא אונד וואַ, געבען אונד לעבען, צ"ב, דוא וועסט איינעם פרעגען בזה הלשון: „פריינד! דוא ווייסט ניט? דא היר זאלטע איינער וואהנען ר' ריישעל זאממער-האז? ווא איזט דאס? וואס וועט זיין? ער וועט דיך ערשט אן זעהן פאן קאפּ ביז פוס, אויב דוא ביזט אין אמת זיין פריינד, (זיין קרב) — (דאס ווארט היר ברויך מאן גאר ניט רעדען, עס נוצט נאר אין שרייבען) דער נאך וועט ער טראַכטין, אביר גאר זאגין, „וואס טויג מער דארט דיא

אויך אִין „ספר נחלת צבי המ״ש מגלות״[1].

ענלִיך: אִין י. אקסענפעלדס „ערשטען יודִישען רעקרוט״ (ו״ז 16, 40,

---

דאטשְרישע שפראך?״ וויא דען? מוזט זאגען, „וויז וווינט דא ר׳ רייכעל זיממערהאז״ ניא לאז זיין, זיממערהאז, זאג מיר שוין וויא ער וווינט? וועט ער דיר פינקט תשובה געבין, דער לעבען, אן שטאהט, דא נעבען, אונד מיט דעם (דער לעבען), ווינשט ער אויך „זאלסט פרייד דער לעבען״.

„(איבער דעם)

„גיטער לעזער! אז דיא וועסט ביים לעזין דא דרינען,

„דיא פערמישטע, אין פערדרייטע ווערטער געפינען,

„לאז דיר דאס, ניט זיין קיין ווינדער.

„י׳עדערער וויס אז בייא אינס יודישע קינדער

„בעונותינו הרבים! ווייניג פערהאנדין זעננין,

„ער זאלל איין אנדרע לשון פערשטיין קעננין.

„לאך זע ניט פריינד! פאן מיין שרייבין.

„ליבער וויל איך, איין נאהר בלייבען,

„אז דער נאר, וואס דאס ביבעל האט געלייענט,

„האט גיט פערשטאננען, וואס מען מיינט.

„עבדיך המעתיק״.

[די אויסלייגונג און די שפראך אין דעם ביכעלע באריקזיכטיגען אייניקע פונעטישע און לעקסיקאלישע אייגענטימליכקייטן פון דער פוילִיש-יִדִישער מונדארטען-גרופע]. —

[1]) „ספר נחלת צבי חמש מגילות זה דבר חדש אשר לא היה לעולמים״...

ווייטער לייענען מיר אפ׳ן שער-בלאט: „בזה הַסֵפֶר איז איבֶר זֶעצט גִיוָוארִין דוא גרוֹסִי דִבְרֵי מוּסַר פִין דֶעם זוהַר הַקָדוֹש אוֹיף חָמֵשׁ מְגִלוֹת כְּדֵי צוּא דֶער וֶועקִין דוּא הֶערְצֶר צוּא עַבְדוֹת הַבּוֹרֵא יִתְבָּרֵךְ מֶען זָאל קִימִין צוּא אַהֲבַת ד׳ אִין צוּא יִרְאַת שָׁמַיִם אִין דֶער מֶענְשׁ וָואס עֶר הָאט עֲבֵירוֹת זָאל נִתְעוֹרֵר וֶוערִין צוּ טוּהְן תְּשׁוּבָה אוֹיף זַיינֶע חֲטָאִים אִין דֶער מֶענְשׁ זָאל זִיךְ קֶענִין אוֹיס בֶּעסְרִין זַיינֶע מִדוֹת וִויא אַזוֹ מוּדַארְף זִיךְ אָפּ צוּ הִיטִין פוּן לָשׁוֹן הָרָע רְכִילוּת חֲנִיפָה שֶׁקֶר גַאוָה כַּעַס אוּנ אַנְדֶרֶע מִדוֹת רָעוֹת וּבִפְרַט וִויא אַזוֹ דֶער מֶענְשׁ דַארְף צוּא הִיטִין דָס מוֹיֶעל וַוייל מִיט דוּא דִיבּוּרִים

45, 46, 47, 56); בײַ גוסטאװ מאקמאן (l. c. 8, 64); בײַ ל י נ ע צ ק י ן [1]) l. c.; אין „ר ב י נ ו ג ר ש ו ן" [2]) (ו"ז 23, 41, 61, 130).

---

פון דעם מענטש קען מען מתקן זײַן עולמות און מקריב זײַן עולמות • השי"ת זאל העלפן מיר זאלן קאנען דינען דעם בורא יתברך מיט ריינע גידאנקען מיט אײן גאנצן הארץ אין אונזרע טעג זאל גיהאלפן װערן יהודה אין ירושלים אמן :".

און נאָך : „דאס ספר איז געתּק גיװארין פֿון דעם ספר זהרי חמה װאס דאס האט גידריקט רבי יצחק קרישפין דער תּלמיד פֿון דעם ר"י הקדוש בשנת תצ"ח דאס איז גיװעזן אײן כּתב יד אין זהר חמ"ש מגלות און מיר האבין דאס מעתיק גיװעזן לזכות הרבים".

געדרוקט (קלענער 2⁰) אין לעמבערג 1862 בײַ ש. פ. פּעקער [אײנע פון די דרוקערײַען, װאָס הובען די אויסטערלישע טבע, דעם װוקאַל i צו טראַנסקריבּירען מיט ו! (זעי װעגען דעם : „זאַמעלבּיכער" II 274 — 275)].

[בלויז יידישע איבערזעצונג. בײַ בן-יעקב נישט דערמאַנט. — װעגען „זהורי חמה" פון ר' יצחק קריספין — בן-יעקב ז' 153 נ' 59].

[אויסגעלײגט : „װאַרין" (הקדמה ; דף ג' b, כ"א b, כ"ב, כ"ב b, א. אַ. װ.); װאָרען (א' b, ג' b, י"ט, וכ'), װאָרון (י"ט, א. אַ. װ.)]. —

[1]) למשל, אף ז"ז 5, 9, 13, 14, 15 א. אַ. װ. (כמעט אַף איטליכען זײַטעל ; אַף אײניקע צו עטליכע מאָל). — בלויז אַלס אויסנאַם (צ. ב., ז' 77), װאַרפט זיך דורך : „װאָרים". —

[2]) „רבינו גרשון. איינע װאהרע געשיכטע װאָס האט זיך פּאסירט אין דער צייט פון דעם ראָמישען קייזער באַזיל. פֿרײַ געגעבען פון לאיזע.—בּוקארעסט. געדרוקט ביים „היועץ". 1878". (131 ז"ז אין קל' 8⁰).

אַף דער לינקער זײַט פון שער-בלאַט, אַלס מאָטאָ : „מ צ א א ש ה מ צ א ט ו ב" (משלי י"ח כ"ב), „ו מ ו צ א א נ י מ ר מ מ ו ת א ת ה א ש ה" (קהלת ז' כ"ו). — און דערנאָך : „דיעזע געשיכטע ערצעהלט, וויא רבינו גרשון האָט געטאַנצט פאַר דעם קייזער באַזיל פון סטאַמבעל, א זילבערנע שטהיל אַזוי וויא שלמה המלך'ס, און איז זעהר חשוב געוואָרין, נאָר דורך איין אומגעטרייא ווייב האָט מען איהם געװאָלט אומברינגען, זיין געטרייא ווייב אָבער, האָט זיך אַנגישטעלט איהר לעבען און האָט איהם מציל געוועזין". —

אין „הגדה פון יעקינא" [1]): וואַרון (I 4), וואַרין (I 13, 27, 28, 41, 48, 57; II 4, 9, 13, 19, 22) [2]).

---

[1]) אַ פּאָפּולערישע פּרימיטיווע פאָלקסטימליכע סאַטירע אין 2 טיילען.

אויפן שער-בלאַט פון ערשטען טייל, נאָך דעם אויבען, אין טעקסט, געבראַכטען טיטעל, ליינען מיר: „פון דם ראַנדאַר מיט דם פאַרטיגען באַחור'ל יעקינא זיין בן יחיד · וויא זייא האבין דעם סדר אָפּ גערעכט מיר האבין דאס צוא פּליים געדרוקט דעם עולם צוא ווייזן דו אַלטע וועלט מוט וויא פיהל יאר צוריק · דם היליק צוא וויסען קיינען היינטיגע דורות אַז עס גופינט זיך שוין נישט אַזעלכע רענדאַרים · דר פון קען זיך יעדער איין מוסר ארויס נעמען וויא מען זאל וועהרן אַלעס צוא טוען קינדער צוא לאָזן לערנין מען זאל נישט אויף דר וועלט לעבען וויא איין בהמה: לעמבערג".

(59 ז"ז ווייער קל' $8^0$. דאָס יאָר פון דרוק נישט אָנגעוויזען).

דער שער-בלאַט פון צווייטען טייל: „הגדה פון יעקינא פון דער אנדערער נאַכט סדר וויא דר רינדאר האט דעם סדר אָפּ גירעכט מיט זיין הויז גיזינד · יאנקינא האט גפרעגט דעם טאטן איין קשיא: און דער מלמד האט עס פאר טייטש מיט רש"י מען בדארף נישט צוא גין אויף קיין טאַטער פר גילעכטר און יעדער מענטש זאל לויפן דו הגדה קויפן יעדער מענטש זאל זיך לויפן די הגדה קויפן יעדער מענטש זאל מאכין איין נדר צו לערנען דוא קינדר אָפּ רעכטן דעם סדר: דיא הגדה וואס דער רינדאר האט איז מיט דער סליחה צו זאמען געבונדן: לעמבערג" (23 ז"ז, קל' $8^0$).

[ו] אַלס טראַנסקריפּציע פון i — לעמבערגער ספּעציאַליטעט]. —

[2]) אַלס אויסנאַם: וואַרום (I 19, 35), וואַרים (I 58).

אין וואַרשעווער איבערדרוק פון דעם ביכעל (1881) — בלויז דאָס דיאַלעקטאָלאָגישע געשטאַלט (I 5, 9, 13, 17, 18, 22, 25, 29, 35; II 3, 5, 7, 11, 12). — [די סאַטירע איז אין וואַרשע איבערגעדרוקט געוואָרען אַ סך מאָל, אָבער פון איין סטערעאָטיפּ, — דערביי טראָגען אַלע אויסגאַבען אויפן שער-בלאַט איין יאָר: תרמ"א (1881). נור לויט די דאַטעס פון די צענזורדערלויבענישען (אויף דער לינקער זייט פון שער), איז צו אונטערשיידען די איינצעלנע אויסגאַבען. אַזוי, איז איין וואַרשעווער אויסגאַבע (זעיט-אויס, דער ערשטער) דערלויבט פון דער קיעווער צענזור דעם 10 נאָוועמבער אַ. סט. 1880; אַן אַנדערער — פון דער וואַרשעווער צענזור דעם 30 מערץ אַ. סט. 1898; נאָך איינע — פון דער ווילנער צענזור — דעם 30 סעפּטעמבער אַ. סט. 1902; צום לעצטען מאָל אין וואַרשע איז דאָס ביכעל איבערגעדרוקט

בלויז די פורם מיט אויסלויט-ה: אין „חרם דרבינו גרשון[1]) (ו"ז 12, 28, 58); אין „שירה חדשה"[2]) (I 1, 27, 32, 52, 59; II 4, 15).

---

געווירען דעם 10 פעברואר א. סט. 1912, דאָסמאָל אין אַ אומגליקליכער שעה: דער וואַרשעווער פּרעסעקוּמיטעט האָט עס קאָנפיסקירט פאַר די עטליכע דראַסטישע אויסדרוקען, וואָס וואַרפען זיך אין אים דורך; קעגען אַרויסגעבער (ליב-חיים מורגענשטערן) איז פאַרפירט געוואָרען אַ פּראָצעס מיט דער בעשולדיגונג לויט׳ן אַרטיקעל 1001 פון אַלטען רוסישען שטראָפקאָדעקס, און די ערשטע קרימינעלישע אָפּטיילונג פון וואַרשעווער בעצירקסגעריכט האָט דעם 18 דעצעמבער א. סט. 1912 אַרויסגעטראָגען דעם פּסק-דין: דעם אַרויסגעבער באַשטראָפען מיט 25 רובעל און דאָס ביכעל פאַרניכטען].

אויך אין די ווילנער אויסגאַבען (תרנ"ה — 1895) [דערלויבט: איינער— פון דער וואַרשעווער צענזור דעם 17 אַפּריל צ. סט. 1895, דער צווייטער—פון דער ווילנער צענזור דעם 31 אויגוסט א. סט. 1895; שטעלען-פאָר אַ סטערעאָטיפּען איבערדרוק פון די וואַרשעווער אויסגאַבען] און אין פּעטריקווער (תרס"ג — 1903) [דערלויבט פון דער וואַרשעווער צענזור דעם 25 יוני א. סט. 1902; נייער זאַץ (ערשטער טייל מיט פּרקים-שריפט; צווייטער — מיט ציצערו, ווי די וואַרשעווער אייסגאַבען), מיט מאָדיפיצירונגען אין לשון]—בלויז דאָס דיאַלעקטאָלאָגישע געשטאַלט. —

[1]) „דער חרם דרבינו גרשון אָדער דיא העבּרעישע קניפּלך אין טהעאַטער אין פינף אַקטען אין גריימען געשריבען — דיא מעשה האָט זיך געטראָפען אין אַקליין שטעטיל אין קליין פּולין: וואַרשא בדפוס של ר׳ יוסף לעבענזאהן 1882" (דערלויבט פון דער קיעווער צענזור דעם 5 אויגוסט 1883 א. ס. ן), קל׳ 8⁰. —

[2]) „שירה חדשה... גאַנץ נייע אונטער העפּטליכען ערצעהלונגן פאַרשטעלונגען מיט גראָסאַרטיגע פּאָלקס-לידער — פערפאַסט פאָן דעם רוסישען חסידישען יונגער מאַן שמואל זיינוויל פעדער בּרחן אין סאַסוב (גלי-ציון)— דיא פּאַרהערע זאָלט איהר גוט זעהן. וועט איהר דאָס גאַנצע ספּעיל פּרשטעהן. — לעמבערג 1891". 2 העפטען, קל׳ 8⁰, צו 78 ז"ז אין איטליכען, אַרויסגעגעבען פון ישראל דוד זיס, געדרוקט בּאַ א. וו. סאַלאַט (אויך איינע פון די לעמבערגער דרוקערייען, וואָס האַלטען זיך בּאַ דער אויסטערלישער אויסלייגונג: ז אָנשטאָט ! וכ׳). —

אין „געשיכטע פון זעלטענעם ברית אונ א גענאַרטע חתונה" [1]) וואַרפט זיך דורך די ליטעראַרישע פורם [2]), באַ דער דיאַלעקטאָלאָגישער אַלס נורם [3]).

י. ל. פּרץ פלעגט געברויכען די פורם מיט אויסלויט-ן. אויב ס'איז באַ אים אַמאָל צו טרעפען „וואָרום", — איז עס שוין אַ צופאַסען זיך צום ליטעראַרישען מנהג [4]).

אויך אין „ד"ר בירנבוימס וואָכענבלאַט" (טשערנאָוויץ 1908) קען מען טרעפען די דיאַלעקטאָלאָגישע פורם [5]). —

---

[1]) ...„טהעאַטער אין פיער אַקטען פון אולריך קאַלמוס. ווארשא תרמ"ב (דערלויבט פון דער וואַרשעווער צענזור דעם 4 אַפּריל א. סט. 1885!), 8°. פּאַגינירט לויט די אַקטען, מחמת דאָס ווערקעל איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אין וואַרשע אויך אַקטענווייז (אונטער די נעמען: „דער פרעהליכער מאַרשעליק אָדער וויא אַזוי מען מאַכט לוסטיג אויף אַ התונה", „מענדעלע מיט גענענדעלע אָדער וויא אַזוי זאָלל מען שניידען? אז עס איז נישט קיין יונגעל!", „דאָס יונגע פּאָאר פּאָלק פון פינף אונ אַכציג יאָהר", „די פאַרביטענע כלה אָדער לוסטיג אונ לעבעדיג"). —

[2]) I 9; II 10; III 5, 7. —

[3]) I 13, 15, 17; II 6, 10, 12, 13; III 7, 17, 19, 21, 55 (== 23); IV 5, 6, 10. —

[4]) דאָס איז אַטבעסטען צו באַיבאַכטען אין די ערשטע אויסגאָבען פון זיינע ווערק.

אַזוי, אין די „שריפטען" (פינפטע פערגרעסערטע אויפלאגע מיט אַ נייע אבטיילונג פון דראמאטישע ווערק", 2 בענדער. ווארשא 1901): „וואָרען" — I 22; III 3, 56, 65, 70, 94, 107, 110, 143, 170, 189, 198, 201, 221, 258, 260, 266 א. אַ. וו., 298, 301, 303, 304, 310 א. אַ. וו.; V 16, 18, 23, 30 א. אַ. וו. — „וואָרום" — בלויז III 28; V 15, 22, 24 א. אַ. וו. (זייער זעלטען).

דאַגעגען, אין נייערען אייסגאַב פון פּרץ'עס ווערק (אין 10 בענדער) הוט דער קאָרעקטאָר אַיפּריק פּראָטעזשירט דער ליטעראַרישער פורם. אַזוי, למשל, אין די „פאָלקסטימליכע געשיכטען" (וואַרשע 1913), ז"ז 15, 20, 30, 42, 49 א. אַ. וו., א. אַ. וו.; „וואָרען" וואַרפט זיך שוין דורך בלויז אַלס אויסנאַם (ז"ז 122, 127 וכ'). —

[5]) למשל, נ' 5 ז' 9. —

אַנמערקונג. — אין י. אַקסענפעלדס „געגאַרטע וועלט"[1]; בײַ מאָני דעינאַטש l.c.[2]; אין „פרנס המתגאה"[3] — בּאַגעגענען מיר פאַראַ געשטאַלטען פון דער קאָניונקציע גלײַך געבּרויכט.

אויך אין „ר' שמכה פלאַכטע"[4] [„וואָרום" (ז' 37), „וואָרען" (ז' 19)]. —

123 § — [צוזאַב]. — 1) אַ גאַנץ וואָרט (געוויינליך, אַ אייניזילביקס) קען ואין ענקליטישער שטעלונג) פאַרלירען דעם וואָקאַל, און דער אויסלויטנאַזאַל ווערט

---

[1] „וואָרום" (ז"ז 21, 24, 29), „וואָרין" (ז"ז 15, 20, 22, 30, 37, 52, 68, 105, 110, 111). —

[2] דאָס ערשטע געשטאַלט — ז"ז 39, 76, 80, 81 א. אַ. וו.; דאָס צווייטע — ז"ז 9, 48, 71, 73, 86, 91, 98, 100, 128 א. אַ. וו.). —

[3] די פורם מיט אויסלויט-m: ז"ז 9, 32, 36, 39, 43, 51, 66; די פורם מיט אויסלויט-n: 34, 38, 43, 46, 51, 54, 61, 62, 69. —

[4] „ר' שמכה פלאַכטע אָדער דער וועלט שווינדלער. — יעדער מענטש וואָס ווירד דיא מעשה לעזען, ווירד האָבּען גרויס פערגעניגען, יונג אונ אַלט, אָרעם אונ רייך, וועלען זיך פרייען אַלע צוא גלייך. דיא מעשה ווירד דעם לעזער מאַכען וואַכען, יעדער וואָס ווירד לעזען, ווירד מוזן לאַכען". („הערוים געגעבען פאָן ר' יעקב מארגענשטערען הנקרא יעקיל לעהרער אוים לאדז. הערוים געגעבען דורך ר' יעקב מאיר סענדאטש אין לאדז"). דערשינען אין וואַרשע תרמ"ב-1881 (דערלויבּט פון דער קיעווער צענזור דעם 18 סעפּטעמבּער אַ. סט. 1881), 54 ז"ז אין 8°.

די אויסגעצייכענטע עכט-פאָלקסטימליכע סאַטירישע מעשה איז אַ סך מאָל איבערגעדרוקט געוואָרען. אויך אין ווילנע, תרנ"ה-1895 („הערוים געגעבען פאָן ר' יעקב מארגענשטערען הנקרא יעקיל לעהרער אוים לאדז. בהוצאות בית מסחר הספרים של ר' יצחק פונק בווילנא").

דער ערשטער פון די „הערויסגעבּער" איז אודער דער מחבר אודער (וואָס וואַרשיינליכער) דער פאַרשרײַבער (אויס'ן פאָלקסמויל) פון דעם ווערקעל.

„שמכה פלאַכטע", אודער: „שמכה פלאַכטע מיט די טעפּ" איז אַ זייער פאַרשפּרייט וואַ-שעווער רעדענסאַרט. ווערט געבּרויכט וועגן איינעם, וואָס איז שטאַרק פאַרטון אין עסען, הוט גור אין זינען די אכילה, רעדט תמיד רק פון פרעס. —

דאַן סוֹנאַנטיִזיִרט. — איִן קרעמעניִץ (איִן שנעלען רעדען): „כ׳ביִןשנ[1] דאָ!", „ביִסטשנ[2] דאָ?", „כ׳וויִשנ[3] שלאָפנ", „מיִקולשקנ"[4] [זעי אויך §§ 67, 70, 78].

2) עס קען דערבײַ פאַרשוויִנדען אויך דער אָנלויטקאָנסאָנאַנט פון דעם ענקליִטיִשען וואָרט (זעי §§ 67, 78).

אָנמערקונג. — העברעיִשער נומען: בעזנ [וואַרשע, סקערניעוויִץ, לוי־וויִטש, בערזשיִן[5]] ═══ „בית־דין"[6]. —

§ 129 — צו דעם, וואָס איִן § 67 געזאָגט, אַ פּאָר בײַשפּיִלען פון אַנ׳עלטער ספר[7]: ...„מען זאל שיקן על הגאצט אין אלי שטעט אז איך האב גוזר בחרם גיוועזן אז מען

---

[1]) „כ׳ביִן שוין". — [2]) „ביִסט שוין". — [3]) „כ׳וויִל שוין". —

[4]) מִכָּל־שֶׁכֵּן (ספּ׳־יהואש 157). —

[5]) אויך ספּיִוואַק־יהואש 27. —

[6]) דער ת (ד. ה. דער שטיִמלאָזיִקער צאָנספּיִראַנט) איִן אויסלויט פון הויפּטוויִקער זיִלב ווערט פאַר׳ן נאָכפאָלגענדיִקען שטיִמהאַפטיִקען עקספּלאָזיִוולויט אַלײַן שטיִמהאַפטיִק (ד. ה. גײַט־איִבער איִן ד), און דער d אַסימיִליִרט זיִך מיִט איִם. —

[7]) „צוואות מורינו ורבינו הנשר הגדול הגאון המפורסם איש אלקים קדוש הוא נשיא בארעא דישראל תוב״ב ורבן של בני הגולה כבוד מהורר נפתלי הכהן זצ״ל" („נדפס ע״י הרבני מו׳ מנחם מן במו׳ ברוך ז״ל—פה ק״ק ווילנא יע״א—בשנת תקס״ג לפ״ק"), קל׳ 8°.

אַרויסגעגעבען, ווי ס׳איִז צו זעין פון איִבעריִקען טעקסט אַפ׳ן שער־בלאַט און פון דער הקדמה, דורך אײַנעם „בנימין הצעיר לבית לוי מק״ק מעליץ יע״א": איִן יאָר תקמ״ז (ווו? בלויז העברעיִש; 16 יאָר שפּעטער, איִן וויִלנע, מיִט אַ קורצען תמצית אַף ייִדיִש אונטער׳ן העברעיִשען טעקסט [מחמת: ...„ורבים חלו פני שוב שנית להרפיסו בביאור המלות חמורות ותמצית ענינו לבאר בלשון שהכל משתמשין בו כדי שיהי׳ יד כולם שוין לטובה בספר הזה" (אויס דער הקדמה)]. — דאָס, וואָס בן־יעקב (ז׳ 507 נ׳ 46) ברענגט, אַז דאָס ייִדיִשע קומט ערשט איִן אַ שפּעטערדיִקען (גראָדנער) אויסגאַב, איִז, אַלזאָ, ניִשט ריִכטיִק; אויך איִז ניִשט ריִכטיִק דאָס, וואָס ער רעכענט דעם אויסגאַב פון יאָר תקמ״ז פאַר דעם ערשטען [דאָס ספר איִז אַרויסגעגעבען געוואָרען (ווי ס׳דערמאַנען טאַקי ווידער דער שער־בלאַט און די הקדמה פון וויִלנער אויסגאַב) נאָך פריִער (לויט דער רוס׳־ייִד׳ ענציִקלאָפּעדיִע IX 624,

ואל מיך נימ משפיד זיין ניט א ו י פ י ן [1]) בית עלמן אונ פשיט׳ ניט אין שולן״...; „בשעת לתי׳ ב י ז ן [2]) קבר זאל מען לייגין אויף דער מטה מיין ספר ברכת ה׳״...; ...„אונ מכווין צו זיין צו מאכן גרינג דיא ז׳ דינים וואש נ א כ ן [3]) טוט״; ...„מען זאל ברענן וועקסעני ליכט איין גאנץ יאר ביז נ א כ ן [3]) יא״צ״...; „אין דער התחלת גסיסה זאלין אלי זיך טובל זיין וואש ווילן ארום מיר עוסק זיין נ א כ ן [3]) טוט אונ באם ח״ו פש [4]) וועט גיווערן די גסיסה איין טאג אזו נאך מיין טוט זאלן זיא זיך ווידר טובל זיין״; „מסירת מודעא וואש מען נהער טאן פ א ר ן [5]) טוט באם ה״ו איך וועל מבולבל זיין אזו גיב איך כח ורשות צו דיא וואש שטייאן בייא מיר אז זיא זאלין פון מיינט וועגין דיא מסירת מודעה מאכין אונ זייער טאן איז גלייך וויא איך וואלט גיטאן״; ...„דארטן בעה״ב ווערט ער זוכה מקבל פני השכונה זיין ווען ער שאצט בעה״ז דעם שכר מצוה קעגין איר שאדין אונ ער פר ריכט פ א ר י ן [5]) טוט דאש וואש ער האט מקלקל גיוועזין״ [6]) ...

אין מ. מ. ל ע פ י נ - ל ע ווי נ ס קהלת-איבערזעצונג: „א ו נ ט ע ר ן הימעל״ (ח׳); „א ו י פ׳ ן חשבון״ (י״ז), „א ו י פ׳ ן עסק״ (ח׳), „א ו י פ׳ ן פרייליכקייט״ (י״ד), „א ו י פ׳ ן רות״ (י״ג), „א ו י פ׳ ן רעכטין אָרט״ (כ״ב), א. אַ. וו.; „מ י ט׳ ן ווייב״

---

אין א מ ס ט ע ר ד א ם 1729), און דער „מביא לבית הדפוס״ איז געווען ר׳ נפתלים איינִיקעל, ר׳ ש מ ש ו ן ב׳ י צ ח ק].

דאָס ביכעל (געדרוקט אַף בלאָ פּאַפּיר) איז ניִשט פּאַגיניִרט (כולל, מיט׳ן שער, 44 ז״ז, אַף וועלכע דער יידישער טעקסט, געזעצט מיט מאַשקעס, פאַרנעמט ארום-און-ארום 245 שורות, ד. ה. ניִשט מער ווי 7 ז׳). —

[1]) „אַף דעם״. — [2]) „ביז דעם״. — [3]) „נאָך דעם״. —

[4]) דרוקפעילער; דאַרף זיין: „ע ש״. — [5]) „פאַר דעם״. —

[6]) כ׳הוב נוך אַנ׳אויסגאַבּ פון דעם ווערקעל (גרעסער 8⁰, פּאַגיניִרט; צום באַדויערן, אָהן שער-בלאַט; די הקדמה—דיִאייגענע, וואָס אין ווי ל נ ע ר אויסגאַבּ; ס׳איז, קענטיק, אַ שפּעטעריקער איבערדרוק, מעגליך דער ג ר ו ד נ ע ר, וועלכען ב ן - י ע ק ב דערמאַנט); דאָס יידישע איז דורטען קוים-קוים מאָדיפיציִרט אין לשון (אַנשטאָט „ווען ער ווערט שטארבן״ פון ווילנער,—„ווען ער וועט ט ו א ן שטארבן״, וכ׳), און אין דער אויסלייגונג (ניִשט „מ ע נ ט ש״, ווי אין ווילנער, נור „מ ע נ ש״, וכ׳), — געפינען מיר אין דעמדוזיקען איטגאַב, אין די אַנטשפּרעכענ-דיקע שטעלען: „א ו י פ י ן בית עלמין״ (י״ב), „ער פאר ריכט פ א ר י ן טויט״ (ו׳), אובער: „ב י ז ד ם קבר״ (י״ב), „נ א ך ד ע ם טוט״ (י״א b), „ביז נ א ך ד ר יא״צ״ (י״ב b) „נ א ך ד ע ם טוט״ (י׳ b), „פ א ר ד ע ם טוט״ (י׳ b). —

כ'), „מיט'ן נארם גירעבֿניש" (ז') א. אַ. וו.; „פארין גאנצין אינטערים" (ז'), „פאר'ן טעניש" (l. c.), א. אַ. וו. [1]). —

§ 130 — צו דעם, וואס אין § 70 באהאנדעלט, עטליכע ביישפילען אויס „דיא געהיימניסע פין יענער וועלט" (ווארשע 1865), ז' 124: „בלינדע מענשין. צוא ווייסט עטין שוין פריער וואס וועט זיך דער נאך מיטין [2]) טהין? — עטין זאָגט פארין [3]) אין קלעהרטס טאג אין נאכט"...

אין „מגילה ישרה פין מפלת המן" [4]): „האט זיא זיך געך [5]) צו געריהרט, אונ האט גיהאפט אשאף האניק, אונ איז ארויף גילאפין אויף דעם גאניק, אונ האט גיזאגט אז זיא וועט יא מאכין אגילאכטער [6]) אויסין [7]), אונ האט אויף עם [8]) דם שאף האניק ארויף גיגאסין"... (ז' 40); „...אונ [9])

---

[1]) איבער: „אינ'ם גרוב" (כ"א), „אינ'ם הארצין" (ה'), „אינ'ם מויל" (י"ד) א. אַ. וו.; „פינ'ם אנהייב" (ה'), „פינ'ם מענשין" (ט'), „פינ'ם גארין מעניש" (ט"ו) א. אַ. וו.; „צום בויען" (ח'), „צום אויסלאָזן" (ח'), „צום משפט" (כ"ד). —

[2]) „מיט עים" (מיט דעם נײַגעבוירענעם יונגעל). —

[3]) „פאַר עים". —

[4]) „מגילה ישרה פין מפלת המן באזעצט אויף ווערטער גלייכע, עס זאל ניצין פאר ארימע אין פאר רייכע, פאר דעם גאנצין גמיין, גרויס אין קליין, זאלין פארשטיין, יעדער בזונדער, אפילו קליינע קינדער, גאנצין ווינדער, אין גאנצע ניסים, דורך מרדכי ואסתר זכרונם, מיא ברויך אשבח גבּ"ה אפּ צו געבין! וויל ער האט אונז גילאזט לעבין! אויף דער וועלט, אין ניט קארג זיין אויף געלט! ווייא עס איז נאר איין אופין! זאל מען זעהן דאס קויפין! דיא מגילה! ובזכות זה וועט מען זוכה זיין צו דיא גאולה! — מספר שמי, כשם הספר כך הוא. שנת מפלת המן פה קראקא. 1884", קל' 8°. — [אף ז' 52 אלס מחבר אנגעוויזן: „יחיאל ישראל דזאבנער מאוסטראוויצא" („Israel Iechiel Dzabner in Ostrowza"); די גימטריא פון „יחיאל ישראל" איז דוקא מיט 3 קלענער ווי די גימטריא פון „מגילה ישרה"...]. —

[5]) == „גיך". — אין ווארשע: „געיוך" (אַרוועַרב), „געיכו" (קים-פאַר'). —

[6]) געלעכטער. — [7]) „אויס עים". —

[8]) אלס נורם, ווערט אין דעם ביכעל געברויכט „עהם" (זעי ז"ז 7, 8, 10 א. אַ. וו.), ד. ה. „עים". — [9]) == „אין" (וו-ניט-וו ווארפט זיך דורך אין דעם

דעם [1]) זענען גיקומען דוי[2]) שלוחים פון מלך און האבן אופין[3]) גיזאגט[4]), פון דעם מלך מיט אפקודה, אז ער זאל אהין גיין אין[5]) די געך צו אסתרין אוף דר סעודה"... (ז' 43); „און דר מלך האט גינקם גישראפין, וויא אסתר המלכה האט גישריגען אופען[3])"... (ז"ז 47—48).

אויך י. ל. פ ר ץ געברויכט די דיאלעקטאלאגישע געשטאלטען. אזוי, למשל, אין „מ א נ י ש" [6]) [„וואהל איז דער מאטען, וואס וו ע ט' ן [7]) ערציה'ן"]; אין „ב ע ל ע ג ל ה" [8]) [„די כהות די יונגע ענטלויפען אוועק — ווער קיין אמעריקא, גאט ווייסט ווי ס'ג ע ה ט' ן"... [9]) ]; אין „ה א ש ה מ ר ת ה נ ה" [10]) [„האט גענאבט דאס פעקיל מיטן מאן און ביסט מ י ט' ן [11]) אוועק אין זיין שטאטיל אריין"; „דער מאטע, עליו-השלום, האט זיך מ י ט' ן[11]) מישדך געוועזען"... ; ...„און געה מ י ט' ן [11]) צום רבי", א. א. וו.]; אין די „פ ו ל ק ס ט י מ ל י כ ע געשיכטען" [12]) [„ווערט ער פלוצים נעלם, גלייך די ערד וו א ל ט' ן [13]) איינגעשלונגען" (ז' 97); „געהט חיים-יונה, נעהמט דעם לעפעל, פ ע ר ק ו י פ ט' ן"... [14]) (ז' 98); „מען ה א ט' ן [15]) מעביר געווען פון שחיטה" (ז' 106); „איך ה א ב' ן [16]) וואס אמאל עלטער און עלטער געזעהן" (ז' 108); „צום בעל-שם פלעגט פאהרען איין אויפגעקומענער עושר, א י ז' ן [17]) מאקי נישט געווען אויסצוהאלטען. איך וו ע ל' ן [18]) אפילו אנרופען בי'ים נאמען... מען וו א ל ט' ן [19]) גע'דורס'ט"... (ז' 113); „מען ה א ט' ן [20]) דארט אנגענומען מיט איין אנת'ן סבר פנים יפות" (ז' 115); „דער שווארץ-יאהר וו י י ס ט' ן" [21]), „מען ז א ל' ן [22]) נישט בע'גנב'ענען", „דער קאנדאן מ ר א ג ט' ן" [23]), „עס פ ע ר ד ר י ס ט' ן [24]) אביסעל" (ז' 116);

---

ווערקעל, אפ'ן לעמבערגער שטייגער, ? אלס גראפישער איבערגאב פון ווקאל ?). —

[1]) „א י נ ד ע י ם" — פויליש-יידישער אדווערב (== „פלוצלונג, אינמיטען, אינמיטען-דערינען, דא"). —

[2]) „ד י" (זעי אנמ' 9' אף ז' 227). —

[3]) „א ו ף ע י ם" (== אף אים). —

[4]) „געזאגט". — [5]) „א י ן" (זעי אנמ' 2). —

[6]) „ש ר י פ ט ע ן" (ווארשע 1901), II, ז' 43. —

[7]) == „וו ע ט ע י ם". — [8]) l. c. ז' 86. — [9]) == „ווי ס'גייט עים". —

[10]) l. c. 299, 301, 303. — [11]) == „מיט עים". — [12]) ווארשע 1913. —

[13]) == „וואלט עים". — [14]) „פערקויפט עים". —

[15]) „מ'האט עים". — [16]) „האב עים". — [17]) „איז עים". — [18]) „וועל עים". —

[19]) „מען וואלט עים". — [20]) „מען האט עים". — [21]) „ווייסט עים". — [22]) „מען זאל עים". — [23]) „טראגט עים". — [24]) „עס פערדריסט עים" —

„געהמט איהם עמיין אָן פון הינטען און זעצט'ן [1]) צוריק טראָב אויף דער באַנק" (ז' 117), א. אַ. וו. [2])]. —

## געדעקטער חֹ.

§ 131 — 1) אויך ער איז אין יִידִישען אַנ'אָפטע דערשיַינונג.
2) מִיר זעיען אִים: וואָרט-אַ־יַן, וואָרט-אוֹיס און וואָרט-אִין. —

§ 132 — [וואָרט-אַין]. — 1) דאָ איז דער סוֹנאַנטִישער נאַזאַל געדעקט מִיט דעם אָנלויט פון וואָרט, פאַר וועלכען ער שטיַיט פּרוֹקלִיטִיש.

2) דערדוזִיקער אָנלויט קען זיַין זוגאַר נאַזאַל, אוֹדער אפילו וואָקאַל [3]) (זעי § 68). —

---

[1]) „זעצט עים". —

[2]) אִין דִי ערשטע אויסגאַבען פון פרצעס ווערק קומט אופטמאָל פאָר דִי פאָרם: „אִיהן". — אַזוי, צ. ב., אִין „בעל-עגלה" („שרִיפטען", ווארשע 1901; II 87): „צו וועל איך איהן זעהן נאָך?"; — אִין „אַ שמועס" (l. c. V 13—14): „די פּיוערדיגע נשמה וואָלט איהן פערברענט", „מען האָט איהן טאַקי געפראָגט!"; — אִין „שהשמחה במעונו" (l. c. 16): „עס גלוסט זיך איהן גאָר נישט צו טרינקען", „זעצט מען איהן אַוועק ביי די דינסטען אין קיך"; — אִין „צווישען צוויי בערג" (l. c. 19, 20, 30): „האָט ער איהן געלאָזט אָבגאָלען", „עס האָט איהן בעגאָססען אַ שווייס", „ער האָט איהן אַרויסגעפיהרט"; — אִין „אַ גלגול פון אַ נגון" (l. c. 33, 35): „אַ נגון ווי מען זינגט איהן!", „געהמט אַ נגון אונ צושניידט איהן!" א. אַ. וו.

דער „איהן" אִיז דאָ אִי אַקוזאַטִיוו, אִי דאַטִיוו פון פערז' פרונ' דרִיט' פ' סִינג', — דערִיבער בִין אִיך נוטה, אִין דער פאָרם צו זעין נִישט אַ דיַיטשמערִיזם, נור דאָס אִיבערגעבען פון דעם דִיאַלעקטאָלאָגִישען חֹ, אִין וועלכען עס ווערט, אִין ענקלִיטִישער שטעלונג, רעדוצִירט דער פּוילִיש-יִידִישער „עים" (לעבענטוניק, אַיִיגענטלִיך: „עם"). —

[3]) אויך דער אויסלויט פון פרִיערִיקען וואָרט קען זיַין וואָקאַלִיש (אִין נאָכהויכטוֹנִיקער שטעלונג קען, דאַגעגען, נאָך וואָקאַל קיַין חֹ נִישט קומען). —

## נ̥ = אין ווארטאויסלויט.

§ 133 — [ אין גימינאַטיוו סינג׳ פון הויפטווערטער ] . — אָ וו נ̥ ט (אין די פּויליש
און דרום-רוסלענדישע מ״ם), א ו וו נ̥ ט (אין די ליטווישע).

1) אין „ס׳ של ר׳ אנשיל״ ע״ח b : „אוֹבנט״ (צו מיט b, צו מיט ש,
איז נישט צו דערקענען).

וו י צ ע נ ה ו ז ע ן [1]) און ב ל י ץ [2]) ; די פ ר אָ ג ע ר [3]) (תקס״ה) און ז ו ל צ ב א-
כ ע ר [4]) (תקצ״ו) „צ א י נ ה ו ר א י נ ה״ ס ; „ס פ ר ת ח י נ ו ת״ [5]) (פראנקפורט דמיין
תע״ד) א. אַ. וו., לעיגען דעם וואקאַבעל אוים מיט b.

אין ווילנער כתב-יד פון נתן נטע האַנוווערס „שפה ברורה״ [6]) ; אין
„ה מ ג י ד״ [7]) (אַמסטערדאַם 1738) ; אין „מ ג י ש י מ נ ח ה״ [8]) (אַמסטערדאַם 1777—
1778) ; אין „ש א ר י ת י ש ר א ל״ [9]) ; אין דער ס ד י ל ק א ב ע ר (תקפ״ח) „צאינה

---

[1]) „אוֹבינט״ (למשל: בראשית א׳ ה׳ ; ישעיהו י״ז י״ד א. אַ. וו.). —

[2]) אויך אַזוי (ישעיהו י״ז י״ד, ירמיהו ו׳ ד׳, וכ׳). —

[3]) „אובנד״ (דף א׳ b ; רכ״ב b, וכ׳). —

[4]) „אבנד״ (דף ב׳ b), „אַבנד״ (קפ״ה b). —

[5]) „אוֹבנט״ (קפ״ה b ערשטע סעריע ; תהלים ס״ה ט׳). —

[6]) ז׳ קי״ו: „טוֹב עֶרֶב. ג ו ט נ א ב י נ ט״. —

[7]) „אוֹבינט״ (יהושע ו׳ ו׳, ח׳ כ״ט ; שופטים כ״א ב׳, וכ׳). —

[8]) „אובינט, אובנט״ (צ. ב., יחזקאל מ״ו ב׳, צפניה ג׳ ג׳ א. אַ. וו.) [אויך
אין אַמסטערדאַמער אויסגאַב פון 1793]. —

[9]) „כתר מלכות והוא חלק שני מספר יוסיפון בלשון אשכנז
„חברו ויסדרו האלוף התורני והמדקדק. איש חי רב פעלים. ה׳ה כ״ש כהר״ר
מנחם מן בן שלמה הלוי וצ״ל. ונקרא שמו בישראל ספר שארית ישראל
„איר ליבה לייט טוט גשווינד לויפן· אונ׳ טוט אייך באלד
אזו איין מעכטיג ספר קויפן· דען דא אין ווערט דר לייט אלי דיא
וואונדר געשיכטן· דיא גאט האט אן אונס יהודים טאן ריכטן· פון דיא
לייט דאם יוסיפון האט אויך געהערט לו שרייבן· אונ׳ וואו מיר יהודים
אין גלות האבן טון בלייבן· דען מיר יהודים זיין פר שפרייט געווארן
אין אלי עקין פון דר וועלט· מזרח מערב צפון דרום וויא זיא ווערן
גמעלט· השי״ת זאל ווייטר היטן דיא איבר בלייבונג פון ישראל· אונ׳
זאל אונס שיקן אונזר רעכטר גואל· דז זאל גישעהן אין קארצי טאגן·
דרויף וועלן מיר אמן זאגן:

וראינה״ י), אין דער י ג ז ע פ ו ו ע ר [1]) (תקצ״ז) און ווילנער־גרודנער [2]) (1836); אין „דרך הישר לאבן בוחן״ [3]) (האמבורג 1746); אין „מנורת המאור״ [4]) (אַמסטערדאַם 1722); אין „בן המלך והנזיר״ [5]) (זשאָלקעוו תקל״א); אין „לב טוב״ [6]) (פּאָרעצק תק״נ); אין „זמירות של שבת״ [7]) (לאַשטשוּוו תקע״ו); אין „סדר זמירות של שבת״ [8]) (קעניגסבערג תרכ״ז) זעען מיר דעם וואָקאַבעל מיט ש [9]). —

---

„נדפס שנית באמשטרדם בבית ובדפות קשמן בן הר״ר יוסף ברוך זצ״ל מוכר ספרים בשנת שארית ישראל לפ״ק״. — 1771. קמ״ו דפים, קל׳ $8^0$.

[דער ערשטער אויסגאַבּ: אַמסטערדאַם תק״א (זעי בן־יעקב ז׳ 562 נ׳ 194)].

דף כ״ט: „אוֹבנט״. —

[1]) „אבֿנט״ (א׳). — [2]) „אבינט״ (א׳ 1). —

[3]) דער נאָמען איז געשטעלט אויבּען איבּער יעדען בלעטעל באַזונדער [אַפּ׳ן שער איז ער לענגער (זעי ז׳ 182 אָנמ׳ 3)]. — „אבנט״ (ז׳ b). —

[4]) „אובינט״ (פרק קס״א). —

[5]) „אבינט״ (ל׳); — [ס׳איז דער אויסגאַבּ, וועלכען כ׳האָבּ שוין ציטירט עטליכע מאָל (זעי אויבּען 176), האַלטענדיק אים פאַר אופּיבּאַכער דרוק. אָבער מיין רעפּעקטען עקזעמפּלאַר האָבּ איך יעצט געקריגען אַ קאָמפּלעטען, מיט׳ן שער, און ס׳ווייזט זיך אַרויס, אַז דער אויסגאַבּ איז געדרוקט אין זשאָלקעוו (בּאַ בּן־יעקב׳ן נישט רעגיסטרירט). — אַ גענויע אָבּשריפט פון טיטעלבּלאַט — אין איינער פון די ווייטערדיקע אָנמערקונגען אונטער׳ן טעקסט]. —

[6]) ...„אוך איז דר דרך ארץ דז ער איין איטליכן איז מחויב צו ענטפרן דר אים שלום גיבט אדר גוטן מרגן אדר גוטן אובנט״... (פרק חמישי). — אין יוזעפוּוער אויסגאַבּ (תקפ״ז) דף ל״ב: ...„איך איז דרך ארץ דש ער איין איטליכן מחויב צו ענפרן דר אים שלום גיבט אודר גוט מארגן אודר גוט אובנט״... — אין דיהרנפורטער (תקס״ח), ל׳: ...„אך איז דרך ארץ דאש ער איין איטליכן איז מחויב צו ענטפרן דער אים שלום גיבט אדר גוט מארגן אדר גוט אובנט״... —

[7]) ה׳ b: „אָבִינְט״. — [8]) כ׳ b: „אָבוּנְט״. —

[9]) ליפשיץ 2: „אָוועגד, אָוועגט״ (דער ע על פי מיספאַרשטענדעניש); הורוויץ 15: „אבענד״ (ב׳ אָהן דגש); דרייזין 55: „אבענד״ (זעיט־אויס, מיט b); האַרקאַווי 8: „אַבענד״ (מיט b).

2). — אין דער לעבעדיקער פאלקסשפראך קומט דער וואקאבעל, אלס גומען, זייער זעלטען פאר. טערסטעגטיילס איז ער באקאנט נור אין דער באגריסונג „גיט-נאָוונט״ [1]).

אין טקסטענפעלדס „ערשטען יור׳ רעקרוט״ 43: „אַגיטער נאָווינט ליפּישע!״... — אין א. קאלמוסעס „געשיכטע פון זעלטענעם ברית״... II 4: „אַגוטער נאָווינד אייך מלכּה״. — אין „דיא חברה קדושה סעודה״ 12: ...„און זאָגט גוט נאָווינד דבורה״... —

§ 134. — געיגנד [2]) (קרעטעניץ א. א. וו.).

אָנמערקונג. — אין ווארשע, פולטוסק, דרילטש, פשיבישט: געיגנ [3]).

„דאס ליד פון ראבאניק״ 22: „דיא פּיינסקע [4]) מיט דיא שליסקע [5]) ביידע מיט אמאהל דאָרט האט מען געראבירט דעם גאַנצען געגין״.

„מגילה ישרה פין מפלת המן״ (קראָקע 1884): „ניא ממוכן איז געגאַנגען אויף אַלע וועגין, פין דעם גאַנצען געגין, זיך נאָך צו פּרעגין״... (ז׳ 13); „וואָס איז דיר געלעגין, הויקא אַזעלכי ווייטע וועגין, דיא וואַלסט

מה״ד (לעק׳ 1): âbent; אין די עלזאסישע דייטשישע מ״ט: owe (בעהאגהעל 184). —

[1]) עווענטועל: „גוטנווונט״. —

[2]) נאָכקלאסיש מה״ד: gegenôte, gegende (קלוגע 162). — ליפשיץ 69: געגענד [ער איז מיט דעם -נ- אין ווארטאויסלויט אַביסעל נישט זיכער; דערמיט לווט זיך דערקלערען דער ע פאַר n אין זיין אויסלייגונג פון דעם ווארט; (זעי אויך אָנמ׳ 9 אונטער׳ן טעקסט אף ז׳ 231)]. —

[3]) אויך מה״ד וויסט פון דער לעבענפורם אָהן דענטאלען עקספלוזיוולויט: ge-gene (קלוגע l. c.). —

[4]) מיט דעם „יי״ פרווט זיך דער אויטאר איבערצוגעבען דעם פוילישען שטארק פּאלאַטאליזירטען n, וואס אין זיין אויסשפראך שפּירט זיך ווי א j-פורקלאנג. —

[5]) די ווארשעווער גאַס Ślizka. — וועגען דעם ש- זעי אויבען ז׳ 174 אָנמ׳ 4 אונטער׳ן טעקסט.

אין דעמזעלביקען ביכעלע ז׳ 14: שילעץ (אזוי ווערט פון די ווארשעווער יידען אויסגעשפּראָכען דער נאָמען פון דער פורשטאָדט Sielce); אף ז׳ 4: גענשע גאַס (יידישע אויסשפראך פון Gęsia אין ווארשע). — די ווארשעווער יידען רופען זייערע גאַסען: שענע (Sienna), שלעפּע (Ślepa), וכ׳. —

דֶעך גִיקֶענְט נָאךְ פְּרֶעגִין, גָאר אִין דֶעם הִיגֶען גִ׳עגֶען״... (ז׳ 14). —

§ 135 — טשאָלְנְט [1]) [וואַרשע, פּאָלטוּסק, לובלין, אופאַלע, דראָלטש, לודוש, כאָמפּאָלנע, קרעמעניץ א. אַ. וו.), טשוֹלְנְט (שקלאָוו א. אַ. וו.):

1) אין די פּוילישע און דרומרוסלענדישע מ״ם געוויינליך מיט טש- אין אָנלויט; אין אייניקע ליטווישע: מיט צ-; אין גאַליציע [2]): מיט ש- [3]).

אין דער ליטעראַטור: האַרקאַווי 170: „טשאָלענט״ [4]); — אויך: אין „חיים׳ל דער קצין״ 9 [5]); באַ שאַצקעס l. c. 16, 17 [6]); באַ א. קאַלמוס l. c. III 5, 17 [7]); אין „די חברה קדושה סעודה״ 26 [5]); אין „פּרנס המתגאה״ 31 [8]); באַ פלטיאל זאַמאָשטשין [9]) 4; באַ יואל לינעצקי II 109 [10]). — עטינגער l. c. 165: „ס׳צאָלענד״ [11]); אין אַ נײַערען אויסגאַב פון

---

[1]) אין די פּויליש-יידישע מ״ם מיט איבערלאַנגען שטאַמוואָקאַל.
אין דיזועלביקע מ״ם: זאַכליך געשלעכט; אין קרעמעניץ: ל״ז.
אין קילנע: „טשוּנט״. —

[2]) ציִ שטענדיק? — [3]) זעי „זאַטעלביכער״ II 172. —

[4]) ל״ז. — מ״צ: „טשאָלענטען״. — [באַ ליפשיצן און הורוויצן לגמרי נישט געבוכט!].

[5]) אויסגעלייגט מיט i אין ענדזילב. — [6]) ל״ז. —

[7]) „דָאס טְשָׁאלִינְד״. —

[8]) „דאס טשאָלינט״. —

[9]) „נור אַדְאקְטָאר! א קאָמעדיִע אין 1 אקט... ברדיטשוב תרמ״ט (1889)״, 8°. — [אַ נישקשהדיקער פאַרס אין לײַכטע פערזען, אָנגעשריבען אין שיינעם עכט-פאָלקסטימליכען יידיש]. —

[10]) ...„אַ יודענע איז געגלעכען צו׳ן אַ לאָקשענטאָפּ: הײַנט ריקקט מען איהם אין טשולענט און מאָרגען איז שוין נאָכ׳ן קיגעל!״. —

[11]) גולומב 318: „צָלִי (שמות יב. ט) געבראָטענע, צוֹלִין (פסחים עד:) מען בראַט. דערפון שטאַמט „צלין׳ט״ — די מאכלים וואָס בראָטען זיך אין אייפען פון פרייטאָג ביז מאָרגען אויף שבת צו מיטאָג״. (אַ ענליכע בית-מדרש-עטימולוגיע — „זאַמעלביכער״ II 172).

צו דערקלערען די עטימולוגיע פון דעם וואָקאַבל, פון וועלכען ס׳איז די רייד, ציט לעופּולד צונץ („Die gottesdienstlichen Vorträge der Iuden, historisch entwickelt“... Berlin 1832; s. 439) צו דאָס איטאַלעניש

„ס׳ דרך הישר לעולם הבא״ [1]) 180: צָאלִינְט.

עלטער איז דער ש-אָנלויט (זעי פּ׳ 2 פון דעם §). — זול דער איבערגאַנג פון ש- אין טש-, ד. ה., אייגענטליך, דאָס צוקומען פון ט- צום אָנלויט-ש, זיין דערשיינונג פון אַ מין הינטערוויילעכין-אַסימילאַציע? [2]). —

2) אין דער אַלטער ליטעראַטור — געוויינטליך אָהן נאַזאַל. באַ גליקעל האַמעל 298: ...„אלו האט מאן אונש גיבראכט עכין אונ׳ איין חתן שאליטכי [3])

---

scaldato; איגנאַץ בערנשטיין („יודישע שפּריכווערטער און רעדענסאַרטען״, וואַר-שע 1908; „גלאָסאַר״ 78) — דאָס אַלטפראַנצייזישע chauld („היים״). —

[1]) נאָכ׳ן טיטעל לייענען מיר: „אִין דֶעם סֵפֶר גֶיפִינְט זִיךְ זֵייעֶר נֵייטִיגֶע דִינִים פוּן שׁ״ע הַיְינוּ פוּן ק״ש וּתְפִלָה וּתְפִילִין · מְלִיחָה · אִיסוּר וְהֶיתֵּר · נִדָה חַלָה הַדְלָקָה אוּנ נָאךְ פִיל נֵייטִיגֶע דִינִים וְהַנְהָגוֹת · אוּנ זֵייעֶר שֵׁיינֶע סִפּוּרִים אַרוֹיס גֶינוּמֶען פוּן גְמָרָא וּמִדְרָשִׁים אוּנ פוּן פִיל הֵיילִיגֶע סְפָרִים וִויא דֶער מֶענְשׁ זָאל זִיךְ פִירְן אִין זַיין לֶעבְּן עֶס זָאהְל אִיהְם גוּט זַיין אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ זָאל זוֹכֶה זַיין צוּא פִיל גוּטְין בעוה״ב וֶועלְכֶר מֶענְטְשׁ עֶס וֶועט דִיזֶען סֵפֶר לֶערְנֶען · וֶועט אִיהְם דֶער סֵפֶר אִין דֶער רֶעכְטֶער וֶועג פִירְן אוּנ עֶר וֶועט זוֹכֶה זַיין צוּא זֶעהֶן בְּנֶחָמוֹת צִיוֹן ב״ב אָמֵן:

„דִיזְן נוּצְלִיכְן סֵפֶר הָאט מְחַבֵּר גֶיוֶוען דֶער זֶע׳בִּיגֶער רַב וָואס הָאט מְחַבֵּר גֶיוֶוען דֶעם טַייעֶרין סֵפֶר קִיצוּר שׁל״ה:

„ווילנא בדפוס החדש ר׳ יהודה ליב בן המחוקק ר׳ אליעזר ליפּמאַן מ״ץ נ״י, שנת תרל״ד לפ״ק״ (1874), קל׳ 8⁰.

אונטער „הקדמת המחבר״ אונטערגעשריבען: „כ״ד הקטן יחיאל מיכל בהר״ר אברהם סג״ל ז״ל עפּשטיין״ [ס׳איז דער מהבר פון „קיצור שני לוהות הברית״ (אין יידישער איבערזעצונג — „עץ חיים״); זעי אויבען ז״ז 160—161].

„דרך הישר לעולם הבא״ איז אַנ׳אָריגינעליש יידיש ווערק. דערשינען פראַנקפורט-אַם-מיין תס״ד; איבערגעדרוקט דורטען תע״ג, און תע״ז און תמ״ה (?); דערנאָך שקלאָוו תקנ״ו (זעי בן-יעקב ז׳ 117 נ׳ 438)]. —

[2]) אונטער דער ווירקונג פון אויסלויט-t קומט-צו אַ ט אין אָנלויט. — [די גוטשעיער (דייטשישע) מונדאַרט הוט: trischtrug (=Tischtruhe); מהר״ר קען די פורם zweswe (=zeswe), — בעהאַגהעל 187 זעים אין דער r נאָכ׳ן אָנלייט t (אין ערשטען וואָקאַבעל) און אין דער w נאָכ׳ן z (אין צווייטען) אַ דער-שיינונג, וואָס איז „פאַרוואַנדט מיט אַסימילאַציע״]. —

[3]) ד. ה. אַ „חתן-טישאָלענט״. —

וויא עס תוך אשכנז הסידר איזט"...; אין „סדר תחינות" (פראַנקפורט אַם־מײן 1714) קצ"ה b: „מן זאל גיוואַרנט זיין דש איין טייל לייט נעמן אן פרייטיג דען שאלט[1]) אידר קוגיל לו דען ברכת ווען זיא קיין שיעור חלה האבן דיא טוכן ניט רעכט הייסט איין ברכה לבטלה"; אין זולצבאַכער[2]) „שמחת הנפש" ס"ח: „איין טייג דש מן קנעט לו שאליט אדר לו פרי.וזילש"...[3]); אין דיהרנפורטער[4]) „לב טוב" מ"ג[5]): ..."דרוס טאר מען אך שטעלן דש[6]) שאליט"...

---

[1]) ל"ז. —

[2]) דער שער־בלאַט — ווי אין דיהרנפורטער אויסגאַב (זעי אויבען, ד' 180), בלויז מיט קליינע גראַמאַטיקאַלישע ניואַנסען אין דער שפּראַך. — „נדפס בק"ק זולצבאך יע"א בבית ובדפוס כהר"ר זעקל יצ"ו בן כהר"ר אהרן מדפיס ז"ל בשנת המברך את עמו ישראל בשלום לפ"ק" [תקנ"ז; באַ בן־יעקב: תקנ"ח (?)], 4°. — צום סוף: „איין שין התעוררות ליד בניגון אבליך יגון ואנחה מיוסד ע"פ א"ב בכל ראשי הרוזת" (אין דיהרנפורטער אויסגאַב — נישטאָ). —

[3]) אין דיהרנפורטער אויסגאַב געפינט זיך די שטעלע אף דף נ"ב. —

[4]) דער שער אין אַ רעמעל, איבער וועלכען די אויפשריפט: „זה השער לה' צדיקים יבואו בו", נאָכ'ן טיטעל („ספר לב טוב"): „איר אלי מאכן... אמן סלה"... (ווי אין יוזעפאָווער אויסגאַב — זעי אויבען, ז"ז 168—169, — בלויז מיט נישט וויכטיקע ניואַנסען אין דער אויסלייגונג), און: „אונטר דיא רעגירונג דער פרויא אנטאינעטע לוויזעאמאליע פערוויטוועטע שטאַאטס מיניסטער גרעפין פאן האיום געבאהרנע גרעפין פאן דיהרען עקצעללענץ: נדפס בק"ק דיהרנפורט בבית ובדפוס ה"ה ר' יוסף מייא בשנת תקס"ח לפ"ק", 4°.

דער אויסגאַב (באַ בן־יעקב'ן נישט רעגיסטרירט) איז כולל אַלע 20 פרקים, און איז פולשטענדיקער פון יוזעפאָווער, וועלכער איז, פונ'ם 7־טען פרק אָן, שטאַרק פאַרקירצט [די ערשטע 6 פרקים פאַרנעמען: אין דיהרנפורטער דרוק 97 ז"ז, אין יוזעפאָווער — 94; די לעצטע 14 פרקים: אין ערשטען — 61 ז"ז, אין צווייטען — 22! (זעי אויך אויבען, ז"ז 204 — 205)]. נאָכ'ן לעצטען פרק: „סליק פרק העשרים לקיום המצות וספר לב טוב רוח חדש אתן בקרבכם והסירותי את לב האבן מבשרכם ונתתי לכם לב בשר ובכן יקנה מהרה ברוב. יבא טוב ויקנה והטוב והמטיב יזכנו ליום שכולו ארוך וטוב" (אין יוזעפאָווער אויסגאַב איז די שטעלע נישטאָ); דערנאָך גייט: „סימנים של ספר לב טוב" (אינהאַלטסצעטעל). —

[5]) אין יוזעפאָווער אויסגאַב: דף מ"א b. — [6]) וואַהליך געשל'. —

אין דער אַמאָליקער לעבעדיקער יידישער שפּראַך אין דײַטשלאַנד איז דאָסדאָזיקע געשטאַלט, ועיט-אויס, געווען גורם. אַזוי, למשל, בא בודענשאַצן [1] II „Darauf essen sie [2]) ihren Schallet, oder gekochtes Essen, :152 welches man den Freytag zu Nacht in den Ofen gesetzt". שטערן l. c. :75 „Scholet, e Pastet„. —טענדלאַו l. c. :29 „Schälet". „יידיש-דויטשער-דולמעטשער" [3]) :72 „Schalet".

דאַגעגען, אין די „שאלות ותשובות" פון ר׳ יעקב וויל [4]) : ...„מטעם זה התרתי לטלטל השאלענט בל"א ר"ל חמין בשב׳ מתוך ביתו"... [5]) . — אין פּריצקער „עץ חיים" („הלכות שבת. דיני הטמנה") : „דאש זעלין די ליניס וויא מען זאל זיך נוהג זיין מיט דעם שאלנט אז מ-ן נית קומט לו הילול שבת מען גיסט-ר דיא ווייבר לו וואַרנין ווען זיא האבן פון דעם אויבן [6]) רעכט לו גימאכט וואס דאס שאלנט [7]) דרינן שטייט עהר מען נית עפין דעם זעלבינן אובן [6]) ביז שבת פּריא"...; אין נאָווידוואָרער [8])

---

[1]) „Johann Christoph Georg Bodenschatzens Hochfürstl. Bayreuth. Pfarrers in Uttenreuth KIRCHLICHE VERFASSUNG DER HEUTIGEN IUDEN Sonderlich derer in Deutschland... Erlang 1748". —

[2]) די דײַטשישע יידען. —

[3]) ...Ein praktisches Iargon-Wörterbuch nebst kurzer Grammatik und Gesprächen, Erzählungen, Redensarten etc., Kalender, Zahl-, Münz- und Gewichtstafel. — Dritte, völlig neubearbeitete Auflage. Herausgegeben von E. Bischoff. Leipzig 1901". —

[4]) „שאלות ותשובות והלכות שחיטה ובדיקה וחידושי דינין אשר חבר הרב הכולל מהר"ר יעקב ווייל ז"ל ועוד חירושין מספר אגודה ונימוקי מהר"ר מנחם מרזב"והק, נדפס על יד קורניליוו אדיל קינד בשנת ש"ט לפ"ק פה ויניציאה". — [דער ערשטער אויסגאַב — ווענעדיג רפ"ג (זעי בן-יעקב ז׳ 558 נ׳ 99)]. —

[5]) דף צ"ה b („דינין והלכות" ע׳). —

[6]) מ׳ט ש. — [7]) זאַכליך געשל׳. —

[8]) נאָכ׳ן טיטעל („ספר עץ חיים") לייענען מיר: „דאס איז דש קעסטליכי... לו אוכש גזעכל" [ווי אין פּאָריצקער אויסגאַב (זעי אויבען, ז׳ 160), — בלויז מיט נישטיוועטליכע אָפּוויבונגען אין איסלייגונג]; און: „בנאווי דוואהר תחת ממשלת ארוננו הרובס לאדוויג נאטאקאווסקי מטאראסטא קאמפינאָווסקי,

אויסגאַב פון דעמזעלביקען ספר ¹): „דש זענן די דינים וויא מן זאל זיך נוהג זיין מיט דען שאלינט אז מן זאל ניט קומן צו חילול שבת מן גהער דיא ווייבר צו זאגן ווען זי הבן שוין דען אויבן ²) רעכט צו גמאכט וואו דש שאלינט ³) דרינן שטיט טאר מן ניט עפנין דעם זעלביגן אויבן ²) ביז שבת פריא״ ...; אין ווארשעווער ⁴) אויסגאַב ל״ד: „דאס זענן דיא דינים וויא מן זאל זיך נוהג זיין מיט דעם טשאלינט ⁵) אז מן זאל ניט קומן צו חילול שבת מן גהער דיא ווייבר צו זאגן דען זייא האבן שוין דען אויבן ²) רעכט צו גמאכט וואס דאס שאלינט ⁶) דרינן שטייט טאר מן ניט עפנין דען זעלביגן אייבן ²) ביז שבת פריא״...; אין ווילנער אויסגאַב 120: „דָאשׁ זַײנֶען דיא דִינִים וְויא מֶען זָאל זִיך נוֹהֵג זַיין מִיט דֶעם

---

אי ווילקאַווסקי. פאַרקאַמאַרזי ליטעווסקי. קאַוואַליר אַרדערא אַרלא ביאַלעגא יר״ח: בשנת תקנ״ז לפ״ק געדרוקט אין דער פּראַוויליגירטי דרוקרייא פֿון הערן יאהאן אנטהאן קריגר:״ (1797), 4⁰.

[אַף דער לינקער ז׳ פון שער: „תקון חבוט הקבר״ (אין פּאָריצקער נישטאָ)]. —

¹) „הלכות שבת״ („דיני הטמנה״). — אויף דער אויסגאַב איז נישטאָ פּאַגינירט. —

²) מיט ש. — ³) זאַכליך געשל׳. —

⁴) „ספר עץ חיים הוא הנקרא קיצור שני לוחות הברית״. דיזעס ספר האבן מיר מעתיק געוועזין פון קיצור שני לוחות הברית. אין דעם ווירד במעלד אללי דינים פון גאנצן יאהר, ירא״ה אונ מוסר, אויך ווירד במעלד דרינן דיא דינים פון אללי ימים טובים אונ אללי תפילות וואס נייטיג איז צו זאגן בייא יעדרי זאך וואס צו קומט, פיר דעם גמיינעם עולם אויך נשים ווערדן געוויס צו פרידן זיין, ובזכות זה וועלן מיר זוכה זיין לגאולה שלימה אמן, וכן יהי רצון. — ברשיון הצענזור. ווארשא. בדפוס הרב מוהר״ר דוד בהרב המפורסם מוהר״ר אריה ליב שקלאָווער חתן הרב הגאון המפורסם מוהר״ר יוסף מייא זצ״ל שהי׳ מקדם בדיהרנפורט. בשנת תקצ״ז לפ״ק״, 4⁰.

אין פּוילישען חלק פון טיטעלבלאַט: „EC CHAIM w WRSZAWIE w DRUKARNI D. L. SKLOWER:“ — ווי אין [די לינקע ז׳ פון שער — ווילנער אויסגאַב, נור אָהן דעם אויפשריפט: „תקן חבוט הקבר״]. —

⁵) ווייטער אין דעמאייגענעם ציטאַט קומט דער וואָקאַבעל פור מיט אַנלויט ש. —

טְשָׁאלִינְט אַז מֶען זָאל נִיט קוּמֶען צוּ חִילוּל שַׁבָּת מֶען גִיהֶער דִיא וַוייבֶּר אָן צוּ זָאגֶען וֶוען זֵיי הָאבֶּן דֶעם אוֹיבֶּן רֶעכְט צוּ גְמַאכְט וָואשׂ דֶער טְשָׁאלִינְט [1]) שְׁטֵייט דְרִינֶען טָאר מֶען נִיט עֶפֶענֶען דֶעם וֶועלְבֶּען אוֹיבֶּן בִּיז שַׁבָּת פְּרִיא"... —

§ 136 — יוּגֶנְט [2]) (וואַרשע, דרילטש, קרעמעניץ א. א. וו.).

אין דער מידערנער שריפטשפראך געברויכט אין דרייערליי טייטש: a) דאָס יונג זיין; b) די צייט (דער אלטער) ווען מ'איז יונג [3]); c) די, וואָס זענען יונג [4]).

ליפשיץ ברענגט נאך צוויי טייטשן: d) „יונגערמאן"; e) „יונגע פרוי".

אין דער לעבעדיקער פאלקסשפראך ווערט דער נאמען געברויכט על-פי-רוב נאר אין טייטש b [5]).

---

[1]) ל"ז. —

[2]) מה"ד (לעק' 117): jugent (אין טייטש: „יוגענד; יונגעלייט, יינגלעך"). —

[3]) אין דעם זין קען דאָס ה"ו באצייכענען: א) די קינדעריאָרען; ב) די בחוריאָרען. —

[4]) די דערוואַקסענערע („יונגוואַרק", אקעגען, ווערט געברויכט אַז וועגן קינדער, אַז וועגן דעם דערוואַקסענערען יונגען דור).

די טייטש c איז אין אונזער ליטעראַטור נישט אַלט. ווען אייזיק מאיר דיק געברויכט דעם נאמען אין דערמאַנטען זין אין אונטערטיטעל פון זיין נאוועלע „דער ...טעפּאַניסט" (ווילנע 1878, „בדפוס והוצאות האלמנה והאחים ראָם"): „אַיינֶע נַאהֶרֶע עֶרְצֵיהְלוּנְג אַלְס מוֹרַאלִישֶׁער זִיטֶענְשְׁפִּיגֶעל פַאר אוּנְזֶערֶע אִידֶעשֶׁע לִיטְהוֹיִשֶׁעשׁ יוּגֶענְד", גיט ער צום לעצטען ווארט צו אין צוויי הא"בע לבנות, אלס דערקלערונג: „קִינְדֶער". —

[5]) אויך הורוויץ 55: „יוגענד — יַלְדוּת, נְעוּרִים, עֲלוּמִים, בַּחֲרוּת".

מונדאַרטליך דאַרף אויך פארקומען די טייטש e. דאָס איז צו זעין דערפון, וואָס זי איז געבוכט בא ליפשיצן און וואַרפט זיך דורך בא מענדעלי-מוכר-ספרים (למשל, אין „ווינשפינגערל" ז' 40: „סעריל זיין דריט ווייב, נאך גאָר א יוגענד, א לעבעדיגס, א ברענענדיגס"...; ז' 155: „דאָס איז די גאנצע אָרעמינקע קאמאַנדע פון מיידלעך, ווייבלעך, יוגענטען מיט ברעקלעך קינדער און שלימזול'דיגע, אַבגעקומענע בעלי-הבית'טעס"...). —

ענליך אין די עלטערע ספרים [1]). —

§ 137 — לאָוונט [2]) (קרעמעניץ), לאַאַוונט (ווארשע, פולטוסק, דרילטש, לובלין, אופאלע, א. אַ. וו.), ליַיוונט [3]) (אין די ליטווישע מ"מ).

אָנמערקונג. — מה"ד (קלוגע 282): lînwât[4]); נה"ד: Lein-wand[5]). —

§ 138 — ליגנט [6]) (ווארשע, לובלין, דרילטש, סומפולנע א. אַ. ה.)

1) „בן המלך והנזיר [7]) (זשולקעוו 1771): ...„אַךְ רַבִּים אֲשֶׁר תָּמִית לְשׁוֹן שָׁקֶר; ...אונ דורך ליגינט ווערין דר שלאגין איין גנץ גמיין"

---

[1]) למשל, אין „ס׳ של ר׳ אנשיל" ס"ו: „מִנְּעֻרָיו פון זיינר יוגנט (בראשית ח כא)". — וויצענהויזען: „פון זיינר יוגינט אן" (בראשית ח׳ כ"א); „דייני קנעכט זיינן פון אונזרי יוגינט אן" (l. c. מ"ו ל"ד) [דער נומען קומט אויך פור: שמואל א׳ י"ב ב׳, י"ז ל"ג; מלכים א׳ י"ח י"ב; ישעיהו מ"ז י"ב און ט"ו; ירמיהו ב׳ ב׳, ג׳ ד׳ און כ"ד, א. אַ. וו., א. אַ. ה.]. — „שמחת הנפש" (דיהרנפורט תקס"ח) כ"א: ...„זאלט אבר דר מענש זיך אין דר יוגנט ביהעפטן צו תלמידי חכמים אונ די יראי שמים זיינן".

[בליץ געברויכט: יוגנהייד (למשל, ישעיהו מ"ז י"ב; ירמיהו ב׳ ב׳, כ"ב כ"א, מ"ח י"א; יחזקאל י"ו כ"ב און מ"ג, כ"ג כ"א א. אַ. וו. — מה"ד (לעק׳ 117): jugentheit (=„יוגענד")]. —

[2]) ליפשיץ 111: „לאווענט" (ווענען e — זעי אויבען, ז׳ 232 אָנמ׳ 2 אונטער׳ן טעקסט). —

[3]) ליפשיץ 113: „לייוועגט". — [4]) אין טייטש: „Leinenzeug". —

[5]) ס׳איז אַ פאָלקסעטימאָלאָגיע (קלוגע 282). דאָס צווייטע גליד פון קאָמפּאָזיטום איז אַה"ד און מה"ד געווען: wât („קלייד"); נה"ד -wand איז דערשיינען אַלס אָפּקלאַנג פון gewand. —

[6]) נומען (ל"נ). —

[7]) „ספר בן המלך והנזיר

„נדפס פעם ראשון במנטובה שי"ו לפ"ק ולרוב תועלתו וחשיבותו נדפס פעם שנית בק"ק וואנזבעק; ופעם שלישית בק"ק פ"פ דאדר; ועתה נדפס פעם רביעית במעלות יתירות:

(כ״ג ט); ...„ולא הביכו דרכי סקרותו.. איך זייא האבין ניט פר בטאלין דען וועג פון זייני ליגנט״... (דורטען); ...„ונמסך אחרי סקרותס חזותס... און איז וואלין גלויגן נאך זייער ליגינט אויף אייליגים״ (ס״ו ט׳).

---

„המעלה הראשונה פירוש מספיק על דברי השיר מחכם אחד מחכמי הזמן:

„המעלה השניה העתקת כל הספר בלשון אשכנז למען יבינו גם בית יעקב אשר קצרה ידם להבין דברי חכמים וחדותם בלשון הקודש והנשים בכלל:

„המעלה השלישית שהוסר כל הטעיות אשר נפלו בדפוסי׳ הראשונים מחמת חסרון ידיעת הפירוש לאומני הדפוס. לזאת אל תחוסו על כספיכם: ויטלא שבע אסמיכם:

„איהר מאנין אונ ווייבר זייט ניט קארג אויף געלט · און קויפט דאס (ספר) וואס איז נאך ניט גיוועזן אויף דר וועלט: ווען איהר ווערט פר שטיין וואס דר [מחבר] טוט ריידן: ווערט איר אייער (גוף) און (נשמה) מיט גוטין בקליידן · דאס מוסר] פון דעס (ספר) טוט דאס הערץ רירן: און טוט ווייזן וויא דער מענטש זאל זיך אל זיין לעבי טאג פירן: (ובזכות זה) וועלין מיר [זוכה] זיין אין דעס הייליגן לאנד ווידר צו קומין: וואס מיר זענן וואַרן דר פון אוועק גינומין · אמן:

„נדפס בק״ק זאלקווא

„תחת ממשלת אדוננו המיוחס הגדול החסיד הדוכס וואווידה ווילענסקי קארל סטאניסלב ראדזוויל יר״ה:

„בדפוס המחוקקים האלף התורני ה״ה מהור״ר דוד במוהר מנחם מן יצ״ו: ומהור״ר חיים דוד במוהר״ר אהרן סג״ל ז״ל: ובן דודו מהור״ר זאב וואלף במוהר״ר גרשון סג״ל וצ״ל:

„...בני ישראל לפ״ק״ (1771), 8°. — [זעי איבען ז׳ 231 אנמ׳ 5 אונטער׳ן טעקסט. — בן · יעקב דערמאָנט אַ זשאָלקווער אויסגאַב, אובער אָהן דעם יאָר פֿון דרוק, און ניִשט אָנצווייזען, אַז ס׳איז צו איִם צוגעגעבן אַ יידישער איבערזעץ].

[פֿון שער־בלאַט איז צו זעהן, אַז די זשאָלקווער יידישע העתקה איז אַ זעלבסטשטענדיקע, און אַז איר אויטאָר האָט אפילו ניִשט געוואוסט פֿון די פריערדיקע יידישע איבערזעצונגען. — זיין נאָמען האָט ער מיט אַ כונה פאַרבאָרגען (געניוער וועגען דעם — אָף אַן אַנדער אָרט)]. —

„ספורי מעשיות פון רבינו נסים"[1] (ווארשע 1837) ג': „דייני רייך זעכין ליגכט".

אין „קומעט" (ווארשע 1857): „ליגענד"[2]. — ענליך אין י. וויינ־שטיינס „אלט און נייא"[3] (ז"ז 10, 11), אין בא רלוגאטשן l.c. 13. — ליניעצקי l.c. 83: ...„אוב איך זאג אייך אליגענד"...

---

[1]) איך הוב נאך אן אנדערע איבערזעצונג (אייך בלויז יידיש): „סיפורים מרבינו נסים דער רבינו נסים האט געשריבן צוא זיין איידעם דאס ער זאל נישט מהרהר זיין אויף השם יתברך וואס עס טרעפט דעם מענטשין דער נאך העלפט אים השם יתברך פון אלע נויטען. אייגענטהום ר' פייביש בארנשטיין אוים לאדז — ווארשא שנת תרמ"ג לפ"ק" [אין רוסישען טייל: 1892 (דערלויבט פון דער ווארשעווער צענזור דעם 11 מאי א. סט.)], 8⁰. (בא בן־יעקב'ן נישט רעגיסטרירט).

אף ז' 3, פאר'ן טעקסט, אלס טיטעל: „סיפורי מהר"ן", און דערנאך: „דאס איז ספר מעשיות וואס דער רבינו נסים בר' יעקב האט מחבר געוועזן אויף לשון הקודש. ער האט אוים געקליבן מעשיות פון אונזערי חכמים און האט דאס ספר געשיקט צו זיין איידים הנגיש. פון דיא מעשיות זאל ער אוים נעמען איין טרייסטונג אויף זיינע צרות. און ער האט געזאגט נאך לייד איז פרייד. און אויך זאל ער זיך ארוים נעמן מוסר השכל צו גאטס דינסט. און היינט האב איך דאס ספר איבער געזעצט אויף עברי דייטש פון וועגין גרויס תועלת פון דעם ספר" (ווער דער איבערזעצער איז געווען, איז אפ'ן ספר'ל נישט אנגעוויזען). — די שפראך איז אן אנדערע ווי אין אויסגאב פון יאר 1837.

[צוויי אנדערע אויסגאבן (אובער העברעיש מיט יידיש) רעגיסטרירט בן־יעקב: „ספורי מעשיות למהר"ן" (ז' 423 נ' 462), אומבאקאנט ווו געדרוקט (ווארשעוועליך, אין רוסלאנד), תקע"ה, 4⁰; — „ס' מעשיות" (ז' 356 נ' 1880), אומבאקאנט, ווו געדרוקט (מעגליך, אין לעמבערג), תרי"א, 8⁰ (די יידישע איבער־זעצונג — פון א. ט. מאהר)]. —

[2]) ז"ז 7, 12, 20, 31, 32. —

[3]) „אלט און נייא אדער דור הולך ודור בא... איין אמתע מעשה וואס קענן זיך תמיד טרעפען. פון יוסף בר' יצחק וויינשטיין. אדעסא. אין דער טיפאגראפיע ל. ניטשע עט א. צעדערבוים. 1857". — 8⁰.

„הגדה פון יעקינא" (לעמבערג) II 13 : „לוגוּנט"[1]).

„ספורי מעשיות"[2]) 31 : „איך זאָג אײַך ליגענט". — ענליך בײַ א. קאַלמוסן l.c. III 6.

אין טיראַניִשען מלמד[3]) : „ליגענד" (ז"ז 3, 26, 116), און „ליגינט" (ז' 23).

אין „יודישעס פאָלקסבלאַט"[4]) 1887[5]), נ' 25 איז געדרוקט א ליטעראַטיקעל מיט'ן נאָמען : „א ליגענד מיט א וואָרטצײַלען"[6]).

י. ל. פּרץ, „אין'ם פּאָסט-וואַגען"[7]) : „ליגענד".

הורוויץ 57 : „ליגענד" און „ליגען". —

---

אלס מוטו : „איין דור פערגייט דער אנדערער איז שוין גרייט אונ דיא וועלט שטייט אונ שטייט". — [אלס הקדמה : „א ווארט צו דיא לעזער פון זייער אלטען בעקאנטען" — פון א. ב. גוטלובער]. —

[1]) אין ווארשעווער אויסגאַב (1881), II 7 : „לוגענט". —

[2]) „זה השער לה' צדיקים יבואו בו — ספר ספורי מעשיות. אין דיזען ספר ווערט דער ציילט זייער פיל וואונדערליכע מעשיות פון הרב הקדוש ר' ישראל בעל שם טוב זכר צדיק לברכה. ממעזיבוז. אויך פון זיינע תלמידים, רבותינו הקדושים צדיקי יסודי עולם. זכרונם לברכה, אויך פון אנדערע גרויסע צדיקים. זייער זכות זאל אונז בייא שטיין אמן : — בשנת שירו ליי שיר חדש תהלתו בקהל חסידים לפ"ק ווארשא ברפוס ישראל אלאפין נ"י" [אין רוסישען טייל פון שער-בלאט : 1881 (דערלויבט פון דער ווילנער צענזור דעם 12 מערץ א. סט.)], 8⁰. —

[3]) „דער טיראַנישער מלמד אָדער דער גלגול אין איין קאָזאַל (צאַפּ) וועלכער אין איינטערעסאַנטער היבשער ראָמאַן איין וואהרע געשיכטע וואס האט זיך דא נישט לאנג פּאַסירט פערפאסט אין דרייא טהיילען פון אברהם נוסבוים אין ווארשא... ווארשא דרוק אונד אויפלאגע פאן ר' חיים קעלטער נ"י ברחוב נאוואליפע נומר 9 שנת תרמ"ה לפ"ק" (1885), 8⁰. — 166 ז"ז; אפ'ן לעצטען, נאָכ'ן סעקראַטענטאַלען „ענדע" : „הובא לבית הרפוס ע"י ה"ר יעקב מהרש"ק נ"י בווארשא רחוב נאלעווקי נומער 19"]. —

[4]) ...„א פאליטיש-ליטערארישע צייטונג, ערשיינט אין ס"ט פעטערבורג איין מאל אין דער וואָך". — [5]) „זיבעטער יאהרגאנג". —

[6]) אין דעמועלביקען ארטיקעל : „דאָס קען מען זאָגען אויף אונזערע אנטיסעמי-טישע גאונעטען, זיי טראכטען זיך אויס ליגענדע מעשות"... [„ליגענדע"—אדיעקט], —

[7]) „דיא יודישע ביבליאָטעק" I 24 (ווארשע 1891). —

2) אין קרעמעניץ: ליגן [1] (ל"ז).

וויִצענהויזען געברויכט: ליגן [2], אלס פעמינינום [3]; — פליִץ: ליגן [4], ליגין [5]; — „המגיד" (אמסטערדאם 1738): ליגן [6]; — אויך „מגישי מנחה" [7] (אמסטערדאם 1777) אזוי; — „אורחות חיים" [8] ב': „וכן מן השקר והכזב — אוך אויך אזו פין ליגין אוך טריגן"... —

---

[1]) ליפשיץ 113: „ליגן"; הארקאווי 185: „ליגען" (ל"ז); דרייזין 228: „ליגין". —

[2]) למשל: תהלים קי"ט ס"ט און ע"ח און פ"ז; ישעיהו מ"ד כ', א. א. וו. — [3]) זעי, צ. ב., תהלים קי"ט קס"ג. — [4]) צ. ב., ישעיהו מ"ד כ'. — [5]) צ. ב., ירמיהו מ' ט"ז. — [6]) למשל, מלכים ב' ט' י"ב. — [7]) צ. ב., ירמיהו ח' ח', כ"ג י"ד, וכ'. —

[8]) ...„חברו רבינו אשר אביו של רבינו יעקב בעל הטורים וצ"ל ה"ה

„והמה דברי תוכחת מוסרים. כאשר עיניכם תחזינה מישרים. מאירים לארץ ולדרים.

„וירא כי טוב. הגאון מוהר"ר יום טוב והוא בעל תוספת יום טוב. לחלקו לחלקים שבעה כדי להקל על הקוראי' וצוה לאמר חלק א' דבר יום ביומו בקהילתו אשר היה אב"ד ור"מ הלא היא ק"ק ווינא וגזר אומר קודם ברוך שאמר אחרי שהעם מעוטפים בציצית ומעוטרים בתפילין שיעמוד אז החזן ויאמר בקול רם ואתו עמו כל העדה לאשר חפץ צדקו להצדיק אף לבלתי יודעים ולנשים שאינם מבינים מדע והשכל בלשון הקודש ע"כ העתיקו ג"כ ללשון אשכנז והיו לאחרים צמודים על דף א'.

„ועוד נתוסף בו צוואת של רבינו הגאון החסיד מוה' שעפטיל בן רבינו הגאון החסיד מוהר' ישעי' סג"ל בעל מחבר ספר של"ה.

„הובא לבית הרפוס במצו' ובהוצאו' ה"ה הרבני המופלג האברך מוה' יוסף בהרבני המופלג הראש מוה' אברהם בהגאון מוהר"ר שמואל אב"ד דגליל עליון. ישלם ה' פעלו ותהי משכורתו שלימה.

„נדפס פה ק"ק שקלאוו תחת ממשלת האדון הגדול החסיד ייענראל מאייאר קוואליר סמיאן גאוריליאוויץ זאריץ יר"ה. ברוך מבנים אשר לפ"ק" (1783), 8⁰.

[דער העברעישער אוריגינאַל דערשינען צום ערשטען מאָל אין ווענעדיג של"ח, מיט דער ייִדישער איבערזעצונג פון בעל-תוי"ט געדרוקט אין פראָג שפ"ו. — מער ביבליאָגראַפישע ידיעות: בן-יעקב ז' 50 נ' 983 (דער שקלאווער אויסגאַב איז אין „אוצר הספרים" נישט פאַרצייכענט)]. —

3) אַה"ד: lugin (ל"נ), מה"ד: lüge (ל"נ׳, lügene[1]).
דער דענטאַלער עקספּלאָזיוולויט, וואָס קומט צו צום אויסלויט פון דעם נומען[2], איז דערשײַנונג פון עפּיטעזע, פון וועלכער עס וועט נוך אויסקומען גענויער צו רעדן אין צווייטען באַנד פון די „דיאַלעקטולוגישע פורשונגען". —

§ 139 — פּאַמעֿיגנס (וואַ-שע, אופּאַלע), נומען, נעווטרום.
„אורחות צדיקים" (ווארשע 1854) ג׳: „אֵיין מֶענְשׁ קֶער צוּ גֵיין רֵיינְטְלִיךְ אוּנ גַאנְץ נָאךְ זַיין פַר מֶעגִינְשׁ נָאךְ".
אָנמערקונג. — מה"ד: vermügen[3] (אין טײַטש: „קראַפט, מאַכט, פעיִקײַט"), סובסטאַנטיווירטער אינפיניטיוו צום מה"ד vermugen, vermügen („אימשטאַנד זײַן, קראַפט האָבן"), אַה"ד furimugan. — נה"ד: Vermögen[3]) [קלוגע 469].
ליפשיץ 152: „פּאַרמעיגן"[4]; האַרקאַווי 268: „פּערמעגען"[5]; דרייזין 179: „דאס פערמעגין", „דאס פארמעגען"[6]. — „ספורי מעשיות פון רבינו נסים ב"ר יעקב" (ווארשע תקצ"ז), ח׳: „דיין גאַנץ פאַר מעגין"...; „דרך הישר לעולם הבא" (ווילנע 1874), פ׳: „דָאס פַר מֶעגִין"[7].
מונדאַרטליך (אויך אין וואַרשע) קומט-פאָר אַ געשטאַלט אָהן נ-סופיקס: „פּאַמעֿיג"[8] (ל"ז). — אין „מעשה שאול"[9] ו׳ 26: „מִיט זַיין חָכְמָה אוּנ מִיט זַיין פַאר מֶעג"...; אין „פרנס המתגאה" (ווארשע 1888): „פַאר מֶעגִין" (40, 45) און „פַאר מֶעג" (41, 44, 62). —

---

1) קלוגע 291. — 2) אין די פּויליש-ייִדישע מ"ם ווערט דער -ט אין „ליגנט" אויסגעשפּרוכען ווייער, אובער ווייער טילד, — אופּטמאָל כמעט ווי קוים-קוים-פאַר-שאַרפטער d. —
3) נעווטרום. —
4) נומען. — 151: פּאַרמאָגן (ווערב: „האָבען אַלס אייגענטום, באַזיצן"). —
5) נעווטרום. — 267: פּערמאָגען (ווערב). —
6) באַ הורוויץ נישט רעגיסטרירט — נישט ווערב, נישט נומען. —
7) דאָס איז די געוויינליכע ליטעראַרישע פורם. —
8) אַנאַלוגיע צו: פּאַרנעם, אָנלעין, וכ׳. —
9) „...דָא גֶעפִינְט זִיךְ צֶעהֶען ווינְדֶערְלֶעכֶע מַעֲשִׂיּוֹת אויף עִבְרִי טַייטְשׁ 1 אַ ווינְדֶערְלֶעכֶע מַעֲשֶׂה פוּן דֶער שִׁיף 2 פוּן דִיא צְוֵויא חֲבֵרִים פוּן יֶענֶער וֶועלְט 3 פוּן צְוֵויא מְלָכִים 4 פוּן דֶעם פִּיקְס 5 פוּן אַבַּת מַלְכָּה 6 מִיט צְוֵויא

140 § — אִין ־־עמעניץ: אָנצִיעירֶנס[1]), אִינטאַפִירֶנס[2]), באַ־
דעקֶנס[3]), באַזעצֶנס[4]), אופרִפֶנס[5]) (אַלע — נעווטרא).

---

פֵייגְלֶען, 7 מִיט צְווייא תְּנָאִים · 8 פוּן דֶעם מַלְכוּת בַּאל · 9 פוּן אַיין עוֹשֶׁר
אַ נְדִיב לֵב · 10 פוּן אַקוּנְד וָואס אִיז גִיבּוֹרֶען גִיוָוארִין אִין אַ גְרִיב: —
זִיטאמיר, ברפוס מוה׳ יצחק משה נ״י באקשט. 1876" (דערלויבט פון דער
קיעווער צענזור 7 יוני אַלט. סט.). אִין 2 טייִלען מִיט באַזונדערע טִיטעלבלעטלעך
(I — 51 ז״ז; II — 26 ז״ז), 16⁰. —

[1]) דלוגאטש l. c. 49: „...האָט מִיר דֶער מַלְאַךְ דוּמָה גְדֵיינְק אִיךְ אַמָאל
גְגִיבֶּן אָן צוּ הֶערִינְס"... (ענליך אף ז׳ 76). — ליפשיץ 30: „אָנצִיהערנס
גִיבֶּן" („namiekatj, namieknutj, datj nawietki"); הארקאווי 69: „אָנצו-
הערנס, n“ („hint, insinuation“); דרייזין 293: „געבין אנצוהערינס". —

[2]) וואקאבעל פון יִדִישען חתונהלעקסיקון. — ליפשיץ 16: „אִינטערפִיהרנס"
(„potschotnaja dolshnostj schafera“); הארקאווי 41: „אונטערפיהרענס,
n“ („the ushering of bride and groom to the canopy“). — בעני וועק-
שטיין „יודישע מצות" („יודישעס פאָלקס בלאט", 1886, 805 — 806): „נאָך די
ברכות נעמען די גבאית׳ס מיט וייערע מאגען אונטערפיהרענס און מען געהט
מיט מול צו דער חופה"... —

[3]) פון יִדִישען חתונהצערעמוניאל. — הארקאווי 352: „כלה-בעדעקענס,
f“ („veiling of a bride“). — עטינגער, „משלים": „פון דאננען צו געהן צו
באדעקענס" (155), „דאָס פנים מיט דעם דעקטוך פארדעקט, מיט דעם איז דאָס
באדעקענס געענקט" (156). — לינעצקי l. c. 61: „און הָאבֶּען מוּךְ גִיפִירְט
צוּם בֶּעדֶעקֶענְס"... — י. ל. פרץ, „שריפטען" (ווארשע 1901), V 40: „און
וואָס דארף מען די גאנצע צערעמאָניע, די גאנצע בעדעקענס... אלטע נארישע
מנהגים!". — שלום-עליכם, „סטעמפעניו" (4-דער ב׳ פון „אלע ווערק", ווארשע,
תרס״ד, 1903), 14: „מִיט אֵיין הַאנְט הַאלְט זִי דֶער כַּלֶה׳ס צֶעצָאזְטֶע הָאר,
וָואס דִי וַוייבֶּער הָאבֶּען אִיהר צֶעפְּלָאכְטֶען פַאר׳ן „בֶּעדֶעקֶענְס" מִיט גְרוֹיס
גֶעוויין" ... —

[4]) אויך פון יִד׳ חתונהצערעמוניאל. — הארקאווי 347: „בעזעצענס",
וואַהרשיינליך און ל״נ („ceremony of seating a bride“). —

[5]) לינעצקי 98: „הַיינְט אִיז אַ שָׁלוֹם זָכוֹר. אַ בְּרִית. אַ שְׁלִישִׁי
לְמִילָה. מָארְגֶען תְּנָאִים: אוֹיףְ רוּפֶענְס. אַ פָארְשְׁפִּיעֶל. אֵיין אָרִים מָאל
צַייט אַ חָתָן מָאל"... —

אנטערקונג. — עס זענען ווערבאלע סובסטאנטיווען: געבילדעט פון אינפיניטיוו מיט'ן סופיקס ־ס.

צו דעראייגענער גרופע, מיין איך, לוזט זיך פארעכענען דאס פויליש־יידישע: „שפאצירנס" [1] (ווארשע, נאדארזשין, וויערושוב, דרילטש) [2]. —

141 § —ו אין געניטיוו סינג' פון הויפטווערטער]. — דא קומען אין באטראכט די סובסטאנטיוון אויס די §§ 90, 92, 94 (פ' 1), 95. זיי בילדען דעם געניטיוו סינג' מיט דער פלעקסיע ־ס.

1) אין „ערשטען יוד' רעקרוט" 46: „ארוח אין דעם בראמפינס [3] טאטין אריין"... —

a 1) אין קרעמעניץ: „ארנס טוכטא", „דים דאלפנס..., כאלפנס, מעיוונס, באטכנס, שאכנס... א. א. וו. קינדא". [4]

עטינגער l.c. 55: „מע פארקויפט דעם חתן'ס ערשטען פלאץ". —

לינעצקי II 100: „איי, הריי הריי, חתן'ס צד דרשה־געשאנק". — „א רייזע אין עולם התוהו" (זשיטומיר 1873) 59: „קומט אים צו עסן פון לויתן'ס פיש". — „דאס גוטע קינד"... [5]) 3: „ער איז געוועז דעם שומר הפקדונס איין איניקעל, (וואס ער האט געהיט דאס אן טאן אין באד)". —

2) אין ווארשע: „ד'אאברעיגגורנס; ד'ארביטארנס; די בעיטלורנס, בעקורנס, גיווינורנס" [6]) א. א. וו.

---

[1]) „שפאצירנס גיין" (=„גיין שפאצירען"), „כ'גיי שפאצירנס (=„כ'גיי שפאצירען") [אין ווארשע, אירוניש, געשפעטיש: „זי גייט שפאנצירנס!", „ווי? גיפעלט עינק עפיס אזוי שפאנצירנס!?"]. —

[2]) צו דער גרופע אויך: „אויסנעמינס" (קרעמעניץ), ד. ה. די הפסקה צווישען שחרית און מוסף, די צייט פון קריאת־התורה. — לינעצקי 100: „...אין דיא אויפגעקלערטע ערטער פארט מען שבת און יום כפור צו מוסף מיט דיא ציגאהן אין מול אין שיל אריין און צו אויס נעמינס גייט מען מיט דיא דאמען אונטער דר ארים אין א רעסטראציע עסן". —

[3]) באלאנגט צו § 90 (פ' 1). — [4]) זעי אויבען § 92 פ' 1. —

[5]) „דאס גוטע קינד פון דעם זיידינס הבטחה אדער דער יונגער חזן— הובא לבה"ד ע"י ר' ישראל בראדעצקא בזיטאמיר בשנת תרלז לפ"ק", 1876 (דערלויבט פון דער קיעווער צענזור 7 אוקטובר א. סט.), 45 ז"ז קל' 8°. —

[6]) זעי § 92. —

אין „יודישען פאר-פסח" (ווארשע 1881) 112: „האָט געזאָגט ר' חיים דער זאָגערען'ס מאַן"; — אין „טיראָנישען מלמד" (ווארשע 1885) 8: „זלאָטקע דיא טיקערינס טאָכטער איז געוועזן אַגראָיסע נאַשערין". —

a 2) צו דעם, וואָס אין § 92 (פ' 1) באַהאַנדעלט, דאַרף נאָך צו-געגעבען ווערען, אַז אין וואַרשע ווערען מיט דער הילף פון סופיקס =נ̥ געבילדעט פעמינינאַ אויך צו פאַמיליען-נעמען. „די הורוויטשנ̥" באַטייט דורטען: „מאַדאַם הורוויטש, הורוויטשס ווייב". ענליך: „די פרילוצקנ̥, ראַפּאָפּאָרטנ̥, שולצנ̥", וכ'. — אויך די דוזיקע פעמינינאַ באַקימען אין געניטיוו דעם סופיקס =ס (למשל: „די הורוויטשנ̥ס קינדער זעען זייער גוט אויס"). —

b 2) אין ווארשע: „די[1]) רעביצנ̥ס, כאַוואַטאָרנ̥ס"... [2]).

„ספורי הפלאות" (ווארשע תר"ה) י': „דא קיפט דעס רב שוועכטר זון פר זיין געלד גאר קעסטליכי סחורת הונ דר רעבליכס ברודרס זון קיפט אויס זיין געלד איטל אבנים טובות". — מ. דיקגאָטש l. c. 26: „אויף דער רביצינס בושעכע". —

§ 142 — איייניקע נאָמינאַ אַפּעלאַטיוואַ מיט פערזענליכער באַטייטונג (פון די, וואָס זענען געבראַכט אויבען אין § 96 פ' 3) האָבען אין גען' סינג' די פלעקסיע =נ̥ס.

אין קרעמענעץ, למשל: „דים טאַטנ̥ס, זיידנ̥ס, אַלדנ̥ס[3]), מענטשנ̥ס"[4]) ...

a) „ערשטער יוד' רעקרוט" 46: „אַרויס אין דיין טאַטינס טאַטינס טאַטינס טאַטין אַריין"... ; „ווינשפינגערל" 49: „זיין אייגענע שטוב... די דריטע פון הערשעלעס טאַטענס הויז"... ; מ. דיקגאַטש l. c. 138: „אין דיין טאַטינס פּריטאַטינס טאַטין אַריין!"; „פרנס המתגאה" 42: „ביי מיין טאַטינס טאַטין. האָט מען אויך נישט געוואוסט פון קיין שטאַטין". —

b) „דאָס גוטע קינד"... (זשיטאָמיר 1876) ז' 3: „אָן נעמען דעם זיידינס חזקה"; — „דער יודישער פאר-פסח" (ווארשע 1881) 153:

---

1) אין קרעמעניץ: „דאַ"... (ד. ה. דער). — 2) זעי אויבען § 94 פ' 1. —
3) אַוו: „אַלדס". — 4) אובער: „משלאַכס" (משיח'ס). —

„קְלַייבְּן חַתִּימוֹת אוֹיף אַיין עֶלְטֶער זַייְדֶענְס אַ סֵפֶר"; — „דער טיראַנישער מלמד" 6: „וֶועסְט דוּא גֶעפִּינֶען דַיין עֶלְטֶער זֵייְדֶענְס שְׁטֶעקֶין".—

c) דרוגאַטש 112: „נָאךְ זָאגֶען פוּן אַגְרוֹיסֶען גִישֶׁען יוּדֶענְס וֶועגִין"; „איבער אַ פינטעלע" 40: „אוֹיף אַ יוּדֶענְס אַ שָׁאדֶען"... —

d) „בן המלך והנזיר" (ושולקעוו 1771) ס"ו: „חוג ווטן גלייך דען מענטשיכס זיין [מדריגה] [1] חיז גנץ גרוים"... — „שטערנטיכל" ז' 117: „אבי קיין מענשינס ניט צי בעדארפין חָלִילָה". — „ווינשפינגערל" ז' 155: „אין דעם מענשענס נשמה שפיגעלט זיך אָב אַ גאַנצע וועלט". — משה דאַנציגס „דיא ליטוועטשקע" [2] ז' 12: „וויפִיל זִיפְצִין עָס הָאט פִין מֶענְשִׁינְס הֶערְץ אַרוֹיס גִישְׁלָאגִין". — ש. בערנשטיינס „מאגאזין פון יודישע לידער" [3] ז' 9: „אַבַא שְׁרִייבֶּער בוּךְ אִיז דֶעם מֶענְטְשֶׁענְס לֶעבֶּן". — „טיראנישער מלמד": „דֶעם מֶענְטְשֶׁענְס גִידַאנְקֶען". — „שמר'ס משפט" [4] ז' 12: „זִיטֶען פוּנִ'ם מֶענְטְשֶׁענְ'ס כַאַרַאקְטֶער". —

§ 143 — אין די פוילִיש-יִדישע מ"מ הובען אייגען-נעמען און פאַמיליען-נעמען ־נָם אַלס גענִיטיווּפלעקסיע.

---

[1]) אין דער פראַזע זענען אויסגעמישט צוויי גראַמאַטיקאלישע סדרים: דער אַלטער יידישער גענִיטיוו' פּוסעסיוו' („דער מענטש זיין מדרגה") מיט דעם נייעם („דעם מענטשנס מדרגה").

[ביישפיל פון ריינעם אַלטען גענ' פּוס' — דף ס"ח: „בֵּין בְּנוֹת בֶּן הֵהֵר — לוויסן (חבר) זיני טעכטר"...; — אַ פאַרשטאַרט רעשטעל פון אַלטען גענ' פּוס' איז פאַר אונז אין וואַרשעווער רעדענסאַרטליכען אַדווערב: „מִיטגוֹטצאַנאַילף", ד. ה.: „מיט גוט זאַ הילף" („מיט גוט זיין הילף" === „מיט גוטס הילף")]. —

[2]) נאָך דעם דערמאַנטען טיטעל אַנ'אונטערטיטעל: „פֶּערִישְׁעֶדֶענֶע יִדִישֶׁע לִיעדֶער דַאצוּ אַיין לִיעֶד „דִיא לִיטְוֶועטְשְׁקֶע" (אַדעס 1870. 48 ז"ז. 8°).

[3]) וואַרשע 1880 (דערלויבט פון דער קיעווער צענזור דעם 10 יולי אַ. סט. 1879). 73 ז"ז. 8°. —

[4]) „שְׁמַר'ס מִשְׁפָּט, אָדֶער דֶער מִיד פְּרִיסִיאַזְשְׁנִיךְ אוֹיף אַלֶע רָאמַאַנֶען פוּן ש'מ'ר. סְטֶענאָגְרַאפִּירְט וְוארְטאַסוָוארְט דוּרְךְ שָׁלוֹם עָלֵיכֶם. בערדיטשוב דרוק פון יעקב שעפטיל. שנת תרמ"ח לפ"ק" (1888). 104 ז"ז, קל' 8°. —

1) אִין וואַרשע הוֹב אִיךְ דעם כלל פעסטגעשטעלט בלויז פאַר נוֹמִינאַ פון דער קאַטעגוֹרִיע מִיט דענטאַלען ספִּיראַנט אוֹדער אַפ-רִיקאַט אִין אויסלויט. אַזוי: „פרָוִוִיסנס גִישעפט, מאַקסנס בִּיכוֹ, שוּלְצנס הוֹוס, פעירִיצנס ווערק״ ¹), וכו׳ ²).

ענלִיךְ — אִין גרִיצע, א. אַ. וו. —

2) אִין דרִילטש, דאַגעגען, קען מען הערען דִי געניטִיווען: „ראַ-פּאָפּוֹרטנס; דאָוועטנס³); פִּינכָסנס, הערשנס; פעי-רעצנס⁴); — אִיצִיקנס, פרִילוּצקנס; באָאַרעכנס, נוֹיעכנס, פּיִסעכנס⁵); — ווֹלפנס, יוֹסִיפנס; אַיסִיוונס⁶); — שוֹ-לנס״ ⁷). —

3) אויספִירלִיכער וועגען דעם ענין דאַרף גערעדט ווערען אַף אַנ׳אַנדער אוֹרט: אִין דער אַרבעט וועגען דער יִדִישער פלעקסִיע. —

§ 144 — [אִין פלוּראַל פון הויפטווערטער]. — סוּבסטאַנטִיווען אויס דִי §§ 90 (פ׳ 1), 92, 94 (פ׳ 1 באַקוּמען אִין פלוּראַל דִי פלעקסִיע ־ם, וואָס דעקט אַלזוֹ דעם אויסלויט-נ. —

§ 145 — וואָס שייך דִי הויפטווערטער פון § 90 (פ׳ 1), גִילט דער כלל בלויז פאַר אַיְנִיקע פון זיי און אויך נִישט אִיבעראַל.

---

¹) אִין קרעמענִיץ: „פרָוִוִיסִיס..., מאַקס׳..., שוּלְצס..., פעירִיצס״... — אִיךְ, אַלס קרעמענִיצער, זאָג: „משה העס׳ לִיטעראַרִישע טעטִיקייט״; אַ וואַרשעווער וועט זאָגען: „משה העסנס״... —

²) אִין „טִיראַנִישען מלמד״: „אַרויס גיין פון פרצן׳ס שטוּב״ (ז׳ 33); „אויף וועגען פּרֶצנ׳ס פּעמעניִק״ (ז׳ 53); „שלמה פּרצנ׳ס און שמעלקע אליקומ׳ס״ (ז׳ 57); „מִיט פרצנ׳ס פּלעמעניִק מִיט שלמה פרצנ׳ס קרוֹב״ (ז׳ 75). —

³) צוּ „ראַפּוֹפּוֹרט, דוד״, — אַלזוֹ, -נס נאָךְ דענטאַלען עקספּלוֹזִיווע. — ⁴) צוּ „פּנחס, הערש, פרץ״. —

⁵) צוּ „אִיצִיק, פרִילוּצקִי, ברוּךְ, נח, פסח״ (הייסט עס, נאָךְ גוּטעראַלען). —

⁶) צוּ „וואָלף, יוסף, עשו״ (אַלזוֹ, נאָךְ לאַבִּיאַלע). — [אוֹבער: אַאַקִיווס!]. —

⁷) צוּ „שוֹעל״ [אוֹבער: „לאָאוּעס, ליוּעס״]. —

1) אין קרעמעניץ, טורטשין, שעדלעץ, אופאלע: אויוונס[1]; — אין ווארשע, פולטוסק: איוונס[2]. — [אין לובלין: אויווינס[3]; אין וויערזשווו: איוונ[4]]. —

2) אין „יודישען פאר-פסח" 15: „אונטער דיא באלקענס[5] פון דער סטעליע, וואס ליגען אין דער לענג פון שטיעב, ליגט א גראבער באלקען איבער דער ברייט פון דער סטעליע". —

3) אין קרעמעניץ: בויגנס[6]) (אויך הארקאווי 79 אזוי); — אין אופאלע: באיגנס[7]); — אין מישניץ: בעיגנס[8]) [אין פולטוסק: באיגנ[9])]. —

---

[1]) אויך הארקאווי 18 אזוי. — סינג': אויוונ (צום הייצען).

אין אופאלע: „מ'הייצט נ'אויוונ; מ'הייצט ד' אויוונס". — אויסער דעם פאל געברויכט מען דורט, געוויינליך, דאס קאמפאזיטום: „קוימינויוונ" (הויכטון — אף דריטער זילב) == „קוימען און אויוון" (אין אופאלער אויסשפראך: „קוימי אין אויוון"). מ'זאגט דורט: „דעדאסיקע קוימינויוון אי' ניש גיט גימאכט". פלוראל: „קוימינויווינע" (ד. ה. „קוימען-אונ-אויוועננער") [די קוימינויווינע אין דעים הועס זעני אזוי גימאכט"...].

ווייצענהויזען: „אין דייני באק אובן" (שמות ז' כ"ה) [פל' == סינג']. —

[2]) מיט אומלויט פון שטאמוואקאל. —

[3]) צוליב דעם וואקאלישען אנלויט פון דער פלעקסיע פארלירט דער גאומל פאר איר דעם סונאנטישען כאראקטער. —

[4]) אלזו, מיט אומלויט פון שטאמוואקאל, אובער אהן פלעקסיע. —

[5]) „באלקנס".

אין „ס' של ר' אנשיל" צ"ה b: „קורה בלקין (מלכי' ב ו ב)"; „קורות בלקין (שיר השירים א יז)" [פלוראל אהן פלעקסיע].

ווייצענהויזען (אין דיוועלביקע שטעלען): „בהלקין" (סינג'), „דיה בהלקן" (פל').

„מלמד שיח" (זעי אויבען ז' 217 אנמ' 1 אונטער'ן טעקסט) ק"ה: „(קורות בעלקן (בתינו) הויזער הויז"...; „שיר השירים" (ווארשע תר"י) ה': „(קורות דיא באלקן (בתינו) אונזער הויז"... —

[6]) סינג': בויגנ. — [„גרויסע בויגנס" (אובער: „צען בויגן מאפלא")]. —

[7]) מיט אומלויט פון שטאמוואקאל. — [8]) סינג': בעיגנ. — [9]) מיט אומלויט פון

4) אִין קאָלִינע: גוּרטנֶם [1] [אויך: גערטנער [2]]. —

5) אִין קרעמענִיץ: וואָגנֶם [3]; — אִין ראַווע (פעטרִיק, ג.): וועגנֶם [4] [אִין וואַרשע, פיאָסעטשנע, סקערניעווִיץ ראַווע [5], וויערזשבוו: וועיגנֶ [6]; — אִין שטוטשִין: „וועגענער" [7], אִין שעדלעץ: „וועגענאַ", אִין אָפּאָלע: „וועגִינע"]. —

---

שטאַמוואָקאַל, נור אָהן פלעקסִיע. — [גליקל האַמל (געבוירען 1645, געשטאָרבען 19 סעפּטעמבער 1724) שרײַבט (ז' 57): ...„ווערין מיר ד' בעגין ניט צו פיל"]. —

[1]) „ס' של ר' אַנשיל" (ווי אויבען ז' 110 אָנמ' 4 אונטער'ן טעקסט) כ' b: „בְּגַנּוֹת אין דיא גערטן", „גַנִים גערטן", „גַּנּוֹתֵיכֶם אויערי גערטן" [„גַּן גארטן", „גִּנַּת גרטן", „גַּנָּתוֹ זיין גרטן"].

ווִיצענהויזען: „לוסט גערטן" (שיר השירים ד' ט"ו), „גערטן" (עמוס ד' ט') [סִינגולאַר: גארטן (אסתר א' ה')].

בלִיץ: „אין דיא גערטין" (ישעיהו ס"ה ג') — פלוראַל.

„מלמד שיח" קי"א b: „גנים גערטן". —

[2]) אִין אָפּאָלע: „געטִינע"; אִין שעדלעץ: „גערטענא".

„טִיראָנִישער מלמד" 67: „לוסט גֶערְטְנֶער"; „סיפורים מרבינו נסים" (ווארשע 1892) 28: „גֶערְטְנִיר אונ ווייך גֶערְטְנִיר"; „כפורי מעשיות פון רבינו נסים ב"ר יעקב" י"ד b: „וויינגערטנר".

האַרקאַווי 100: „גאָרטענס" און „גערטנער". —

[3]) סִינג': וואָגן (צום פאָרען). —

[4]) מִיט אומלויט פון שטאַמוואָקאַל (סִינג': וואָגן). —

[5]) אִין ראַווע, אַלזוי, בײדע פורמען. —

[6]) מִיט אומלויט, נור אָהן פלעקסִיע.

ג. מאַקמאַן l. c. 26: „דיא גאַנצֶע נאַיֶע־וֶועלט מִיט וֶועגִין פאַרשְׁטֶעלְט"; „איבער אַ פִינטעלע" 22: „פאַרעֶווע וֶועגֶען אָהן פֶערד".

אִין „ס' של ר' אנשיל" ע"ב b: „עֲגָלוֹת וועגין (בראשי' מה יט) [„עֲגָלָה וואגן (שמואל א ו ז)"]; — בּאַ ווִיצענהויזען אויך אַזוי.

גליקל האַמל (ז' 58): „וולן אונש וועגין שיקן להנובר". —

[7]) האַרקאַווי 140: „וואַגענס" און „וועגען". —

6) איִן קרעמעניִץ: ווֹלקנָם[1]). — [איִן ווארשע: „ווֹלקענעס"[2]); איִן ראַדזיִן (לובל. ג.), אופאַלע: „ווֹלקעניִס"[3])]. —

7) איִן שעדלעץ, וויִשקוֹוו, אוֹפּאַלע: לאָדנָם[4]). — [איִן ריִזשאַן: „לאָדוּניִס"; איִן קרעמעניִץ, פּיִליִוו: לאָדנָ[5]); איִן לובליִן, יזיעדזשיִוו: לעידנָ[6])].—

8) איִן קרעמעניִץ: ליִגנָם[7]) (אויך האַרקאַוויִ 185 אַזוֹי). —

9) איִן קרעמעניִץ: פּאַרקנָם. — [איִן סוּבאַטשעוו: „פּאַרקיִניִס"[8])]. —

10) איִן קרעמעניִץ, טוֹרטשיִן, שעדלעץ, וויִשקוֹוו, מיִשניִץ, פּוֹוואָנזעק (זאַרשעווער פּיִרשטאַדט), פּולטוּסק, פּיִליִוו, אוֹפּאַלע, ראַדזיִן: קאַסטנָם[9]).— [איִן וואַרשע, אוסיעצק (לובל. ג., גאַרוואָל. א.), שעדלעץ: „קאַסטענעס"; איִן וויערזשביִוו: „קאַסטיִניִס"; איִן אוֹפּאַלע, סקיִדל: „קאַסטעניִס"]. —

11) איִן וואַרשע: קיִכנָם[10]). —

---

[1]) ממ"ס, „וויִנשפּיִנגערל" 228: „צווישען די געדיבטע וואָלקענם" (אויך האַרקאַוויִ 142 אַזוֹי). [„ס' של ר' אנשיל" ע"א b: „עַב דיקר וולקן" (וואָ?), „עֲבִים דיקי וולקן (שופטים ה ד)", — פּליוּראַל == דעם סיִנגוּלאַר.

וויִצענהויזען: „דיק וולקן הכן"... (שופטים ה' ד'); בליִץ: „כלים דיק וואולקין" (ירמיהו ד' י"ג)]. —

[2]) ג. מאַקמאַן .l.c ז' 7: „האָט גֶעזֶעהֶן וויא זיך דיא וָואלְקֶענֶעס האָבּין גֶערִיקט". —

[3]) „סיפורים מרבנו נסים" (וואַרשע 1892) ז' 32: „איז דֶער היִמֶל שְׁוַוארְץ גִיוָוארִין מִיט וָואלְקְנִיס". —

[4]) איִן אוֹפּאַלע מיִט איִבערלאַנגען שטאַמוואָקאַל.

„דער יוּדיִשער פּאַר-פּסח" 72: „אַריין גֶענוּמֶען נָאך אַ מָאהְל דִיא פֶּעסְלֶעך מִיט דִיא לָאדֶענְס" (אויך האַרקאַוויִ 180 אַזוֹי). —

[5]) ד. ה.: וויִ דער סיִנגוּלאַר! —

[6]) מיִט אוּמלויט פון שטאַמוואָקאַל, נוּר אָהן פלעקסיִע. —

[7]) איִן „שטערענטיִכל" 49: „מיִט עטליִכֶע ליִגיִן באַברעֶמט" (פּלוּראַל== דעם סיִנגוּלאַר!). —

[8]) האַרקאַוויִ 236: „פּאַרקאַן" (סיִנג') — „פּאַרקאַנעס" (פּל'). —

[9]) האַרקאַוויִ 206 אויך אַזוֹי. —

[10]) ג. מאַקמאַן 92: „זִיא זָאלְל גֵיין קִיכִינְס קְנֶעטִין" (האַרקאַוויִ 301 אויך אַזוֹי).

12) אִין קרעמענִיץ, שעדלעץ, ווִישקאָוו, מִישנִיץ, פּולטוּסק, פּילִיוו, ראַדזִין: קִשְׁנָם [1]. — [אִין יעזיערזשע (סוּב. א.): קִשענעס; אִין סוֹכאַטשעוו, וויסקִיט: קִשִׁינִיס; אִין אוֹפּאַלע: קִשענִיס; אִין וויערושוו: קִישִינִיס [2]]. —

13) אִין קרעמענִיץ, שעדלעץ, אוֹפּאַלע: רעיגנָם [3]. — [אִין וואַרשע, פּולטוּסק: רעיגענעס; אִין וויערושוו: ררעיגִנִיס]. —

14) אִין קרעמענִיץ: שאַדנָם [4]. — [אִין גרוֹדזִיסק, אִילוּוו, ווִישעגרוֹד: שאָדענעס [5]; אִין פּולטוּסק, נײַשטעטל (פּעטרִיק. ג.), וויערושוו, שלוס [6]: שאָדִינִיס; אִין אוֹכוֹטע (אוּנטער וואַרשע), גרוֹדזִיסק: „שאָדוֹינִיס [7]);

---

ווִיצענהויזען: „אוּנ איך איין קוכן האב" (מלכים א׳ י״ז י״ב), „מאך מיר כייאירע לוס ערשטין איין קלייגין קוכן דער פון" (י״ז י״ג) [סִינג׳]; — „קנעט דריא מ״ס זעמיל מעל · אוּנ׳ מאך קוכן" (בראשית י״ח ו׳) „אוּנ׳ זיא באקיטן פון דעם טייג · דען זיא האטן ניט גבראכט הויס (מצרים) · אוּנגיזייארטי קוכן" (שמות י״ב ל״ט) [פלגר׳]. —

[1]) האַרקאַווי 304: „קיסען" (סִינג׳) — „סִיסענם" (פּל׳). —

[2]) מִיט קוּרצען שטאַמוואָקאַל. —

[3]) האַרקאַווי 318: „רעגענם". — שלום־עליכם (יוּדִישעס פאָלקס־בלאַט 1887, 220): „צו געהט ביי איין רעגענם...?".

„ס׳ של ר׳ אנשיל" כ״ב ט: „הַגֶּשֶׁם דער רעגן" (בראשית ז יב) — „גִּשְׁמֵיהֶם זיירי רעגן" (תילים קה לב)" [פּל׳ ═══ סִינג׳].

ווִיצענהויזען: „דער רעגין" (בראשית ז׳ י״ב), „ער גאב זירן רעגין האגיל" (תהילים ק״ה לב). —

[4]) אִין אוֹפּאַלע: שאַדנָס [אויך: שאָדנָ (ר. ה. פּל׳ ═══ סִינג׳)]. —

[5]) אִין ווִישעגרוֹד בײדע אוּמבאַטוֹנטע וואָקאַלען זײַער געשלאָסען. —

[6]) אַזוי הייסט דאָס שטעטעל Podzamcze (אִין מויל פון דִי יִידען: Podzoncy) [לובל. ג., גאַרוואָל. א., מאַציעיאָוו. גמ.] בא דִי הִיגע יִידִישע אײַנוווינער. —

[7]) דִי באַטוֹנוּנג (הויכטוֹן — אַף מִיטעלזִילבּע!) באַווײַזט, אַז דִי פאָרם אִיז אַנטשטאַנען אויס פאַלשער אַנאַלאָגִיע נאָכ׳ן העברעִישען הַסְּרוֹנוֹת („לִיכ־רוֹינִים") [ספּ׳־יהואש 94].

אין קולינע: שודיינים [1]). —

15) אין קרעמעניץ, שעדלעץ, אופאלע: שטעקנס [2]) [אין אופאלע: שטעקענים]. —

16) אין קרעמעניץ, אופאלע: שטעירנס [3]) (מענטשיביע).

אָנמערקונג. — אובער (אין ביידע שטעדט): שטעירנ [4]) (אפ'ן

---

[אינטערעסאנט: אזוי ווי דאס העברעישע הויפטווארט: „הֶכְּרוֹן" („מיון" 316), אף יידיש אויסגעשפּרוכען „כיסאָרנ", איז לשון-זכר, געברויכען די פוילישע יידען, אלס פלוראל: „חסרונים" („כיסרוינים")! — אויך בא י. ל. פרץ („דיא יודישע ביבליאָטעק" I 5): „מיר האָבען הֶסְרוֹנִים"]. —

[1]) הארקאווי 320: „שאָדענס" און „שאָדיינעס". —

[2]) עטינגער l. c. 155: „אלע מיט די גרויסע ים-שטעקענס"; „טיראַנישער מלמד" 57: „...א יעלאָגען מיט שטעקענס"... [אין ביידע פאלען דאטיוו (וואס איז אין יידישען פלוראל שטענדיק גלייך דעם נומינאטיוו)]. — הארקאווי 329 אויך אזוי.

גליקל האמל 12: „מאן קענטי מיך שלאגין אונ' קעשטיגין מיט שטעקין אונ' רוטין" [פלוראל אָהן פלעקסיע]. —

[3]) „ווינשפינגערל" 153: „שוויסיג-גלאנצענדיגע שטערענס" [ווינצענהויזען: „אונ' דוא זאלשט איין לייכן אויף דיא שטירן דער מאָן דיא דא זיפלן" (יחזקאל ט' ד'), אלס איבערזעצונג פון: „וְהִתְוִיתָ תָּו עַל מִצְחוֹת הָאֲנָשִׁים הַנֶּאֱנָחִים"; — בליץ זעצט די שטעלע איבער: „אונ' זייא דוא לייכינן איין לייכן אויף דען שטערין דר לייט דיא דא זיפלין"]. —

[4]) שטערנטיכל 22: „אין ביי אתענית טאג שלעפט מען די נאכט-שטערין (אדער ווי אנדערע רופין די בראָמפין שטערין ווייל אז שטערין שטעהן מעג מען אטרינק בראמפין טיהן) ביצייטין ארויס". — „ווינשפינגערל" 52—53: „איציק און בערל, וואס האלטען זיך פאר שטיקלעך שטערענזעהער, הקרנים, טייטען מיט פינגער אויף דעם „אלף-בית" פון די שטערען און האמפערען זיך... עפיס אזוי פיעל שטערען דאָרט"... [ווינצענהויזען זעצט-איבער „ואת הכוכבים" (ב"א ית א' ט"ו): „אונ' דיא שטערן"; בליץ זעצט-איבער „וכוכבים" (יואל ד' ט"ו): „אונ' דיא שטערין" (יואל ב' ו' און ירמיהו ל"א ל"ה: „דיא גשטערין"!)].

הימעל) . —

§ 146 — אַלס זעלטענער אויסנאַם, קומט פאָר, העברעישע סובסטאַנטיווען (אַף -ן) זאָלען בילדען דעם פלוראַל מיט'ן ייִדישען סופיקס -ם.

לינעצקי II: ....„חֲסִידִים נאָך תִּקוּן'ס" (194), „די מִינִים מַחֲלוֹקֶת'ן, אינטריגעס אונ נִצָּחוֹן'ס" (183); — „דער יודישער פאַר-פסח" 45: „ער זאָגט ניט די יְהִי רָצוֹן'ס צווישען תְּקִיעַת שׁוֹפָר". —

§ 147 — פלעקסיע -ם, אויבער בלויז אין גענעטיוו (וועלכער ווערט, אגב צו באַמערקען, אין ייִדישען געברויכט נור זייער זעלטען), באַקומט דער סובסטאַנטיוו-פלוראַל אַף -ן (§ 91)[2]. —

§ 148 — די פּעמינינאַ אויס § 92 און § 94 (פּ' 1) באַקומען די פלוראַל-פלעקסיע -ם אין אַלע ייִדישע מ"מ.

אַנמערקונג 1. — אויס דער ליטעראַטור: ג. מאַקמאַן 63: קֶעכִינְס; — „ר' חיים'ל דער קצין": „פישופמאַכערינס" (ז' 162), „רֶבִּיצִינְס" (ז' 20); — „רחל'ע די זינגערין"[3]: צִגַאנֶערִינְס (ז"ז 9, 11), שְׁטֶערֶנזֶעהֶערִינְס (ז' 12),

---

באַ ג. מאַקמאַן l.c. דאַגעגען: „בִּיז מֶע וֶועט די עֶרְשְׁטֶע שְׁטֶערִינְס אין הימיל זֶעהן!" (ז' 100); „די לְבָנָה האָט גֶעשַׁאנְט. די שְׁטֶערִינְס גֶעלַאכְט" (ז' 102).

האַרקאַווי: 329 ברענגט „שטערן" אין ביידע טייטשען a) forehead, brow; b) star און ווייזט-אָן פאַר ביידע צוויי פלוראַל-פאָרמען: „שטערן" און „שטערנס". —

[1]) די 16 פאָרמען זענען געבראַכט בלויז אַלס ביישפּיל. אויספירליכער וועגען פלוראַל בכלל — אַף אַנ'אַנדער אורט. —

[2]) „ווינשפינגערל" 5: „זיינע עלטערן און די עלטערנס עלטערן"; — לינעצקי: II 163: „פאַר זייערע עלטערענס הַטָּאִים"; — „טיראַנישער מלמד" 55: „אויף די עלטערענ'ס קְבָרִים"; — „פּרנס המתגאה" 57: „דער דורך אַ זהן אַ איידעם זענען געוועזן צוא עלטערינס רייד צַיִת". טיראַנישער מלמד" 55: „אַרום צוא טרעטען אויף מענטשענ'ס קעפּ". —

[3]) ....„איין טהעאטער אין 4 אקטען. בעארבייטעט נאך S. & R. K. פאַן

זינגערנס, טענצערינס (ז' 30); — „ווינשפינגערל": „יודענעס כל-המינים:
זאגערינס, חיינערינס, שפרעכערינס ... פעדערען-פליקערינס" (ז' 4),
„א חזן מעשיות אין שטוב איז נאך מעשיות אין קיך: מיט קעכינס ... מיט מעק-
לערינס" (ז' 14), „לעדיג-געהערינס" (ז' 82); — „דער יודישער פאר-
פסח": קינעגאָרינס (ז' 15); פרינצעסענס (ז' 132), פאר שוועגערינס
(ז' 163), קאָרטין וואַרפערינס (ז' 166); — „דאס ליד פון ראבאניק"[1])
20): קינפעטאָרינס[2]); — „טיראנישער טלמד" 74: „עס פלעגען זיך צוא
איהר צו נאנד קומען אַלע מאטליךענס[3]) פון דיא גאַנצע שטאָט".

---

I. B. F. וויטאמיר בדפוס א. ש. שאדאוו בשנת תרכ"ח לפ"ק" (דערלויבט פון
דער צענזור 3 יולי א. סט. 1868), 8° [דער אויטור: יואל-בעריש פאלקוויטש]. —

[1]) אף דער לינקער זייט פון שער-בלעטעל: „mase Druk und verlag von
A. N. Süs LemBerg 1882". [אובער פארפאסט איז דאָס ווערקעל אין וואַרשע.
ס'איז, קענטיק, אָנגעשריבען פון אײנעם, וואָס הוט אלײן בײגעוווינט דעם פוגרום.
אין דער אויסשפרייכונג שפיגעלט זיך אָפּ די וואַרשעווער פּאָנעטיק; למשל: בראָהן
(„ברוין" = ברוין), גראָהלט („גרוילט" = גרוילט), אַפּאָהר („אפּויר" =
אַ פּויער), ראָהבין („רויבם" = רויבען), שאָהבין („שויבם" = שויבען),
געראָהישען („גרוישן" = גערוישן), פראָאֶגן („פרויען" = פרויען) — ז':
14, 15, 19, 25, 46, 54, א. אַ. וו.]. —

[2]) ז' 29: קינפעטאָרין (סינג'); ז' 13: קינדבעט (אַלס גראם צו אומפּעט);
ז' 4: קימפּעטאָרען (סינג'). —

[3]) „אַזעלכע מאטליךענס גיבט עס פיל אין אַלע קליינע שטעט-
ליך. וואָס זיא פאַר ברענגען די גאַנצע טעג מיט מטלי-רייא און פלאַ-
דערייא" (ז' 76); „אַזוי היא דיא מאטליךענס האָבען מיט זייערע בייזע
מיילער אונזער הגה איהר פרנסה געשטעלט" (דורטען); „נאָר היא מען איז
געוואר געוואָרין פון איהר זין שמעלקע וואס דיא מאטליךענס האָבען
דאס צוא טראָגען אויף דעם גאַנצען שטעטיל"... (דורטען). — „זיא האָט ליב
צו מאטלין און אוים צוא זוכען אויף דעם צווייטען חסרונות" (ז' 74);
„ווען נישט דער מארשעלעק זאל אַריין קומען וואָלטען זיא גיהאט איין
גאַנצע נאַכט צו מאטלין" (ז' 12). — [די ערשטע טייטש פון פויליש-יידישע
ווערב „מאטלען" (אין וואַרשע „מאָמאַלע"): „פירען אַ לייכטען שמועס; אַ סך
רעדען וועגן נישט ערנסטע זאַכען; פלוידערן וועגן נאַרישקייטען"; אין ענגערן זין:
„רעדען פון יענעם; באַרעדען; לשון-הרע רעדען; רכילות-טרייבען". — גומינא;

אויך האַרקאַווי[1]) ווייזט-אָן באַ פעמינינא פון דעם קלאַס פלוראַל מיט פלעקסיע -ס. —

אָנמערקונג 2. — דיאייגענע פלעקסיע אין פלוראַל הובען דידוויקע פעמינינא אין דער אַלטער יידישער שריפטשפּראַך. עטליכע ביישפּילען אויס דעם „ס' של ר' אנשיל" — אויבען ז"ז 111—112; אויס וויצענהויזענס תנ"ך-איבעריעצונג — אויבען ז"ז 113 — 114. —

149 § [אין אומפעקטירטע אדיעקטען]. — 1) אין קרעמעניץ, אַלשומער: נאָוונט[2]); אין אוסטרע: ניוונט[3]), אין סטעפּאַנצי: ניוונט[3]).

ליפשיץ 128: „נאָוועגט"; דרייזין 27: „נאוועגט" און „נאהעגט"; הורוויץ 93: „נאָהינט".

אין ליטע: „נונט"[4]) (הומעל, וואָלקווישקי, לומזע), „נוהענט"[5]) (טשערי-קווו); — אין פּוילען: „נאָאָנט"[6]) (וואַרשע א. א. וו.); — אין וועגגראָוו, ריזשאַן: „נאָנט"[7]); — אין ווישקאָוו: „נאָינט"[8]).

אין „ספר דובר שלום"[9]) 14: „נאָהנט צוא פּורים"; — אין „ס' דרך

---

„מאָטלי" (וואַרשע) — דער, וואָס מאָטעלט; „מאָטלורן" — די, וואָס מאָטעלט; „מאָטלערא"ן. —

[1]) זעי אויבען ז' 105. —

[2]) זעי „וואַטעלבערגער" II 256, 271. — [3]) ibidem 264. — [4]) ibidem 241, 268, 269. — [5]) ibidem 268. — [6]) ibidem 249. — [7]) ibidem 260, 270. — [8]) ibidem 272. —

[9]) נאָך דעמדוויקען טיטעל:

„פון גרוסין היילגען צדיק דער רבי ר' שלום רוקח פון בעלז זצלה"ה זי"ע;

„אויך אַ קונטרס אהל יהושע פון זיין זוהן דער גרוסער היילגער צדיק רבי ר' יהושע רוקח פון בעלז זצלה"ה זי"ע;

„אין דיזען ספר ווערט ערציילט ווינדערליכע זאַכין פון דיזע ביידע צדיקים. אזוי וויא מיר האָבין ארויס גינומען פון היילינע ספרים. אונד מיר האָבען איבער גיזעצט אויף זשאַרגאָן. כדי יעדער מענטש זאָל קענין זעהן דאָס גרויסקייט פון דיא צדיקים זיך ארויס נעמין א מוסר וויא אזוי צו דינען השי"ת:

„פשעמישל יצא לאור בהוצאות בית מסחר הספרים של אמקרויט עט

הישר לעולם הבא" (ווילנע 1874) 202 : „נאהינט ביא אנאנדער"; — גייקל האמל 14 : „נאהנטי פריינד"; — וויצענהויזען : „אוכ' דוא זאלסט נאהנט בייא מיר זיין" (בראשית מ"ה י'); — בלין : „דער טאג איסט אין נאהינט בייא" (ישעיהו י"ג ו'); — „ס' שפ ר' אנשיל" צ"ה b : „קרוב נאהנט (מה י)". —

2) אין דרום-רוסלאנד און אין ליטע: עלנט[1].

מה"ר: ellende[2], אה"ר: eli-lenti[3] (קלוגע 110). — דער ווקאבעל ווערט אויך געברויכט (אה"ד, מה"ד און נה"ד) אלס אבסטראקטער סובסטאנטיוו (נעוטר')[4]. ענליך אין יידיש[5]. — יידיש קען מען הערען „עלנט" אויך אלס קונקרעטע הויפטווארט[6]. —

---

פריינד. שנת תרע"א לפ ק. המאטריצין נעשו אצל ר' נתן נטע קיאנענבערג בבילגורייא", 8°. —

[1]) „עלנט ווי א שטיין" איז אן אלגעמיין-באקאנט יידיש רעדענסארטליך פארגלייכעניש [זעי, למשל: „ווינשפינגערל" 224; „איבער א פינטעלע" 28; — אין ביידע אויסגאבעס: „עלענד". ליפשיץ 139: „עלנד"; הורוויץ 68, דרייזין 17: „עלענד".

אין ווארשע, פיאסעטשנע, אוזורקוו (קאליש. ג., לענטשיצ. א.), לובלין: „עלט" [פלעקטירט: עלטו (עלטע, עלטא) — עלטע]. אין א פריוואטען בריף פון א פרוי אוים כענטשין (קעלצ. ג.): „בין איך געבליבען עלד איינע עלטערע פראוי"...

[2]) אין טייטש: „אומגליקליך, אין דער פרעמד זיך געפינענדיק, פארוואגעלט". —

[3]) „פארטריבען פון פאטערלאנד, אין דער פרעמד זיך געפינענדיק, פרעמד, אייס-לענדיש". — [4]) קלוגע l. c. —

[5]) הארקאווי 225 פארצייכענט „עלענד", אלס אדיעקט און סובסטאנטיוו (נעוטר'). — „איבער א פינטעלע" 34: „געלאזט מיט צוויי קינדער אין עלענד ביז לעטצט".

גליקל האמל ז' 1: „וויא פיל טריפזאל איליגד ווירדרווילין דאז טיר זינדיגי מענשין אין דיזיר פרגענקליכי וועלט האבין" (ה"ו); ז' 18: „בוודאי איזט עש איין גרעשיר צער אן זיין קינדר איליגד צו ועהן"... (ה"ו); ז' 1: „בעולם הזה גאר איליגדליך לעבן" (ב"ו). —

[6]) „ר'איז אן עלנט" (ד. ה. א עלענדער מענטש). — אנאלאגיש, ווי דער אבסטראקטער סובסטאנטיוו „יוגנד" ווערט טונדארטליך געברויכט אין קונקרעטער

3) אַלגעמײַן-ייִדיש: ערנסט (אין אײניקע דרום-רוסלענדישע און אין אַלע פּויליִשע מ"ם — מיט לאַנגען e, ד. ה. מיט -ej, אַלס שטאַמוואָקאַל).

ליִנעצקיִ: II 8: „מיט איין ערענסט-דוזק'דיגער מינע"; — „אהבת ציון" [1]) 5: „ווען דוא מיינסט עם ערינסט" [2]) ...; — ליִפּשיִץ 141: „ערנסט, ערנצט"; הוּרוויִץ 68, האַרקאַווי: 230: „ערנסט"; דרײַזין 670: „ערנצט".

אַנמערקונג. — די פאָרם מיט -צ- קומט-פאָר זײער אָפט אויך אין דרוק-זאַכען, עלטערע און נײַערע. אזוי, למשל: „עץ חיים" (פּאָריצק תק"נ), סימן פּ' (?); — „ס' מעשה צדקה" [3]) די b: „דר עולם דאַווענט זייער ערינלט" [2]); —

---

באַטײַטונג (זעי אויבען ז' 238 אַנמ' 5 אונטער'ן טעקסט). [„איִבער אַפּיִנטעלע" ז' 6: „בעדאַרפסטו דײַן יוגענד (אַבסטראַקט'!) נאָך ברענגען אַ קרבן;" ז' 47: „אויפ'ן קוק אַ יוגענד (קונקרעט'!), און דאָך אַלט און גרוי"]. —

[1]) „אהבת ציון אָדער דיא ליבע פון ציון' איין זעהר אינטערעסאַנטער ראָמאַן פון דעם אַמאַליגען יודישען לעבען אויף זײַער לאַנד אין ירושלים מיט לעבעדיגע פאַרבען פון דעם גרויסען בערימטעסטען ראָמאַניסט ה' מאפו אין דער העברעאישען שפּראַכע. איז יעצט איבער זעצט געוואָרן איינע ריכטיגע אונד פאָלקאָמינע איבער זעצונג אין דיא זשאַרגאָנישע שפּראַכע צו פערגניגען די לעזער. — פון נ"ר אויס דובנא. בהוצאת ה"ח אליעזר טיקאָצינסקי נ"י מביאַליסטאָק אשר קנה הזכות לצמיתות" [דערלויבט פון דער ווילנער צענזור 25 מאַי אַ. סט. 1882; געדרוקט אין וואַרשע באַ נ. שריפטגיסער 1883], 202 ז"ז, $8^0$ (אין רוסישען אָפּשניט פון שער-בלאַט איז אַלס איבערזעצער אָנגעוויזען: ראַבינלעס). —

[2]) אַדוואָרבּיִאַל געברויכט. —

[3]) נאָך דעם טיִטעל לײַנען מיר אַפּ'ן שער-בלעטעל:

„אין דעס ספר ווערט דער ליילט ווי איינר האט אפ גיגיבן די קליידר מיט דס לירונג מיט דעס נדן פון זיין טאכטר לו אפרטמדר כלה:

„אוך ווי איינר איז גיוועזן אמכנים אורח און אגרוסר בעל צדקה און אבעל פדיון שבוים און וויא אזו עס הט זיך גפירט מיט אים ביז זיין לעבין איז גיוועזן:

„און זיין סוף איז זייער גוט גיוועזן ובזכות צדקה וועלין מיר

„ר׳ חיימיל דער קצין״ 60: „ער מיינט עס אין ערינצט״[1], „נוא וועגן איהר מיינט עס ערינצט מיט דעם גאנצין הארצין״; — „ס׳ סיפורי מעשיות״ (ווארשע 1881) 3: „עֶר הָאט אִים עֶרִינְצְט גֶעדִינְט״ (ז׳ 9: „מִיט זַיין עָרְנְצְקִייט״, וכ׳[2]). —

150 § — [אין פלעקטירטע אדיעקטען]. — אין נעווטרום פון די אַדיעקטען אויס די §§ 97, 98 ווערט דער ־ְ-סופיקס געדעקט מיט דער פלעקסיע ־ם:

1) יוען דער אַדיעקטיווישער אַטריבוט שטייט נאָכ׳ן הויפטווארט (מיט

---

לוין גלייזט ווערן: אִיך בְּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ וועט קומן דר גוֹאֵל צֶדֶק אָמֵן סלה:

„ברשיון הצענזור וו א ר ש א״ (אַף פּויליש: „HISTORIE w Warszawie 1843 r. w Dru. D. L. sklower“), קל׳ $8^0$.

די שפּראַך פון דעם ווערקעל גיט-אויס די ד ר ו ם - מ ע ר ב - ר ו ס ל ע נ ד י ש ע אָפּשטאַמונג פון באַארבעטער (די מעשהלעך זענען גענומען פון אַנדערע יידישע קוועלען, ווי ס׳וועט אָנגעוויזן ווערן אַף אַן׳אַנדער אָרט). אזוי, באַגעגענען מיר דורט: ה ו ר ע כ ל י (צ. ב. אַף דף ב׳) [ס׳איז דאָס קליינרוסישע (רוטעניש) orenda (זעי פּ י ס ק ו נ ו ו 170)], ס ט ע ל ק ע (ה׳) [פּיסקונוו 248: stežka (אין פּויליש טראַנסקריפּציע)], וכ׳. —

[1]) „ע ר י נ צ ט״ איז דאָ סובסטאַנטיוו. — „א י ן ע ר י נ צ ט״ — סובסטאַנטיוו-אַדווערב (פּרעפּאָזיציאָנעלישע פאַרבינדונג, — אַנאַלאָגיש, ווי: „א י ן א מ ת ן״ וכ׳). —

[2]) דער -צ- איז עטימאָלאָגיש דעראייגענער, וואָס אין טועלפע מונדאַרטלעכע פאָרמען (קומען-פאָר אויך אין א סך שריפטען), ווי (אין איבעריקען, ליטעראַריש אויסגעלייגט): פ י נ צ ט ע ר (פינסטער), פ ע נ צ ט ע ר (פענסטער), ק ל ע נ צ ט ע ר (קלענסטער), ש ע נ צ ט ע ר (שענסטער), ק ו נ צ ט (קונסט), ק י נ ץ, ק י נ צ ל ע ר (קינסטלער), וו ו נ צ׳ ע, א ו נ ץ (אונז), ג אַ נ ץ (גאַנז), מ ע נ ט ש (מענש), ב ע נ ט ש ן (בענשען), וו י נ ט ש ן (ווינשען), מ אַ נ צ ב ל (מאַנסביל), י ע נ ץ, וכ׳.

מער וועגן דער דערשיינונג — אַף אַן׳אַנדער אָרט. דאָ זול בלויז אין קורצען אָנגעוויזן ווערן ד אָ ס ג ע ו ע ץ: אין אַ סך יידישע מ״ט קען נאָך -נ-, וואָס שטייט אין אויסלויט פון הויכטאָניקער זילב מיט קורצען ווקאַל, נישט קומען קיין דענטאַלער ספּיראַנט; צווישען דעם נאַזאַל און דעם הומאָגענעם ספּיראַנט ווערט אַריינגעשטעלט דענטאַלער עקספּלאָזיוולויט. —

אומבאַשטימטען אַרטיקעל), וועלכעס ער באַשטימט (אַלזו, אַלס אַפּוזיציע).

„ערשטער יוד׳ רעקרוט" 43: „אָן גיטיהן אין אַלאַנגער קאַפּראָווע קיטײַגער יופּהֶ אַף 1 אַרבל, אַבריסטיך אַצים אויף גיקאָרטשיטם [1]) אַציצינס" [2])...—

2) ווען דער נעווטרום ווערט אין דער פראַזע דערהויבען צו סובסטאַנטיוובאַטײַטונג [3]) (פאַרבלײַבענדיק דערבײַ אינגאַנצען באַם אײַגנשאַפטבאַצײַכנענדיקען כאַראַקטער, ד. ה. אינהאַלטליך ניט אָנווערענדיק די אַדיעקטנאַטור).

„אַלט און נייא" (אַרעם 1867) 5: „נאָ גיט מיר נאָך עפּיס זילבערנס" [4]). —

3) ווען דער נעווטרום איז דערהויבען געוואָרען צו דער באַנײַ-

---

[1]) ד. ה. „אַ צונויפגעקאָרטשעטס". —

[2]) אין דעם ציטאַט שטייט דער אַטריבוט אין איין זאַץ מיט'ן הויפּטוואָרט, וועלכעס ער באַשטימט. ער קען, אָבער, שטיין אין אַנ'אַנדער זאַץ.

אַזוי, למשל: „כ'האָב מיר געקויפט אַ ציצן קלייד, וואָרום כ'האָב קיין געלט נישט אַף אַ וואָלנס" [דאָס הויפּטוואָרט („קלייד") — אין הויפּטזאַץ; דער אַטריבוט („וואָלנס") — אין נעבענזאַץ].

אָדער (אַ שמועס):

— „כ'האָב מיר געמאַכט אַ נײַ קליידל".

— „אַ וואָלנס?"

— „ניין, אַ זײַדנס". — [הויפּטוואָרט („קליידל") און אַטריבוטען („וואָלנס", „זײַדנס") — אין באַזונדערע הויפּטזאַצען]. —

[3]) שטייט, געוויינליך, מיט אומבאַשטימטען אַרטיקעל אָדער גאָר אָהן אַרטיקעל. —

[4]) דאָס שפּאַצירטע וואָרט איז דאָ סובסטאַנטיוו — אָן־און־פאַר־זיך באַצייכענט עס, אָבער, נישט מער, ווי די אייגענשאַפט פון עפּעס אַ זאַך, וועלכע איז אונז לגמרי אומבאַקאַנט. ערשט אין צוזאַמענהאַנג מיט'ן גאַנצען טעקסט, פון וועלכען דער זאַץ איז אַרויסגעריסען, נעמט דער וואָקאַבעל אָן קונקרעטען סובסטאַנטיווישען אינהאַלט: אין דער שטעלע איז די רייד פון געלט, — אַלזו, ווערט מיט'ן וואָרט „זילבערנס" געמיינט אַ זילבערנע מטבע. ווען עס זאָל זיך האַנדלען וועגן ציירונג, געשיר, געוועהר וכ׳, וואָלט דאָס דערמאַנטע וואָרט זיך באַצויגען אַף זילבערן ציירונג, געשיר אָדער געוועהר א. אַ. וו. „זילבערנס", אַלס סובסטאַנטיוו, בלייבט דאָ, אַלזו, סינטאַקסיש דורך בלויז אַדיעקטיווישער אַטריבוט.—

טונג פון אַ קאַטעגאָרישען סובסטאַנטיווי) (איך אינהאַלטליך אָנגעווירען די אַדיעקטנאַטור).

אין קרעמעניץ, למשל: גענדזנס, קעלבערנס, וואָלנס זאַדנס[2].

אַלגעמיין-יידיש: אייגנס[3]. [„אלט און נייא" 6: „איך וואָלט מיר געווינשען מיין אייגענס האָבין זיינע כלים"; — „סערקעלע"[4] 22: „הײַנטיגע אויב ער האָט געלד פרעגט איר. האַלוואיא[5] אויף אַלע יודישע קינדער גיזאָגט מיין אייגענס זאָל איך עס האָבין"]. —

§ 151 — [אין געניטיוופלעקסיע פון אַדיעקט]. — ווען דער אַדיעקטיווישער

---

[1]) ווערט דאַן געברויכט אודער מיט'ן באַשטימטען אַרטיקעל, אודער אָהן אַרטיקעל. —

[2]) האַרקאַווי 108: „גענזענס" (goose-meat); 152: „ווידענס" (silk-goods).

ס'זענען, ווי מיר זעען, שטופנעמען, — דערביי סעקונדערישע, אויפצוואָגען (כסבסטאַנטיווירט זענען דאָ שטופבאַצייכנענדיקע אַדיעקטען, וואָס שטאַמען אַליין פון שטופנעמען).

סינאָנימיש זענען די קאָמפּאָזיטאַ:

גענדזנפלייש (קרעמעניץ); — ליפשיץ 71: „גענזן-פלייש";

קאַלפספלייש (האָרשע); — האַרקאַווי 294: „קאלב-פלייש".

וואָלצאַג (קרעמעניץ); — ליפשיץ 88, האַרקאַווי 142: „וואָל-צייג";

זאַדנצאַג (קרעמעניץ); — ליפשיץ 95: „זיידענצייג". —

[3]) ליפשיץ 8; הורוויץ 20; האַרקאַווי 51, דרייזין 694: „אייגענס" (n). —

[4]) „סערקעלע אָדער דיא פאַלשע יאַהרצייט — קאָמעדיא אין פינף אַקטען געשעהן אין לעמבערג. ווארשע תרל"ו [1875 (דערלויבט פון דער ווילנער צענזור 27 סעפּטעמבער אַ. סט.)]. אין רוסישען טייל פון שער-בלאַט: „נייער אויסגאַבּ פון יוהאַניסבורגער אויסגאַבּ 1861". — דער מחבר נישט אָנגעוויזען (ס'איז ד"ר שלמה עטינגערס ווערק). —

[5]) אין דעם ביבעל זענען אייניקע, אין יידישען איינגעבירגערטע, העברעישע ווערטער אויסגעלייגט, ווי יידיש. למשל: מנוויל (6), מיילא (8), שלימעזאַלניצע (14), שידעך (20), אַוואַדע (21), מעציע (25), קאַפצין (28), מהותענעטע (33), ציילם (33), פאַנעבעריעטע (33), האָזע (41), הידישין (44) א. אַ. וו. —

אַטריבוּט שטייט נאָכ׳ן [1]) סוּבסטאַנטיווגעניטיוו (מאַסקוּלינ אודער געיוּטרי), וועלכען ער באַלייט, איז זיין פלעקסיע ‑נם [2]).

אַף דעם פרעג: „וועימיס פעיאַט אי׳ דאָס?“ — קענט איר הערען אין קרעמעניץ: „משה דים גרויסנס“, „יאַנקל דים רויטנס“, „בעירל דים שוואַרצנס“. —

§ 152 — ‑נם איז אויך די געניטיווּפלעקסיע פון סוּבסטאַנטיווירטען אַדיעקט מאַסקוּלינ [3]). ער קען פאָרקוּמען:

א) אַלס אוּפּענער געניטיוואַטריבוּט [4]) (ד. ה. שטייט אין איין זאַץ מיט׳ן הויפטוואָרט, וועלכעס ער באַשטימט). — צ. ב.: „ס׳ אי מאַאַן אַלטנס [5]) פעלץ“ (וואַרשע).

„דאָס ווינשפינגערל“ [6]): „רֶבּ שְׁמֶעלְקֶע, זִכְרוֹנוֹ לִבְרָכָה, אַ גוּטֶער, אַ פְּרוּמֶער, מִיט דֶעם פִּינְטֶעלֶע יוּד, פוּן דֶעם אַלְטֶענְס [7]) חֲסִידִים“...; — ליניעצקי II 90: „אַלֶּע בְּגָדִים דֶעם אַלְטֶענְס“ [7])...

ליניעצקי II 71: „וֶועסְטִי הֶארֶען דֶעם אֵייבֶּערְשְׁטֶענְס [8]) נִסִּים“; — „איבער אַ פינטעלע“ [9]) 24: „כְּ׳הָאבּ זֶעהֶער אֱמוּנָה אִין אֵייבֶּערְשְׁטֶענְס גְבוּרוֹת“.

---

[1]) פאַרגלייך מיט § 99. —

[2]) נאַטירליך, נור נאָך די קונסונאַנטען, וואָס אין § 90 אָנגעוויזען. —

[3]) טעורעטיש גענומען, קען אויך זיין נעווטרי. — [4]) זעי Lyon 10. —

[5]) „דאַר אַלטו“ ווערט גערופען אין וואַרשע: a) באַוויבטער מענטש; b) בעל־הבית פון געשעפט. —

[6]) „די יוּדִישֶׁע פָאלְקְס־בִּיבְּלִיאָטֶהעק. אַ בּוּךְ פִיר לִיטֶעראַטוּר, קְרִיטִיק אוּנ וִויסֶענְשַׁאפְט. הֶערוֹיסְגֶעגֶעבֶּען פוּן שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם. ערשטעס בּוּך. קיעוו. תרמ״ח (1888), ז׳ 34. —

[7]) ד. ה. פון דעם רבּין. —

[8]) ד. ה. גוטס. — ליפשיץ 8; — הארקאַווי 17: „אויבערסטער“, הורוויץ 17: „אויבערשטער“. „בחינת עולם“ (יוזעפאָוו 1845) 112: דֶער אֵייבִּירְשְׁטִיר. —

[9]) „אִיבֶּער אַ פִּינְטֶעלֶע דִיא בֶּערִיהְמְטֶע הֶעבְּרֶעאִישֶׁע פָּאעֶמַא „קוֹצוֹ שֶׁל יוּד“ פָאן דֶעם גְרוֹיסְסֶען דִיכְטֶער ר׳ יְהוּדָה לֵיבּ גָארְדָאן ז״ל. (אַלְס

ב) אַלס פאַרבאָרגענער געניטיוואַטריבוט (ר. ה. שטייט אין אַנ־ אַנדער זאַץ, ווי דאָס הויפּטוואָרט, וועלכעס ער באַשטימט) [1]. —

§ 153 -- [אין גרונטצאָל]. — אין ליטעראַרישער אויסשפּראַך: טויזנט [2]. —

§ 154 — [אין פלעקסיע פון גרונטצאָל]. — ביידע [3]) האָט אין געניטיוו די פלעקסיע -נס.

לינעצקי II 140: „2 ווייבער מיט אַמאָל וואָלען זיך צו טשעפּען צו מעכציען, אַז ער איז זייערע ביידענס מאַן“; — „מעשה שאול“ (ווילנא. מיר 1876) I 11: „וועט צוא אונזערע ביידינס סוף“. —

---

לעבענדיגעס בילד פון דעם ידישען פראָוויִנץ־לעבען אין גאַנץ פּוילען ביז די 70־גער יאָהרען אונד אין דער ליטא פּאַססט עד היום). איינע פרייע, דאָך טרייע איבערזעטצונג אין ריין געדיעגענען זשאַרגאָן, נאָך דיא שטרענגבטע געזעטצע דער פּאָעזיע אונד דיכטקונסט, פאָן יצחק יואל לינעצקי. אדעססא תרס״ד (ערלויבט פון דער אדעסער צענזור 10 מערץ א. סט. 1904; אַרויס־ געגעבן פון דער בוכדרוקעריי הילפערין און שווייצער און אין איר געדרוקט), 8°, 48 ז״ז. — [שוין ציטירט אויבען ז״ז

[1]) אַ שמועס אין וואַרשעווער מונדאַרט:

— ס'איז דאָס אַלטנס הוס?”
— ניין, זאַ זינס”.
— דים עלטסטנס?”
— דים יינגורנס”.

„דעם עלטסטנס”, „דעם יונגערנס” זענען דאָ סובסטאַנטיווירונגען, = „דעם עלטסטן זונס”, „דעם יונגערן זונס”. ביידע באַשטימען ווי דאָס הויפּטוואָרט „הויז”, אָבער שטייען ניט אין איין זאַץ מיט אים, נור אין צוויי באַזונדערע הויפּט־ זאַצן. —

[2]) מונדאַרטליך איז דער שטאַמוואָקאַל פאַרשידן. —

[3]) אין ליטעראַרישער טראַנסקריפּציע (איין פורם פאַר אַלע געשלעכטן). ליפשיץ 58; הורוויץ 28; הארקאַווי 82 (האַלט עס פאַר אַדיעקט); דרייזין 297. — אין קרעמעניץ: „ביידי”; אין וואַרשע: „ביידע”, וכו׳. — [טה״ר, מה״ד: beide, bêde (קלוגע 44)]. —

§ 155 — [ אין פלעקסיע פון אורדנונגסצאָלען ].—-נס איז די פלעקסיע פון די נומעראַליאַ אורדינאַליאַ, ווען זיי שטייען: א) נאָכ'ן סובסטאַנטיוועניטיוו (מאַסק' אודער נעווטרי), וועלכען זיי באַלייטען, אודער ב) סובסטאַנטיוויש (מיט'ן באשטימטען אודער אומבאשטימטען אַרטיקעל).

א) אין קרעמעניץ: „דים עיאַשטנס, צווייטנס, דריטנס, פערדנס, פיפטנס, זעקסטנס, זיביטנס, אַכטנס, נאַנטנס, צענטנס, עליפטנס, צוועליפטנס, ......, נאַנציטנס, צוואָנציקסטנס, אייניצוואָנציקסטנס, צוויינצוואָנציקסטנס, ......., דראַסיקסטנס, ..., פערציקסטנס, ......, נאַנציקסטנס, אינדאַסטנס, צווייינדאַטסטנס, ......, טויזנטסטנס". — [1])

ב) „ס' אי' שוין נישט דים עיאַשטנס אימגליק" (קרעמעניץ). —

§ 156 — [ אין פלעקסיע פון פראָנומינאַ ].—פלעקסיע -נס הובען אין געניטיוו פראָנומינאַ אַדיעקטיוואַ אויס דעם § 104, ווען זיי שטייען: א) נאָכ'ן הויפטוואָרט, וועלכעס זיי באַשטימען (אלזו, אלס אַפּוזיציע), אודער ב) סובסטאַנטיוויש [2]). —

§ 157 — [ אין ווערבען ]. —1) -נ- זעיען מיר אין דער ענדונג: א) פון צווייטער און דריטער פערזאָן סינגולאַריס און צווייטער פלוראַליס פרעזענטיס; ב) אין צווייטער פערזאָן פלוראַליס אימפעראַטיווי; ג) אין פאַרטיציפ פרעטעריטי—פון די ווערבען מיט נ-סופיקס אויס § 108.

אין קרעמעניץ, למשל: „די? גיזעיגנסט (זאַך), דאַוונסט", א. אַ. וו.;— „אַ' [3]) גיזעיגנט (זאַך), דאַוונט", וכ'; — „אַ?אַ גיזעיגנט (זאַך), דאַוונט", א. אַ. וו.; — „גיזעיגנט (זאַך)! דאַוונט!"; — „גיזעיגנט, גידאַוונט", וכ'. [4]) —

---

[1]) „קאַרל דים צוועליפטנס מלחמות" „אַלעקסאַנדראַ דים דריטנס גזרות".—

[2]) „אַלט און נייא" 44: „איהר זענט עפּיס חלילה עמיצענס משרת?";— „מגילה ישרה פון מפלת המן" (קראָקע 1884) 17: „גישענקט פין יעדיךענס וועגן אַשייני נְדָבָה"; — „טירטנישער מלמד" 35: „פאַר יעדערענס חתונה טראַגט יעדער מענטש גוטע האָפנונג"; — „איבער אפיגעלע" 31: „נאָך איטליכענס מיננע, זיין הולך, זיין טאָהן שליעסט ער איבער זיין פּאַך". —

[3]) ער. —

[4]) „בחינת עולם" (יוזעפּוו 1843) 63: „האָבין מיך דער צערינט";

2) מונדאַרטליך קומט דער סופיקס פור אויך אין אַנדערע ווער־בען (ס'איז די פורמען אין דער שריפטשפּראַך צו באַגעגענען נור אַלס אויסנאַם). צ. ב.:

a) אין וואַרשע: „כ'בין, די ביסט א. א. וו. געשאָאָדנט"[1].

b) אין וואַרשע: „גילאָאָדנט, פאַלאָאָדנט"[2]) [ענליך אין נײַ־שטעטל (פעטריק. ג.), טומאַשוּת (ראוו. א.), ווישענראָד א. א. וו.].

c) אין אופּאַלע: „אוּוסגיוולרנט"[3].

---

„פרנס המתגאה" (וואַרשע 1888) 39: „קיין בריה נישט דער צערינט";— „טיראַנישער מלמד" 28: „זיא איז גיך פאַר וואלקענט געוואָרען".—

[1]) ד. ה. „געהיזקט". — אינפ': שאָאָדענע (ד. ה. „שאָדענען") — פון נומען „שאָדן". —

[2]) „כ'לאָאָדן גיטופּליִס", „כ'ו פאַלאָאָדנט קורן". אינפ': „לאָאָדע־נע", ד. ה. „לאָדענען" [„אָנלייגן משא" (אפ'ן וואָגן, אין וואַגון)]. — אין קרעמעניץ ווערט דער ווערב געברויכט אָהן דעם נ־סופיקס; אינפ': „לאָדן" (ליפשיץ 111; דרייזין 93). נה"ד: laden (אין טייטש: „mit Tragbarem beschweren“), מה"ד: laden, אה"ד: ladan (קלוגע 271).

אין וואַרשע הוב איך אויך געהערט: „לאַאַדענע", אין טייטש: „פאַרבעיטן". אין קרעמעניץ: לאָדן [מיט ספּעציפישער באַטייטונג: „פאַרקלאָגען צום געריכט". ס'זאָגט דורט: „לאָד מאך צים רב!"; „זיי לאָדן זאך" (פּראָצעסירען זיך); ה"וו: „לאָדעניש" (פּראָצעס; דאָס פּראָצעסירען זיך); — ליפשיץ 111: „לאָד'ן" (ער האָט עס פאַר אַ לשון־קודש וואָרט: לָדִין!), הורוויץ 56: „לאָרען" („הקריב למשפט, הגיש לדין"), דרייזין 723: „לאָדין"]. נה"ד: laden (אין טייטש: „Wohin berufen“), מה"ד: laden, אה"ד: ladôn [דער ווערב איז עטימאָלאָגיש — אַן אַנדערער, ווי „לאָדן" אין טייטש „אָנלייגן משא" (זעי קלוגע 271); דערי־בער איז נישט ריכטיק, ווען הארקאַווי 180 ברענגט „לאָדען" (מיט a — פאַר־דייטשמעריִשט!) אַלס איין ווערב מיט ביידע מיינונגען]. —

[3]) אינפ': אוּוסוולרענע (ד. ה. „ווירענען").

אין קרעמעניץ: ווּלרין (ליפשיץ 91: „ווּלרען" grailitj"), — מיט קונכו־נטניצען אויסלויט נ, ווײַל דער ווערב איז ארויסגעפירט פון ה"וו וולרי (ליפשיץ l. c.: „וולרע linjejka"). — די פּאַראַדיגמע פון פּרעזענס: „עך וולרי, די וול־ריסט, עיאַ וולריט, אינץ וולרימאַ, אַלאַ וולריט, זעי וולרין"; פּאַרט' פּרעט': „גיוולריט".

הורוויץ 46, הארקאַווי 146 — ווי בא ליפשיצן. — דרייזין 226: „וירע,